אַלפרעדאָ וואַרעלאַ

# דער פינצטערער שטראָם

אויטאָריזירטע איבערזעצונג
פון
פ. קאַץ




1953

* *
*

דער מענסו, דער לוין־אַרבעטער פון צאָפּן־אַרגענטינע, פּאַראַגוויי און דאָרעם־בראַזיל, איז שוין ניט קיין נייער פּאַרשוין אין דער אַרגענטינישער ליטעראַטור. האָראַסיאָ קיראָגאַ, אַליין אַן אורוגווייער, אָבער טעמאַטיש אַן איינגעגלידערטער אין דער אַרגענטינישער שרייבער־מישפּאָכע, ווייזט אונדז דעם מענסו ווי אַן אָרגאַנישן טייל פון דעם אַרגענטינישן און בראַזיליענישן „דזשאַנגל" אויף ביידע זייטן פּאַראַנאַ, אין וועלכן עס דרינגט אַריין דער „מענטש", דאָס הייסט, דער באַוואָפנטער מיט קולטור און וויסנשאַפט, און נוצט זיך דערביי מיט דעם מענסו, ווי מיט אַן אַרבעטס־געווער. אין „רוּאַ אָסקוראַ", וואָס טראָגט אין דער יידישער איבערזעצונג דעם טיטל „דער פינצטערער שטראָם", ווייזט אונדז אַלפרעדאָ וואַרעלאַ דעם מענסו ווי אַ מענטשן. וואָס טראָגט אין זיך זיין איינגעבוירענעם מענטשלעכן באַוווסטזיין און דערגייט צו זיין געזעלשאַפטלעכן און היסטאָרישן באַוווסטזיין אַלס עמעסער ציוויליזאַטאָר פון דעם קאַנט, וואָס מען רופט אַן אייבערשטער פּאַראַנאַ. אַ דאַנק זיין פּראָפעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע, ווערט ער פון אַ רעבעל, פון אַן אינסטינקטיוון מוירעד, דער טרעגער פון דאָרטיקן אינדוסטריעלן פּאָרשריט און דער אָנזאָגער פון דעם נייעם לעבן, וואָס די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט זעט פאַר זיך אָנקומען.

דער „פינצטערער שטראָם", דאָס איז דער וועג פון דער פינצטערער עקספּלואַטאַציע, וואָס די זשערבע־אינדוסטריע האָט דורכגעמאַכט זינט איר אויפקום אין דער צייט פון דער שפּאַנישער דעראָבערונג, דערנאָך אונטער דערווירטשאַפט פון די יעזויִטישע מיסיעס, שפּעטער אונטער דער רויב־ווירטשאַפט פון אונטערנעמער — פּיראַטן און געוויסנלאָזע עקספּלואַטאַטאָרס פונעם מענסו און דעגראַדירער פון זיין מישפּאָכע. דאָס איז אַ וועג אַ פינצטערער און אַ ביטערער, ביטער ווי דער טאַם פון דער זשערבע, וואָס „אַזוי פיל מענטשן טרינקען זי און וויסן ניט

פּאַרוואָס זי איז אַזוי ביטער". דורך די העלדן פון דעם ראָמאַן: ראָמאַן מאַריירא, זײַן פרײַנט סעלעדאָניאָ פּרוטאָס און אַנדערע, ווײַזט וואַרעלאַ אָז דעם ליכטיקן וועג פאַר דער געגנט און איר אַרבעטער.

מיט „ריאָ אָסקוראָ" האָט די אַרגענטינישע ליטעראַטור צוגעקראָגן אַ נײַ קרעפטיק ווערק און מיט אַלפרעדאָ וואַרעלאַ אַ נײַעם קרעפטיקן טאַלאַנט. נײַ איז דאָס ווערק מיט זײַן קאָנצעפּט און קרעפטיק מיט דעם אויפן אַרויסברענגען דאָס לעבן. נײַ און קרעפטיק איז דער שרײַבער מיט זײַן סטיל ווי מיט דעם אַרויסברענגען זײַן גרונט־אידעע. מיט „ריאָ אָסקוראָ" האָט וואַרעלאַ זיך אַוועקגעשטעלט אין דער לאַטײַן־אַמע־ריקאַנישער ליטעראַטור אַף איין ברעט מיט כאָרכע אַמאַדאָ פון בראַזיל, מיט כאָרכע איקאַסאָ פון עקוואַדאָר און ראָמולאָ גאַליעגאָס פון ווענע־סועלאַ. דער קובאַנער פּובליציסט און ליטעראַטור־קריטיקער כואַן מאַרי־נעלאָ זאָגט וועגן דעם בוך, אַז „דאָס איז אַ גרויסער הומאַנער צושטײַער אַרויסגעבראַכט מיט זייער לעאַלע קינסטלערישע מיטלען" ... „רעאַליזם פון עכטער פּראָבע ...".

ס'איז קוים נייטיק צוצוגעבן, אַז די פּאָר נאַטוראַליסטישע שטריכן אין דעם בוך מינערן ניט בעשום אויפן זײַן רעאַליסטישן כאַראַקטער, זיי זײַנען נאָר אַן אויסדרוק פון דעם שרײַבערס שאַרף אויג און קאָמ־באַטיוון אימפּעט.

דאָס בוך איז ביז איצט שוין דערשינען אין רוסישער, פּוילישער, טשעכישער, סלאָווענישער, בולגאַרישער, רומענישער, פראַנצויזישער, דײַטשישער, אונגאַרישער און איטאַליענישער איבערזעצונג. אין ייִדיש האָט דאָס בוך איבערגעזעצט פיניע קאַץ פון דער פערטער אַרגענטינישער אויפלאַגע.

באַם זעצן דאָס בוך איז רעספּעקטירט געוואָרן די אייגנאַרטיקייט פון דער שפּאַנישער אויסגאַבע אין פראַט פון די פאַרשיידנאַרטיקע שריפטן און דער נומעראַציע פון די קאַפּיטלען. זאָל דעריבער דער לייע־נער ניט אָננעמען פאַר אַ טאָעס דאָס וואָס דאָס בוך הייבט זיך אָן מיט אַ נומער 2, בעיים דער 1 און 3 גייען צום סאָף.

פאַרלאַג „איקוף"

# 2

די קניִען זײַנען באַ אים ווי צוויי גליאיקע צוועקעס אײַנגעשטאָכענע אין דער גליטשיקער ברעט. טרעפט די פיס פילן ניט דעם באָדיר, טרעפט די הענט, קוים זיי פילן שוין, לאָזן נאָך דעם קלעם, וואָס טיילט אָפּ דעם מענטשן פונעם טויט. גאָר די קניִען בלײַבן אַף זייער אָרט, ווי באַנקעט אָנגעטשעפּעטע, ניט געקוקט אַף די ווונדן וואָס האָבן זיך געמאַכט דאָרט ווו פריִער איז געווען האַרטע ווידערשטאַנדיקע הויט.

וואָס ווייניקער מעגלעכקייטן זיך צו ראַטעווען עס האָט דער מענטש, אַלץ מער פאַרלאָזט אים דער מענטשלעכער באַוווּסטזײַן. אָנשטאָט דעם קומט אויף אַלץ זיכערער, אַלץ טרעפלעכער, אַלץ וואָרער און לעבנסקרעפטיקער דער אינסטינקט. דער אינסטינקט ווייס ניט פון דעם מענטשנס נאַרישער מוירע, פרעמד זײַנען אים ספּייקעס און אַנגסטן. ער איז איינס מיט דער נאַטור, מיט דעם לעבן. ער ווענדט זיך צו די רעזערוון, ער שמעקט אָן און באַנוצט זיך מיט אַלע מיטלען וואָס פירן צו רעטונג. אַזוי אַרום באַקומט אַרויס דער מענטש נײַע קויכעס פון אומבאַקאַנטע לאַגערן, קויכעס וואָס ער האָט איך זיך פריִער אַפילע ניט כוישעד געווען. פון זײַנע פינגער ווערן אַזוי אַרום שטאָלענע האָקן און זײַנע פיס קלאַמערן זיך אַלץ געשיקטער אָן די טשערעטן און די קניִען לאָזן בעשום אויפן ניט אָפּ אָט דעם איינציקן שטיק אָנהאַלט, דעם ווײַטן זייכער פון יאַבאָשע אינמיטן דעם בלעזלדיקן וואַסער. אַ פּאָר שפּאַן פון מעשוגאַס, אַ הונגעריקער, אַ דערשעפּטער, קערט ער זיך שנעל אום צום כײַעשן צושטאַנד, וואָס קען אים ראַטעווען. דעריבער טאַקע דערמאָנט ער זיך אָן דער פאַרצײַטיקער פּאָזיציע פון זײַן כאַיעשן מין, דעריבער טאַקע שטעלט ער זיך אַף אַלע פיר און וואַרפט אַוועק די אומזיכערע קוימעמיִעסדיקייט פון דעם ציוויליזירטן מענטשן. פון צײַט צו צײַט פאַלט דער מענטש אַרײַן

אין אומאַכט. דער אַנמאַכט געדויערט אָבער טײלמאָל ניט מער ווי עט־
לעכע סעקונדן. טײלמאָל זײַנען עס לאַנגע סעקונדן בלענדיקער קאַשמאַר.
מיטאַמאָל צעטרייסלט אים אַ נאַסער פּאַטש און ניכטערט אים אויס, קערט
אים ווידער אום צום לעבן מיט אַלע זײַנע לאַסטן, ביז ער פֿאַלט ווידער
אַרײַן אין אַ שלאָף. אין יעדן מאָמענט אָבער שטייט דער אומפֿאַרמאַטער־
לעכער אינסטינקט אָף דער וואַך. סאַפּקאָלסאָף גיט זיך דער מענטש אונ־
טער, ער פֿאַרלירט יעדן באַריר מיט דער איצטיקער פֿון זינען, אַראָפּפֿירנ־
דיקער וואָר און פֿאַרקלײַבט זיך אין ווײַטע פֿאַרגאַנגענע ספֿערן, צו אַזוינס
וואָס האָט אַמאָל געהאַט וואָג און קויעך אין זײַן לעבן, ווען דאָס איז ניט
געהאַנגען אָף דעם בּראָט פֿון אַ צעיושעטן טײַך. עס טרעפֿט אַזוינס. ווען
דער מענטש האַלט באַם שיידן זיך מיט דעם לעבן, ווערט ער שפּירעוודיק
נאָר פֿאַר זײַנע אַמאָליקע איבערלעבונגען. דער איצט ווערט אַלץ קלענער,
צעשווימט זיך, פֿאַרשווינדט. אָף זײַן אָרט באַווײַזט זיך אַ בריק. די פֿאַר־
אייניקט דאָס געוועזענע מיט דעם קומענדיקן, עפּשער גאָר מיט דעם טויט.

ראַזעווע, שטאַרק ראַזעווע איז איר קלייד געווען, לאַנג קימאַט ביז
די פּיאַטעס, דערפֿאַר אָבער גענוג אָפֿן אינעם אויסשניט. געקענט האָט
מען פֿון דאָרט זען, אַביסל איבערגעבויגן ווי איבער אַ ברונעם ווען מען
וויל זען צי איז אין אים פֿאַראַן וואַסער, צוויי בריסטן. אָף יעדער פֿון זיי
אַ גרין אַדערל איבערגעצויגן. דער וואָרצל האָט שוין געהערט צו דער
פֿאַרבאַרגענער זאַנע. דערפֿאַר אָבער האָט ער כוצפּעדיק אַרויסגעשטאַרצט
פֿונעם קלייד, באַזונדערס ווען דאָס איז נאַס געוואָרן בעיסן וואַשן באַם
טײַך. ער האָט זיך אַ סאַך מאָל איבערגעבויגן. זײַנע הענט האָבן אויך
אָפּט געגלעט אַט דאָס שטאַרצנדיקע בערגעלע דורכן סיצענעם קלייד. זי
פֿלעגט דעמאָלט אַראָפּלאָזן אירע לאַנגע וויִעס און באַהאַלטן אירע קאַש־
טאַן־ברוינע אויגן. נאָר באַלד פֿלעגט זי זיי ווידער אויפֿהייבן און אים
שיקן אַ שעלמישן און צוזאָגנדיקן בליק. טײלמאָל פֿלעגט זי רוישיק אַנט־
לויפֿן. אָבער ניט אָף לאַנג. וואָרעם זי פֿלעגט זיך לאָזן באַלד כאַפּן. דער־
נאָך פֿלעגן זיי זיך אַוועקלייגן אינעם שאָטן פֿון די קורופּיקאַ־ביימער. ער
האָט געוווּסט פֿון אַ סאַך שטילע ערטער באַם קאָריענטעסער ברעג, פֿלע־
צער, וווּ דער טײַך פֿליסט פּאַמעלעכדיק און פֿרעסט די ערד, זײַן אייביקן
סוינע, פּאַטשט זי און נעמט אַוועק דעם באָדן באַ די צעצווײַגטע ביימער,
וואָס וואַקסן באַם וואַסער. די ביימער ראַנגלען זיך, קלאַמערן זיך אָן יעדן
ברעקל שוואַרצן הומוס, אָן יעדן שטיקל בלאָטע און שטרויעלע, אָנעם

שטויביקן איבערבעט פון טרוקענע צווײַגלעך, פון בלעטער און מיסט. נאָר עס העלפט ניט, דאָס וואַסער רינגלט זיי אַרום און נעמט בײַ זיי צו זייער שוץ. קומט אַ טאָג פאַלן זיי קימאַט רווישלאָז, מאַכמעס זיי האָבן זיך שוין גענוג אָנגעיאָמערט אויף זייער לעבן. זיי פאַלן אויף דעם אָרט ווו זיי זײַנען געבוירן געוואָרן, דאָך גליקלעכער פון יענע וואָס פאַלן אונטער דער שאַרף פון אַ האַק. זיי שלעפט מען באַלד ניט אַוועק. אַ צײַט לאַנג וואַלגערן זיי זיך דאָרט אינאיינעם מיט אַנדערע כאַווײרים, געפאַלענע ווי זיי. טרעפט זיי פאַראייניקן זיך, פון זיך אַליין, אין ניט גלײַכע פליטן און לאָזן זיך אויף אַ לאַנגער נעסיִע אַראָפּ וואַסער. נאָר קימאַט שטענדיק שלעפן זיי זיך אַרום אויף איין און דעם זעלבן אָרט, שווימען נאָענט בײַם ברעג, פאַרפּלאָנטערן זיך בײַ דער מינדסטער שטערונג וואָס זיי טרעפן אָן, צעקרומטע, אַרומגעפליקטע מייסים, ווי אַ קלאָרער באַווײַז דערפון ווי מוירעדיק מעכטיק דאָס וואַסער איז. אַהין, צו די וואַסער־בייסוילעמס פון די ביימער, פלעגט ער זי פירן. דאָרט, אויף די טרוקענע בלעטער, אין די שטילע פאַרנאַכטן, צווישן דעם פאַרטויבנדיקן גערויש פון די טויזנטער פייגל, וואָס פלעגן דוכט זיך זינגען פאַר זיי, פלעגן זיי פאַרבלײַבן ביז שפּעט. דאָס מויל בײַ איר איז געווען אַביסל גרויס — איצט געדענקט ער עס זייער קלאָר. קלאַדאַמירא איז איר נאָמען געווען, נאָר גערופן האָט מען זי היימיש „קלאַדאַ" — דאָס מויל אַביסל גרויס, יאָ, ווי אירע שטענדיק באָרוועסע פיס, ווען זי פלעגט גיין איבער דער שטעטלשער שטיינערנער גאַס, ווען זי פלעגט אַריבערגיין דעם וועג, די דערנערדיקע שטעגלעך אין וואַלד; די פיס שטענדיק באָרוועסע, טונקעלע, ווי די בלאָטע וואָס זי האָט געטראָטן. ער האָט זי געהאַט יעדן מאָל ווען ער האָט געוואָלט, יעדן מאָל ווען ער האָט זי באַגערט, יעדן מאָל ווען...

...טראַך !... דאָס האָט אים דאָס וואַסער אַ פּאַטש געטאָן און האָט אים אָפּגעגאָסן מיט עקלדיקער קאַלטער פליסיקייט, האָט אים פאַרגאָסן די נאָז און דעם האַלדז, ביז די געדערים, די ריפּן, די ברוסט, די פּאַכוועס.

...טראַך !... — ווידעראַמאָל און באַלד נאָכאַמאָל. דער מענטש פאַלט אויף אַ זײַט און איין האַנט בלויז קלאַמערט זיך אינעם עק פליט. אינסטינקטיוו טוט ער זיך אַ וואָרף אין דער לענג, מיט דעם רוקן אַרויף, און עס געלינגט אים ווידער זיך באַקוועם צו מאַכן. אָן אויסגעצויגענער גלײַך מיט די טשערעטן, איז ער נאָך איינער אַ טשערעט, אַזאַ שוואַכער

און ווערטלאָזער ווי זיי. די הענט בלויז, צו די עקן טשערעט צוגעשרויפט,
היטן איין דאָס איינציקע שטיקל לעבן, וואָס האַלט זיך נאָך אינעם מענטש.
אַלדאָס איבעריקע איז פֿאַרבאָרגן אין געוועזענעם אָדער אין קומענדיקן,
דאָס מיינט, אינעם טויט.

געווען איז זי ווי די פּרוכטן וואָס ער פֿלעגט גאַנווענען ווען נאָר
ער האָט געקענט. געווען איז זי ווי די יונגע גערויטלטע מאַראַנצן וואָס
ער האָט ליב געהאַט עסן טוצנווייז. אָפּרייסן פֿלעגט ער זי, נאַשעריש גע־
ניסן עטלעכע מאָל דורך דער וואָך. פֿאַרקערט, פֿלעגן אַ סאַך טעג דורכגיין
וואָס ער האָט זי ניט געזען. וואָס איז דאָ צו ריידן! ער האָט זי שטענדיק
געהאַט צו דער האַנט. דאָס געשלעכטיקע האָט אים קעסיידער, גוירלדיק,
געפֿירט צו דעם מיידל. נאָר זיינע געדאַנקען זיינען געגאַנגען ווייטער ווי
צו קלאַדאַ, זיי האָבן אים געפֿירט צו די גוטבאַזיצערישע הייף, צו די וועל־
דער אין טשאַקאָ, זיי האָבן אים אַרויפֿגעפֿירט אַף די שיפֿן, וואָס זיינען
געשוווּמען אַראָפּ און אַרויף דעם וואַסער. אַלנפֿאַלס ווייט, גאַנץ ווייט פֿון
דאָרטן, צו אַזוינע ערטער, ווו קלאַדאַ האָט ניט געקענט צוקומען, מיט
איר גרויסן מויל און מיט איר צופּיל צוטריטלעכער זיסקייט. איינמאָל האָט
זי אים אַ פֿרעג געטאָן וואָס ער טראַכט און דאַמאָלן האָט ער איר געזאָגט.
דאָס איז געווען אַ שרעקלעכע סצענע. זי האָט זיך געבעטן, געוויינט, זיך
אָנגעהאָנגען אַף אים, האָט אים געזאָגט גראָבע ווערטער, וואָס זי האָט
זיך אָפּגעלערנט פֿון די געשפּרעכן צווישן די באַטראַקעס, און דערנאָך,
בעיס כאַראָטע, אים באַשאָנקען מיט די זיסטע לאַטקעס, מיט די צאַרטסטע
פּראָזן. שפּעטער אָבער פֿלעגט זי ווידער ווערן אומגעצוימט בייז און אים
איינשטעכן די נעגל אין פּאָנעם. צום סאָף פֿלעגט ער זי מוזן שלאָגן. ער
איז שטענדיק געווען אַביסל ברוטאַל און ער פֿלעגט איר דערלאַנגען עמעסע
קלעפּ. קלאַדאַ פֿלעגט דאָרט בלייבן ליגן, אַן אויסגעצויגענע אַף די בלע־
טער און גראָזן, אַ צעשויבערטע, אַן אויסגעפּאַטשטע, און וויינען. די פּעטש
זיינען געווען שטאַרקע, נאָר געוויינט האָט זי ניט פֿון די פּעטש. ער האָט
זי דעמאָלט געזען צום לעצטן מאָל. דערנאָך איז ער אַוועק. ווייט, אַהין
ווו מענטשן לעבן אין אייביקער שלאַכט מיט די ביימער און צומאָל אויך
מיט מענטשן. אַוועק איז ער מיטן טייך אַראָפּ, פּונקט ווי שפּעטער מיטן
טייך אַרויף. אַוועק איז ער מיט דעם „גרויסן גייענדיקן וועג", מיט דעם
געשלענגלטן פּאַראַנאַ, און האָט זיך אַפּילע ניט אומגעקוקט אַף הינטן,
צו דעם אָרט ווו קלאַדאַ איז פֿאַרבליבן אַ וויינענדיקע, אַ צעשויבערטע.

מיט אירע ברוסטן גרייט, מיט איר גרויסן מויל און אירע גרויסע באַרוועסע פיס . . .

ער האָט מער קיינמאָל ניט געטראַכט פון איר. אָ, ניין! איינמאָל נאָר, אינעם פריילעכן הײַזל פון איטוזאַינגאַ, ווען ער איז דאָרט פאַרבײַגעפאָרן, האָט ער געטראָפן דאָס גרויסע מויל און די לאַנגע שוואַרצע ווײַעס. די אויגן האָבן ניט געלאַכט, געקוקט האָבן זיי ווײַט און פינצטער פון די טיפע לעכער אַרויס. ער איז איר פאַרבײַגעגאַנגען, האָט זיך אַ קווענקל געטאָן און דערנאָך געגאַנגען מיט אַ צווייטער, ווײַל ער האָט מוירע געהאַט, אַז ווען ער וועט זיך צערײדן מיט איר, זאָל זי אים ניט זאָגן, אַז מען רופט זי קלאָדאָ. דערנאָך, ווען ער האָט געפרעגט, האָט מען אים געזאָגט, אַז מען רופט זי מאַריאַ. נאָר גיי ווייס . . . באַלד האָט ער זי ווידער פאַרגעסן. און איצט שווימט זי אַרום בײַ אים אינעם מוטנעם כאַלעם, וואָס טיילט אים אָפּ פונעם טויט, גייט דאָרט אום אַ צעשויבערטע, מיט אַ בינטוועש אַפן קאָפּ, ווי בעייס זי פלעגט גיין וואַשן צום טײַך. ער האָט זי אויסגענוצט, אויסגעזויפט, ווי די מאַראַנצן און . . .

און דעמאָלט קומט אים פּלוצים אַרויף אינעם קאָשמאַר אַזוי שנײַדיק, אַזוי קאַלט און אַכזאָריעסדיק די פראַזע, וואָס דער אַלטער סינפּאָריאַנאָ פלעגט אַלץ איבערכאַזערן: מען זויפט דיך אויס און מען וואַרפט דיך אַוועק — ווי אַ מאַראַנץ, — דערנאָך וואַרפט מען אַוועק די שאָלעכץ. ס'איז, הייסט עס, איינס און דאָס זעלבע. דאָס אייגענע וואָס מען טוט מיט דיר, ווי דער אַלטער סינפּאָריאַנאָ זאָגט, מען גייט און מען נעמט די קלאָדאָס ווי זיי וואָלטן געוועזן . . . דערנאָך לאָזט מען זיי איבער, מען וואַרפט זיי אַוועק . . .

און אַנדערע טוען דאָס אייגענע: עס קומען די קאָנטראַקטיסטן, עס קומען די קאַפּאַטאַסן, עס קומט דער דײַטש . . . עס קומען די זוינעשע זין, זיי זויגן דיך אויס און וואַרפן דיך אַוועק. זיי וואַרפן אַוועק די שאָלעכץ. טרעפט אויך אַז די שאָלעכץ איז פון אַ קויל דורכגעלעכערט.

נאָר קלאָדאָ שטייט נאָך אַלץ דאָרט, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

דער געדאַנק באַפעסטיקט זיך בײַ אים אינעם מויעך, ווישט אָפּ דעם כאַלאַשעס־נעפּל, מאַכט זיך אַ וועג צום באַוווסטזײַן. אַ ביז גאָר שאַרפער געפיל איז עס. ער גיט אַ מאַך מיט די פינגער פון דער לינקער האַנט ווי אָף אָנצונעמען די פרוי, נאָר פּלוצים דערפילט ער אַ שאַרפן ווייטיק אין די פינגער־שפּיצן. ער צעעפנט די אויגן. אַ פּאָר צענטימעטער פון זײַן קאָפּ

בײַסט אַ געלער קאָרפּ זײַנע צעבלוטיקטע שפּיצן פֿינגער. ווײַטער אַביסל שפּרינגען אױס אַנדערע פֿיש. ווידער דערפֿילט ער דעם ווייטיק און אַזוי בײַ יעדן צופּ, ווי ניט זײַן בלייכע האַנט וואָלט מען אים געביסן, נאָר דאָס האַרץ זײַנס. ער וויל אויפֿהייבן די האַנט, אַוועקטרײַבן דעם פֿרעסער, און קען ניט. געכאַלעשט האָט ער דעמאָלט צום צוואַנציקסטן מאָל.

דער ראַנטשאָ איז אַ ברײַטער און אַ נידעריקער, געמאַכט פֿון שטרוי מיט ליים. אינדרויסן, לעבן צוויי סטויפּעס מיט רינגען, שטייען שטענדיק עטלעכע פֿערד צוגעבונדן. גרויע, ברוינע קאַשטאַן־ברוינע, פֿון אַלע קאָלירן. אינעווייניק אַ סטויקע פֿון צעקריצטן האָלץ, עטלעכע פֿעסלעך אָנגעהויפּנטע. פֿאַר דער סטויקע, צו דער טיר צו, צוויי טישן, עטלעכע בענק און מער גאָרניט. מער גאָרניט, אַכוץ פֿלעשער און גלעזער, אַכוץ דעם שענקער, אַן איטאַליענער אין אַ העמד מיט שטענדיק אַרויפֿגעשאַרצטע אַרבל אַף די קרעפּטיקע אָרעמס. און פֿאַרשטייט זיך אויך דער רויך, וואָס שוועבט איבער די שטאַמגעסט און די שינקע וואָס הענגט אַף אַ דרעטל און די וויקוכים מיט די געשרייען, דער רעבעוקע וואָס הענגט בײַ אים שטענדיק אַפֿן האַנט־געלענק און די מעסערס און די סקריפּענדיקע שטיוול. דאָס אַלץ שטעלט זיך אים מיטאַמאָל אַוועק פֿאַר די אויגן, ווי דעמאָלט ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין ייִנגל. וואָרעם ווען ער פֿלעגט דאָרט אין שענק אויפֿהייבן דעם קאָפּ, פֿלעגט ער דערזען דעם גאַנצן קאָפּשווינדלדיקן קאַמפּלעט פֿון פֿלעשער און ברייטראַנדיקע היט און שינקען און בוימלדיקע פֿאַטלעס האָר און פֿאַרבלאָטיקטע סקריפּענדיקע שטיוול, אַזוינע הויכע ווי ער אינגאַנצן. אָפֿט פֿלעגט מען אים אַ פֿוס אונטערשטעלן. געווען איז ער אַ ברעקל נאָך און דער טאַטע זײַנער פֿלעגט אים אָפֿט פֿאַרלירן. אָפֿט, ווען עס האָט גערעגנט, פֿלעגט די אָנגעטראָגענע בלאָטע אַף די שטיוול גליטשיק מאַכן דעם דיל און ער פֿלעגט זיך אויסגליטשען, און קעדיי ניט צו פֿאַלן, פֿלעגט ער זיך אָנכאַפּן אָן עמעצנס הויזן, ביז יענער פֿלעגט אים פֿון זיך אָפּטרייסלען ווי מען טרייסלט אָפּ אַ בייזע פֿליג. ער פֿלעגט זיך אַוועקשטעלן בײַ די טישלעך, וווּ די פֿאַרפּעצטע קאָרטן זײַנען געגאַנגען פֿון האַנט צו האַנט, וווּ גרויסע פֿאַרהאַרטעוועטע מענער אַז אַ שרעק איז געווען צו קוקן אַף זיי, האָבן אויפֿגעהויבן גרויסע גלעזער ווײַן און זיי טייקעף צוריקגעשטעלט ליידיקע, וווּ גרויסע הענט מיט קויטיקע נעגל האָבן פֿאַרקלערטע געקראַצט די פֿאַרלאָזטע בערד, וווּ אַ מעסער פֿלעגט אויפֿבליצן דאָ און דאָרט און קויטיקע געלט־פּאַפּירלעך זײַנען געפֿלויגן פֿון

טאָש צו טאָש און זײַנען לעסאָף אַריבער צום איטאַליענער דעם שענקער.
אַזוי איז עס געווען ווען ער האָט זיך איינמאָל שטײַף אײַנגעקוקט אין
דעם מענטשן, וואָס האָט לאַנג געקוקט אָף זײַן טאַטן. אַזוי איז עס געווען
ווען יענער איז האַרט צוגעטראָטן צו זײַן טאַטן און האָט אַ געשריי גע־
טאָן עפּעס אַזוינס וואָס ראַמאַן האָט ניט פֿאַרשטאַנען, און אַזוי איז עס
געווען ווען זײַן טאַטע האָט זיך אויפֿגעהויבן און האָט דאָס טישל איבער־
געקערט, האָט אַרויסגעכאַפּט דאָס מעסער און געמאַכט דערמיט פּלאַץ
אַרום זיך. געווען איז עס דעמאָלט ווען דער קאָמיסאַר האָט אים אָנגערופֿן
פֿערד־גאַנעוו און האָט אַ בײַזן שמייכל געטאָן אונטער זײַנע געדיכטע וואָנ־
צעס. געהאַט איז ער דעמאָלט אַרײַנגעקומען מיט נאָך דרײַ אָדער פֿיר
און די שפּילער און טרינקער האָבן זיך אָפּגערוקט און ניט געמישט זיך,
נאָר די פּאָליציאַנטן האָבן זיך ניט דערוועגט צוטרעטן צו זײַן טאַטן, וואָס
האָט אַלץ געהאַלטן דאָס מעסער אין דער האַנט, נאָר האָט ניט געלאַכט.
און דער קאָמיסאַר האָט גערעדט. נאָר ווען ער האָט גענומען צוטרעטן,
האָט אים אָפּגעהאַלטן דער שפּיץ פֿונעם מעסער, וואָס זײַן טאַטע האָט
פֿעסט געהאַלטן אין דער האַנט און מיטאָמאָל האָט ער זיך אַ בייג געטאָן
צו אים, ראַמאַנען, און אים אַ זאָג געטאָן: „גיי צום פֿערד, גיי". און ער
האָט גענומען גיין צו דער טיר, נאָר ניט ווילנדיק האָט ער זיך פֿאַרהאַלטן
און געקוקט ווי די מענטשן מאַכן אַלץ ענגער דעם קרײַז אַרום זײַן טאַטן
און איינער האָט אַ געשריי געטאָן: „מיר האָבן אים שוין, קאַראַכאַ!"
און דער „קאַראַכאַ" האָט אים אָף צווייען צעשפּאָלטן מיט דעם מעסער־
שטאָך פֿון דעם צום ווינקל צוגעשטופּטן מענטשן, וואָס האָט שוין איצט
ווײַטער אָנגעגריפֿן מיט דעם פֿאַרבלוטיקטן מעסער אין דער האַנט; און
ווען ראַמאַן האָט זיך אַרומגעזען, איז ער שוין געשטאַנען לעבן דעם פֿערד
און דעם פֿאָטערס פֿעסטע האַנט האָט אים אויפֿגעזעצט באַם געפֿלעקטן
אָפּן רוקן און ער פֿליט ווי אַ ווינט, בעת דער קאָמיסאַר שטייט נאָך בײַ
דער שענק־טיר און שרײַט און עמעצער האָט זיי אַ קויל נאָכגעשאָסן, וואָס
האָט אַ פֿײַף געטאָן פֿאַרבײַ דעם פֿערדס קאָפּ; נאָר זײַן טאַטע האָט
אַ לאַך געטאָן. און דעמאָלט איז עס געווען איינער פֿון די זעלטנסטע
פֿאַלן ווען זײַן טאַטע האָט אים געלערנט: „פֿרײַנט מײַנער, מען טאָר זיך
קיינמאָל ניט אונטערגעבן, פֿאַרשטייסט, זון מײַנער? וואָס עס זאָל ניט
זײַן, דאַרפֿסטו זײַן אַ מענטש, ווי דײַן טאַטע". מער האָט ער גאָרניט גע־
זאָגט און זיי זײַנען געריטן אין גאַלאָפּ. און ראַמאַן געדענקט ווי זײַן מאַמע

האָט זיך דערנאָך דערוווּסט דערפון, מיסטאָמע פון אַ שכיינע, און זי האָט געוויינט און אַ סאַך גערעדט צו איר מאַן; נאָר ווי שטענדיק האָט ער איר גאָרניט געענטפערט און האָט זיך צו איר ניט צוגעהערט. און נאָך איצט, דוכט זיך, לויפן זיי און קומען אַרויס פונעם פינצטערן וואַלד, אַלץ אַף דעם געפלעקטן פערדל, וואָס וויגט זיך אַזוי און אָט זײַנען זיי שוין אַרויס אַף דער ליכטיק. וואָס ווײַטער איז אַלץ ליכטיקער און זיי לויפן...

עס טאָגט שוין און דער הימל נעמט אויף די ווײַטע שוואַכע זונשטראַלן און צעגיסט זיי איבער דעם מענטשן, אים אויפצוּוועקן. דער פליט וויגט זיך אַלץ מיט אַ געליאַרעם. אומגעמערקטערהייט וויגט זיך אויך ראַמאָן צום טאַקט פונעם פליט, ווי דעמאָלט בעייסן רײַטן, און ער צעקלאַפּט זיך ניט אַזוי שטאַרק. מיט שטורמישן אימפעט גאַלאָפּירט ער אַף די טשערעטן, איבערן טײַך, אין דעם קעסל־גרוב צווישן דעם שטיינערדיקן פלאַכדעק פון דעם וואַסער־דורכגאַנג סאַן אַנטאָניאָ, אין דער קאַפּריזנער ליקע, וווּ פליט און מענטש זײַנען ניט מער ווי אַ פעדערל אינעם שטורעם און איצט ציט עס אים ווידער צום דעק, קעדיי אים אַפּאָנעם באַקאַנט צו מאַכן מיט די טיפענישן פונעם טײַך, און מיטאַמאָל ווערט פון דער ליקע אַ ספּיראַל, וואָס גיט אַ הייב אויף דעם פליט ביז צום שפּיץ און שיסט אים אויס פון זיך ווי פון אַ קאַנאָן און דער מענטש און די טשערעטן פליִען אין דער לופטן און עטלעכע טשערעטן רײַסן זיך אָפּ און די זון זעט שוין אויס ווי אַ לאַנגווײַליקע קיִענע צונג אַף דעם געלן פּאָנעם און ראַמאָן עפנט די אויגן און ערשט דעמאָלט זעט ער זיך אַרום, אַז ניט אָפּן פערד איז ער געריטן און אַז ניט פונעם וואַלד איז ער אַרויסגעקומען, נאָר פון דער נאַכט און פון דעם קעסל־גרוב און ער פאַרשטייט שוין, אַז מיט ניסים האָט ער זיך געראַטעוועט נאָך דעם פאַנטאַסטישן גאַלאָפּ אינעם וואַסער־געווירבל, וואָס האָט אים אין זײַן קלעם געהאַלטן, ווי לאַנג? טעג, וואָכן, וואָרעם געדאַכט האָט זיך אים, אַז שוין לאַנג, זייער לאַנג דערין ווי ער האָט פאַרלאָזט דעם ברעג, וואָרעם די פיס זײַנע און זײַן גאַנצער גוף האָבן שוין דוכט זיך פאַרגעסן דאָס גליק פון פילן יאַבאָשע און געהאַט האָט ער בלויז דעם באַוווּסטזײַן פון צעיוּשעטן געדריי אינעם גרוב, וווּהין ער איז אַרײַנגעפאַלן מיט אַ לאַנגער צײַט צוריק, אַזוי אַז ער איז ניט בעקויעך די צײַט אויסצומעסטן און...

(ערשט מיט עטלעכע שאָ שפּעטער האָט ער זיך געכאַפּט, אַז אינעם געווירבל האָט ער פאַרבראַכט ניט מער ווי פיר מינוט).

דער צעקלאַפּטער פליט ליגט שוין איצט אַ באַרויִקטער. פונעם קעסלגרוב איז ער אַרײַן אין אַ שטיי־וואַסער און דאָ דרייט ער זיך פאַרגעניגנדיק פאַמעלעך, מיט קלוג רעגולירטער זאַנפטיקייט, ווי ער וואָלט גרייט געווען דאָ אין דער וואַסער־שטײַג זײַן לעבן אָפּצולעבן, ווו ער האָט קיין אַנדער ברייטע ניט ווי נאָר אייביק זיך צו דרייען צווישן די דאָזיקע פליסיקע גרענעצן. ראַמאָן נעמט זיך אויסגלײַכן די ביינער, ער קען זיך שוין אויפזעצן אַפן פליט. זײַנע אייוורים, פילט ער, זײַנען פאַרשטאַרט. ווי פרעמדע זײַנען זיי, גלײַך זיי דאַרפן אים שוין קיינמאָל ניט פאָלגן. ער וויל מיט די פינגער אַ ריר טאָן, נאָר זיי רירן זיך ניט, ווי זיי וואָלטן זייַנ עמעצנס אַ צווייטנס. ער וואַרט אָפּ אַ ווײַל און אָט קען ער שוין מיט אַ האַנט רירן און ער טראָגט זי צו צום אָפּגעשווּנדענעם פּאָנעם און צום צעווייטיקטן האַרצן. נאָר באַם ערשטן שוואַכן רײַב איבער דער הויט, דערפילט ער אַ שרעקלעכן ווייטיק. די צעריבענע האַנט שמאַרצט אים און די צעמאָלענע ביינער, די ריפּן, די היפּטן, רופן זיך אַנגסטיק אָפּ באַ יעדן ריר. ער שטעלט זיך ניט אָפּ דערפאַר און פרוּווט ווײַטער, און ווידער פאַלט ער אַרײַן אין אַן אָנמאַכט און דער פליט דערווײַל הערט ניט אויף זיך דרייען אין דער וואַסער־שטײַג, איניינעם מיט פאַרפוילטע בלעטער און צווײַגלעך, איניינעם מיט אַ טויטן פיש פון ווייניקסטנס אַ פּאָר טעג צוריק, וואָס האַלט מעשונע־מאָדנע אָפּן דעם פּיסק און וויל כאַפּן די שטראַלן פון...

# I

און אין בעהיימעס איז א מאנגל. מען מוז האלטן אין קלעם די יונגע פאראגוואייער אין ווייזשא קאנסעפסיאן. די זשערבא־ראיאנען אינאטאמי, סאן עסטאניסלאא, זיינען פארוואנדלט אין ביימאלמענס. דרייסיק יאר עקספלואטאציע האבן צעפאטערט די פאראגווייער מענער־קראפט צווישן דעם דארעמדיקן טעביקוארי און דעם פאראנא. אכט מאל איז טאקורו־פוקו געבליבן אן באפעלקערונג צוליב דער אינדוסטריאל־געזעלשאפט. קימאט אלע מענטשן, וואס האבן געארבעט אפן אייבערשטן פאראנא פון 1890 ביז 1910, זיינען אומגעקומען. פון 300 זייערע, וואס מען האט אוועקגעפירט פון ווייזשאריקא צו די זשערבא־אונטערנעמונגען פון טארמענטא, אין בראזיל, זיינען צוריקגעקומען בלויז 20. איצט פליקט מען אין דער ארגענטינישער מיסיאנעס, אין קאריענטעס און אין ענטרע־ריאס.

ראפאעל בארעט.

— א לעבן פרימא...

בימרע און צושטייעריש רעדט צו זיי אזוי דער טערק, אן אנגעשפארטער אן דער קוויטיקער סטויקע, און שטשירעט זיינע לאנגע געלע ציין מיט א ברייטן ליבן שמייכל. זיי הערן אוים און שווייגן, מיט א ווייטער, ניט היגער, קימאט סינעדיקער מינע אפן פאנעם. זיי פארהערן אבער ניט קיין איין ווארט דערפון וואס דער קאנטראקטיסט רעדט צו זיי.

— איר׳ט דארט האבן א לעבן פרימא... הערט וואס איך זאג אייך. מען ארבעט אפ א שטיקל צייט און מען קומט אהיים מיט א פולן גארטל. דערנאך טרינקט וויפל איר ווילט און לאזט אייך וווילגיין. און ווייבער, וואסערע איר אליין ווילט...

זיי זיפצןביידע אפ אפן הויכן קאל און איינער פון זיי בייגט אריבער דעם גוף אפן צווייטן פוס. ווי פינצטערע סטאטועס שטייען זיי. אומאנטשלאסן, די אויגן שפירן נאך פון אונטער די אנגערוקטע ברעמען, אז בייזווילן נאר שטייף, ווילן דערגיין דעם סאד, וואס ליגט אונטערן טערקס צוגעזאגטע גליקן.

— טויזנטער מענטשן האב איך שוין מיט ארבעט באזארגט...

אַ סאַך פאַרדינען זיך אַפּן לעבן דורך מיר. איר מעגט מיר גלייבן, איך העלף זיי. ווי אַ טאַטע בין איך צו זיי...

זיי זײַנען נאָך אַלץ אין ספק. ערשט אַ פּאָר טעג ווי זיי זײַנען אָנגעקומען קיין פּאָסאַדאַס, נאָר באַקאַנט זײַנען זיי שוין מיט אַלע פינצטערע געשיכטעס, וואָס מען דערציילט זיך דאָ אַן וועגן דעם לעבן פון די מענסוס אַף די זשערבאַ־זאַוואָדן אַרויף דעם וואַסער. אַדאָלפאָ האָט עפּעס אַ פאַרגעפיל, וואָס לאָזט אים ניט אײַנגיין אַף דעם אָנבאָט. ער איז אַ האַרטער מענטש, דער אַדאָלפאָ, אַ לענגערע צײַט האָט ער געאַרבעט אַף די געהילץ־זאַוואָדן אין דער טשאַקאָ, דאָרט אַ סאַך פאַרדינט און נאָכמער פאַרלעבט. געכאַפּט האָט ער קלעפּ און אויך צוריקגעגעבן, ווען ער האָט געקענט. איצט איז ער שוין אַ מענטש אין די פערציקער און עס ווילט זיך אים אַרבעטן רויִק, אָן שטורעמס, מעג זײַן פאַר ווייניקער. דער אַלטער הונט אַנטלויפט פאַר אַ ביס. ער טראַכט פון אָפּשפּאָרן און קומען צו אַ שטיקל נחלה. עס האָט אים שוין דערעסן דאָס קעסיידערדיקע אומבלאָנקען אַן אויסגעוואָרצלטער. ער גיט אַ טרייסל מיטן קאָפּ, ניין, ס'געפעלט אים ניט.

— אויב דו האָסט מורא, בלײַב דאָ, וועל איך אַליין פאָרן... — רופט זיך אָן ראַמאָן.

ווי שטענדיק ווען ער באַשליסט זיך אַף עפּעס, באַווײַזט זיך בײַ אים אַפּן פּנים אַ חוצפּהדיקע מינע, ווי בײַ אַ געפּיעשטשעטן קינד. אונטער זײַנע גלאַטע און שיטערע וואָנצע־הערעלעך קלעמען זיך אים צונויף די ליפּן, ווי זיי וואָלטן באַקרעפטיקט זײַן באַשלוס. העכער, צווישן דער פּלאַטשיקער נאָז און דעם טינט־שוואַרצן טשוב, צעעפענען זיך אים די אויגן, האַרטע, אויפגעהײַטערטע, לעבעדיקע.

— איך גיי אַליין...

צי דען האָט ער זיך ניט אַליין זײַן וועג געשניטן דעם גאַנצן לעבן? פון אַ שיק־ייִנגל, אַ וויעבעטש, וואָס יעדער איינער שאַפט זיך מיט אים, איז ער געוואָרן אַ בוידעש־מענטש און געאַרבעט אין צוויי אָדער דרײַ גיטער אַפּן צאָפּן פון קאָריענטעס. מען האָט אים ווייניק געצאָלט און ער איז געוואָרן אַן אָקסן־טרײַבער. נאָר אויך דאָס האָט אים דערעסן און ער איז אַוועק צו די געהילץ־זאַוואָדן, דורכגעמאַכט שטורמישע טעג, הונגער, געשלעגן, געוואָגטע אַוואַנטורעס און אויך לאַנגווײַליקע מאַטערנדיקע טעג. וואָס איז דאָ מורא צו האָבן? ער איז שטענדיק געווען אַן אימפּולסיווער, אַן איבערגעאײַלטער. דאָס לעבן האָט צו אים קיינמאָל ניט געשמייכלט און ער האָט אויך קיין דאגה ניט געהאַט דאָס אײַנצוהיטן. דער שעם פונעם אייבערשטן פּאַראַנאַ האָט אים פון ווײַטנס געבלענדט. גרוי־

סע לוינען, פּרעכטיקע נעקייוועס, טענץ. מען דאַרף פּרוּוון. מען פאַרלירט דערבײַ גאָרניט.

— אַ לעבן פּרימאַ...

דעם טערק פּאַריניאַס מויל עפּנט זיך און פאַרמאַכט זיך ווי אַ קוויטיקע שמאַטע און די ווערטער גליטשען זיך איבער זײַנע מיִעסע ציין, וואָס ראַק זיי קײַען ביליקן טאַבאַק.

— נו?...

די ברידער האָבן זיך אָנגעטראָפן אין סאַנטאָ טאָמע. צען יאָר שוין ווי זיי האָבן זיך ניט געזען, פון זינט אַדאָלפאָ איז אַוועק פון דער היים פּרוּוון מאַזל. באַגעגנט האָבן זיי זיך צופעליק און האָבן באַשלאָסן פון איצט אָן זיך צו האַלטן אינײנעם. געזאָלט האָבן זיי זיך אָנדינגען אַף אַרבעט צו אַ גוטבאַזיצער אין איטוסאַינגאָ, נאָר פּאַסירט האָט זיי דאָס אומגליקלעכע געשלעג באַם טאַבאַ־שפּיל און זיי האָבן זיך געמוזט טייקעף אָפּטראָגן פון דאָרט, מאַכמעס מען וואָלט פון זיי געפאָדערט געשבן פאַרן טויט פון אָט דעם, ווי רופט מען אים, וואָס האָט זיי געוואָלט באַשווינדלען. און מאַכמעס קיין צאַד אין טיש האָבן זיי ניט געהאַט, האָבן זיי מער אין יענער געגנט ניט געקענט פאַרבלײַבן. און דעמאָלט האָט זיי דער טערק פּאַריניאַ, וואָס האָט געזוכט מענטשן אין סאַנטאָ טאָמע, זיי אָנגעבאָטן אַ קאָנטראַקט אַפן אייבערשטן פּאַראַנאַ. אָן אַ סענט אין קעשענע, מיט שמאַטעס אָנשטאָט בגאָדים און געזוכט פון דער פּאָליציי. אַזוי שלעכט איז זיי נאָך קיינמאָל ניט געווען. קורץ, ער האָט געפּויעלט זיי זאָלן אַריבערקומען קיין פּאָסאַדאַס און דאָ וויל ער וואָס גיכער שליסן מיט זיי דעם קאָנטראַקט און ער לאָזט זיי ניט אָפּ מיט זײַנע שוין אויסגעריבענע גליקן, וואָס ער זאָגט צו.

— איר׳ט קיין כאַראָטע ניט האָבן, גלייבט מיר. איר׳ט אַ לעב טאָן...

אין גאַס זײַנען זיי אַרויס אַביסל אַנטמוטיקט. אומזיכער שפּאַנען זיי און שטרויכלען יעדן מאָל ווען זייערע אויסגעדריבלטע אַלפּאַרגאַטן שלאָגן זיך אָן אָן די שטיינער פון ברוק. די זון ברענט זייער אָרעם אָנטאָן, די קוויטיקע אויסגעפּלעקטע קאַפּעליושן מיט די אַראָפּגעפאַלענע ראַנדן, דערשלאָגענע ווי די וואָס טראָגן זיי. אַ מיידל גייט זיי פאַרבײַ, מיט אַ רויטן טײַוועדיקן שנוק, און אַ קורץ קליידל פון גרינעם סיץ, וואָס רײַסט די אויגן.

— שיינע בלום... פאַר מײַן גאָרטן — לאָזט ראַמאָן פאַלן אַ וואָרט און פאַרטשעפּעט זי מיט אַ נאַשערישן קוק אַף אירע קרעפּטיקע ליטקעס, וואָס קוקן אַרויס פון איר ווײַסן אונטערקליידל.

נאָר זי טוט אָפּילע קיין קוק ניט אַף אים. ער דערפילט זיך דערפון

אנטמוטיקט און בייז. ער טוט אַ שפּײַ דורכן ריסצאָן און גיט מיטאמאָל אַ זאָג צום ברודער:

— דו טו דיר ווי דו ווילסט... איך דינג מיך אָן.

אדאָלפאָ נעמט ארויס אַ האַנט פון דער קעשענע, דעם שוויים זיך אפּצוּווישן און רוקט נאָך נידעריקער אַראָפּ דעם קאַפּעליוש זיך צו שיצן פון דער זון. דערנאָך ערשט רופט ער זיך אָן, קאַרג אַף ווערטער, ווי שטענדיק:

— נו, גוט, איך גיי מיט דיר.

געוואָלט האָט ער אים אויפקלערן פאַרוואָס ער טוט עס. ערשטנס, זײַנען זיי לײַבלעכע ברידער. דער צופאַל האָט זיי איצט צונויפגעפירט. צו וואָס־זשע זאָלן זיי זיך ווידער פונאַנדערגיין? לײַבלעכע ברידער און ניטאָ קיין הונט אַפילו וואָס זאָל אַף זיי אַ ביל טאָן. בעסער איינינעם, די רוקנס זיך צו שיצן, אַ האַנט זיך דערלאַנגען ווען נייטיק. וואָרעם ווען ניט, ווען ווי זיי האָבן אַ וויסט לעבן און אַ נאָך ערגערן טויט. נאָר ער בלײַבט שטיין מיט אָן אָפענעם מויל. אויך ראַמאָן בלײַבט שטיין. ער מיינט, דער ברודער וועט אים נאָך ווער ווייס וואָס זאָגן. נאָר דאָס איינ־ציקע וואָס יענער זאָגט אים, איז:

אַ ברענענדיקע היץ, וואָס זאָגסטו?

# אין דער פאסטקע

ביז פאסאדאס קומען די טויטע צו שווימען מיטן שטראם. דער פאראנא ברענגט צו טראגן די גרויליקע מאסע אף זיין שוים און זאגט זיך פון איר קיינמאל ניט אפ. באם זוים פונעם בארג־רוקן א באזעצטן מיט ראנטשאס, לאזט ער איבער די הארוגים, ווי ער וואלט פון זיך יעדע אכראיעס אראפגעווארפן. ער ווייס פון גארנישט ניט, אדער, ווי די ווילדערניש, ווייס ער פון אלץ, נאר ער שווייגט. בא דעם ברעג בלייבן זיי ליגן, די עלנטע גופים פון די ארעמע מענטשן. טרעפט זיי זיינען אינגאנצן נאקעט. אנדערע האבן נאך אף זיך שטיקער אנטאן און שטיקער לייב, טייל זיינען הוילעביינער געשמיסענע. פון אנהייב פלעגן נייגעריקע אמאל צוקומען א קוק טאן; נאר מיד געווארן איז מען זיך צו וואונדערן און מען האט אויפגעהערט קומען. צו באקאנט איז דער ספעקטאקל און צו שווער איז צו דערקענען דעם הארעג. די הארוגים פונעם אייבערשטן פאראנא האבן ניט קיין נעמען און ניט קיין קרוווים, אפילע קיין פאנעם האבן זיי ניט, ווארעם אף דער לאנגער רייזע צעפיקן זיי די הונגעריקע פיש און לאזן איבער טיפע גריבער, ציטערנדיקן ווייכביין, א גרויסן לאך ווו פריִער איז געווען דאס מויל, וואס האט געקענט אזוינע צארטע מילדע ווערטער ארויסברענגען אדער בייז זיך אויסזידלען. די הארוגים פונעם אייבערשטן פאראנא האבן ניט קיין געשיכטע. מען ווייס קיינמאל ניט ווער עס האט זיי דערהארגעט און פארוואס. קיינער גיט זיך ניט די מי דאס צו דערגיין. די מאכט, ווייל זי האט מוירע זיך צו דערוויסן. אנדערע, ווייל ס'איז געפערלעך. די ווערשנס, וואס לאזן זיך ארונטער צום פרייַנטלעכן טייַך, דארט פונאנדערצוהענגען זייער פילפארביקן אפיש, די ווערש, טרעפן אים אמאל, דעם שטילן עלנטן מענטשן, לעבן די שטיינער. זיי ציי־

לעמען זיך איבער און ריידן שנעל אין אַן איבערגעשראָקענעם ציטערדיקן גוואַראַני־לאָשן.

די פֿאָסאַדעסער ווייסן עס. ס׳איז אַ שרעקלעכער אַלעמען באַקאַנטער סאָד. זיי האָבן איינמאָל געזען אַ פֿולע שיף מענסום אָפּשווימען און דערנאָך איז אין אַ באַטאָג אָדער אין אַ באַנאַכט אַ טויטער צוגעשווומען מיטן שטראָם. דערנאָך נאָך איינער. צוגעשווומען זײַנען זיי רוּיִקע און געבליבן ליגן באַם שטיינערדיקן ברעג, צופֿוסנס דעם באַרג־רוקן. און אַז עמעץ זעצט זיך אַוועק אַף דער שיף צום אייבערשטן פֿאַראַנאַ, געזעגנט מען זיך דערום מיט אים אַף אייביק. צוריקקומען וועט ער עפּשער, נאָר איינער אַליין, אַ פֿאַרשטײַפֿטער, מיט שטיקער אָנטאָן אַפֿן צעשמיסענעם לײַב. מען געזעגנט זיך מיט אַ סאַך קאַניאַ, קעדיי ניט צו טראַכטן וואָס עס קען געשען. דער וואָס בלײַבט ווייס, אַז אָנשטאָט דעם שיקערן אָדער שלוקערצדיקן מענסו, וועט ער איז געדאַנק זען אַ נאַסן שטילן האָרעג, אַ רוּיִקן און אַן עלנטן, אונטער דעם גרענעצלאָזן פֿאָסאַדעסער הימל, וואָס קוקט אַף אים מיט זײַן אָפֿענעם גליאיקן אויג, די זון.

## II

— וואַרט אַף מיר אין רעסטאָראַן „לאַ פּערלאַ"... — האָט זיי געהאַט אָנגעזאָגט דער טערק.

אַהין גייען זיי איצט, ניט געאײַלטע, מידע, פאַרשוויצטע און הונגעריקע. ניט אַפילע ראָמאַן איז איצט איינגאַנצן אַנטשלאָסן. גלײַכער נאָכאַמאָל זיך דורכשמועסן מיט פּאַרינאַן. נאָר זיי זײַנען אַזוי אָרעם, אַז זיי וועלן מוזן אײַנגיין. עס דוכט זיך זיי ווי אַ פינצטערער און אומבאַקאַנטער קויעך וואָלט זיי פּאַמעלעך און פעסט געשטויסן צו אַ שוין באַשטימטן גוירל, וואָס זיי קענען נאָך ניט וויסן ווי ער זעט אויס. דערווײַל וואָרטשען מיט ווייטיק די קישקעס אין בויך און דאָס געלט האָט זיך באַ זיי אויסגעלאָזט.

— מירן הערן וואָס ער זאָגט, — באַרעכנט זיך ראָמאַן בעיס זיי טרעטן אַריבער די שוועל פונעם רעסטאָראַן, אַ קוויטיקער פון בלאָטע און זעגעכץ.

נאָר פּאַרינאַ איז נאָך ניטאָ. אינעווייניק איז טונקל און מען זעט נאָר פליגן — גרויסע העלע פליגן — אומפּלינען איבערן זאַל. באַ די טישן זיצט ווו ניט ווו אַ גאַסט מיט אַ כינעזיש פּאָנעם. דער באַלעבאָס, פון הינטער דער סטויקע, ווײַזט זיי אָן אָרט ווו זיך אַוועקצוזעצן. זייער אַ דיקער איז ער, מיט אַ טאָפּלטן גוידער און האָט ניט קימאַט קיין איין האָר אַפן קאָפּ.

— ר'האָט מיר געזאָגט איר זאָלט אַף אים צוּוואַרטן. ער קומט שוין אַרײַן.

עס ציט זיי צו די גרילציקע מוזיק פון אַ גראַמאָפאָן, וואָס שטייט אין אַ ווינקל פונעם זאַל. דער גרויסער טונקל־גרינער הילכער שפּײַט פון זיך אַרויס די טענער אַזוי לאַנגווײַליק ווי אויך ער וואָלט געליטן פון דער שטיקנדיקער היץ.

— איר קענט עפּעס טרינקען, אויב איר ווילט, אַף כעשבן...

ס'איז גאַנץ שיין פון זײַן זײַט וואָס ער געטרויט זיי, אין אַזאַ לאַגע,

קימאט נאקעטע. די ערשטע גלעזלעך קאניא ברענגען זיי צוריק דעם גלויבן אין זיך. די מוזיק איז שוין איצט לײַכט און פריילעך און קומט, דוכט זיך, צו צו זיי און טרייסט זיי און ציט זיי אַרײַן אינעם געדריי פון א פּאָלקע. נאָר ראמאָן איז הונגעריק. שוין צוויי טעג ווי זיי פאסטן קי־מאט און דער אַלקאָהאָל שפּארט צו שנעל צום קאָפּ, טויט באַ זיי אָפּ דעם ווילן און צווינגט זיי זיך גליטשן איבער א שארפן בארג אראָפּ, ווּ זיי קענען איבער זיך דעם קאָנטראָל ניט האַלטן.

— ווען מיר קענען עפּעס אָפּעסן... — רופט ער זיך אָן צו אדאָלפאָן.

נאָר דער באַלעבאָס פונעם רעסטאָראַן האַלט זיך באַ דעם באַפעל וואָס ער האָט באַקומען און באָט זיי אָן בלויז טרינקען. עס זעצן זיך צו צו זיי נאָך עטלעכע מענטשן און אַרום טיש זיצן שוין א צוועלף אָדער פערצן זייערע. די ברידער מאַריירא ווילן זיך שוין איצט אויספּײַנען.

— גוט... ברענגט פאר אַלעמען... ברענגט ביר...

א נידעריק געוויקסיקער פאראגווײַער, אין א רויט העמד, פארווונ־דערט זיך און טוט א קנאַק מיט דער צונג: ביר, און פאר אַלעמען! ביר איז אָן אַריסטאָקראַטיש געטראַנק. קאָסט אוודאי צען רעאַלן א פלאַש... ער וויל ניט אָפּשטיין פון אַלעמען:

— אוכוכו יי יי!... איך צאָל די אַנדערע ראַנדע, פרײַנט מײַנע! כ'האָב דאָ א כעשבן, ווייסט איר?...

— גוט אַזוי!...

— „אָף די צווײַגן פון זשאַטײַ" — זינגט עמעצער אַרויס פונעם גרינעם הילכער. דער דיסק מוז אוודאי זײַן א שטאַרק אָפּגענוצטער, מאַכ־מעם דאָס קאָל קומט פון אים אַרויס הייזעריק און גרילצט אין די אויערן.

וואָס ווײַטער ווערט אַלץ לעבעדיקער. מען טאָסטעוועט, מען קלאַפּט אָן די גלעזער, מען רעדט אַלע אַפּאַמאָל און מען שלאָגט איבער איינער דעם צווייטן מיט א קוויטש. איינער א זאָקן, א צעפלאָמטער קלאַפּט זיך אין דער ברוסט און וויל אַלעמען איבערשרײַען:

— א קריאָזשאָ בין איך, ווייסט איר? אָן ענטרע־ריִאָסער, סי סע־ניאָר...

און קלאַפּט זיך ווײַטער אין דער ברוסט, נאָר קיינער קוקט זיך אָף אים ניט אום, וואָרעם אַלע ריידן אַפּאַמאָל און מען איז שוין דערגאַנגען צו פארטרויִלעכקייט.

— צוועלף צעדערן אין איין טאָג... דאָן סעלע האָט מיך דערמאָלט געלויבט...

— „שוין ניטאָ דאָס פּאַראַגווײַ... ווּ איך בין געבוירן..." —

שרײַט אַלץ דער גראַמאָפאָן ווי אים וואָלט גאָרניט אָנגעגאַנגען.

— דערנאָך האָבן מיר אָנגעטראָפן אַ גרויסן זשערבאַ־וואָלד און געוועזן זײַנען מיר דאָרט ביז די רעגנס זײַנען אָנגעקומען און מען האָט אונדז אַלעמען אַראָפּגענומען...

— עט! דער אײבערשטער פּאַראַנאַ איז אַ כאַזעריַי! — שרײַט אַלעמען איבער אַ געוויסער סינעסיאָ און גיסט אין זיך אַרײַן אַ קעלישאָק קאַניאַ, פון די גרויסע.

דער ענטערעריַאָסער איז שוין אײנגאַנצן שיקער און נעמט זיך רע־ציטירן און רימפּלען אויף דער גיטאַרע:

— אָפּיצירן און כאַווײרים זײַנען
פאַר אַן אָפּמאַך אומגעקומען
און געווען איז אַלץ באַפוילן...

— „ווײן זשע, ווײן, אירוטאַו"...

— און פאַרן אויסיעטן צאָלט מען גאָרניט, אַ נישטיקייט...

— איך צאָל! דערלאַנג, פרײַנט מײַנער!...

...פאַר דעם טאַליען מעדינאַ,
מיט אַ פײַנעם אונטערשפּיצל
האָט מען זײ אויסגעהאַרגעט...

— פאַר מיר קאַניאַ... דער ביר טויג ניט...

— אַ גוטער העקער פאַרדינט זיך זײַן אויסקומעניש... ניטאָ קײן סאַך אַזעלכע, וואָס זאָלן קענען מאַכן אַ רײן שטיקל אַרבעט...

— „שוין ניטאָ דאָס פּאַראַגוויַי,
ווו איך בין ווי דו געבוירן..."

לעבן זאָל דאָס פּאַראַגוויַי, קאַראַכאַ! — שרײַט דער נידעריק־געוויקסיקער מענטש ווען די אַנדערע קלאַפּן אין זײַן גלאָז.

— סעסאַר דיאַז און פערײראַ,
קאַבאַזשערא און עספּינאָסאַ
אומגעקומען אין אַ טרייסט
מיט אַ טויט אַ שרעקלעכן...

— שוויַיג, אַלטיטשקער! — שרײַט אַ צווייטער אין אויף אים, ווי גרייט אים צו מיימעסן אויב ער וועט אים ניט פאָלגן. נאָר באַלד גליטשט ער זיך אַליין אַראָפּ אויף אַ באַנק און ווערט אײַנגעשלאָפן.

— מאָרגן פאָר איך אָפּ מיט דער שיף, ווייסט? — פאַרטרויט זיך אײנער.

— איך אויך...

— און איך אויך... מיט דער „איבערא" פארן מיר קיין... מיר פאלט שטענדיק אוים די „איבערא"...

— מירן אויך פארן!...

די ברידער קוקן זיך איבער. צי האבן זיי זיך שוין אנטשלאסן? אי־נעם טומל, אין דער אלגעמיינער צעהעפקערטער פרייליכקייט און װארע־מער כאװערשאפט, אויפגעקומענער בא דער קאניא און בא דעם ביר, און צװישן אזויפיל נײַע פרײַנט, שטעלן זיי זיך ניט אפ אפילע א טראכט צו טאן דערװעגן. מען האט איינעם געטרונקען און דערמיט אליין אפ־געמאכט בא זיך, אז אלעמענס לעבן און אלעמענס גורל איז איינער און דער זעלביקער. מען איז ארײַנגעצויגן אינעם שטראם און גאר. זיי האבן פארגעסן גאר זייערע ספייקעס און כשאדים.

— „די קאמבײַער האבן זיי דערהארגעט,
װײַל ניט געקענט זיי באזיגן"...

— לאמיר טרינקען פאר דער נעסיִע!

— אוכוכויייי!...

— קלאפט אן די גלעזער!... איך שטעל מאשקע...

— „א שרעקלעכע הariגע
איבער געליבטע מענטשן
מיט גארניט פארפלעקטע...

— פארמאך דײַן פיסק, אלטער! טרינק און שװײַג!...

— „און געזען האבן זיי דעמאלט
צװישן קאדרען ראצכים...

— פאר אלעמענס געזונט!

אין דער רעגע קומט ארײַן דער טערק פארינא, א געאײַלטער. ער זאגט עפעס דעם רעסטאראטאר, באטראכט גענוי דעם אוילעם און קומט צו צו די טישן. אלעמען פאטשט ער אין פלייצע און טרינקט מיט זיי פאר די גליקן, וואס דערװארטן זיי אפן איבערשטן פאראנא.

— ביסט א ליגנער! — שרײַט אוים סינעסיא און שטעלט זיך אויף. — ליגן פון אנהייב ביזן סאף... איך קען עם וואס בעסער דארף מען ניט. א גענעם איז עס און מער אהין פאר איך ניט!

ער שטייט פעסט בא דער באנק און אלע ארום קוקן אף אים מיט ערנסטן, קימאט טראגישן שװײַגן. ער נעמט ארוים א זשמעניע פאפיר־געלט און פאכעט דערמיט דעם טערק פאר דער נאז.

— זעסט? כ'האב געלט און כ'דארף מער ניט פארן...

ער ווערט פלוצים צעטרייסלט פון א שטארקן שלוקערץ און ער מוז זיך אװעקזעצן און אײַנגראבן דעם קאפ אינעם צעשפאלטענעם טיש. פא־

רינאַ טוט רוק אַ קוק אַף אים און דרייט זיך אום צום אוילעם:

— הערט אים ניט... דעם שיקער... ער ווייס ניט וואָס ער רעדט...

אינעם גראַמאָפאָן האָט מען שוין געהאַט אומגעביטן דעם דיסק און איצט קרעכצט שוין אַרויס פון דאָרט אַ צעוויינטיקט קאָל:

„מאַרשאַל לאָפּעז, ווען דו ביסט געפאַלן"...

סינעסיאָ שלאָפט און כראָפּעט שטאַרק. דער אוילעם האָט שוין פאַרגעסן וואָס ס'איז געשען און שרײַט ווײַטער, מען דיסקוטירט, מען ווינצלט זיך. איינער האָט אויסגעגאָסן אַ פערטל ליטער קאַניאַ, אַ גאַנצן פערטל, דעם אַלטן ענטרעריאַנער אַפן קאָפּ, און ער ליגט אַ רוקער, אַפן דיל אויסגעצויגן. ווי נאָר ער כאַפּט זיך אויף, רעציטירט ער ווײַטער, געלויפיק, אין איין אָטעם:

...און אַז ער האָט געזען דעם קאַדר אויסגעשטעלט,
האָט ער טרייסטלאָז אויסגערופן:
איך און מײַנע כאַווירים...

— פאַרמאַך דעם פּיסק, אַלטער...

פאַרינאַ שטייט אַרומגערינגלט פונעם גאַנצן אוילעם און רעדט אַף שנעל:

— נאַט, דאַ האָט איר אײַך. דיר — הונדערט פּעזעס. אײַך ביידן דאַ, צוויי הונדערט. האַנט־געלט, און דאָס פאַר דיר...

...איך און מײַנע כאַווירים
וועלן מיר דאָס לעבן פאַרלירן.
אַדיע, מײַן געליבט פאַטערלאַ...

צוויי הויכע קרעפטיקע יונגען נעמען אָן סינעסיאָן און דעם אַלטן און טראָגן זיי צו צו דער טיר. ראַמאָן כאַפּט אַ קוק צו זיי און ער זעט ווי זיי קײַקלען זיך צו דער קאַנאַווע. די גיטאַרע פליט זיי נאָך. נאָר באַלד פאַרגעסט ער עס. מאַכמעס דער טערק רעדט ווײַטער:

— גיט מיר אַהער אײַערע ביכלעך... שוין. איצט קענט איר אײַך אײַנקויפן וואָס איר באַדאַרפט. זאָגט מיר, וואָס באַדאַרפט איר?... פּאָנטשאָס, באָמבאַטשן? קומט מיט מיר.

די ערד איז ווייך און גליטשט זיך אונטער די פיס. ס'איז זיי שווער צו האַלטן גלײַכגעוויכט. די ברידער מאַריירא האַלטן זיך אָן איינער אָנעם צווייטן, דאָס קילע ווינטל העלפט זיי אַרויס, און עס געלינגט זיי סאָפּקאָלסאָף אַרויסקומען אַף טרוקענעם. ראַמאָנען דוכט זיך ער טראָגט בא זיך אין קאָפּ דעם גראַמאָפאָן. דער גראַמאָפאָן דרייט זיך דאָרט אַלץ שנעלער און שנעלער און קיצלט אים צום לאַכן. ער צעלאַכט זיך טאַקע און וואָס

ווײַטער אַלץ שטאַרקער, ביז ער קען זיך מער ניט אײַנהאַלטן און צע־הירזשעט זיך אַפן קאָל. דער קאָנטראַקטיסט בלײַבט שטײן:

— וואָס איז מיט דיר?

אַפן שטעל ווייס ער ניט וואָס אים צו ענטפערן. נאָר דער גראַמאַפאָן איז שוין ניטאָ און ער אַליין שפּאַרט זיך אָן אַז דער וואַנט קעדיי ניט אומצופאַלן.

— וואָס זאָל זײַן?... מאַרגן זעצן מיר זיך אויף קיין...

דער טערק שטשירעט זײַנע געלע ציין:

— אַה, יאָ, ווּעסט זען סאַראַ שיין לעבן!...

נאָר זײַן שמייכל פאַרגייט באַלד און עס בלײַבט נאָר איבער די קויטיקע צעקנייטשטע שמאַטע, זײַן מויל. ער לאָזט זיך שפּאַנען אַזוי שנעל, אַז די ברידער מאַריירא קענען אים קוים נאָכהאַלטן.

# III

די זון איז שוין געשטאַנען גאַנץ הויך ווען ראַמאָן האָט זיך אויפגעכאַפּט. ס'איז געווען אַ פאַרגעניגן צו ליגן אויסגעצויגן אין אַ ווייכן בעט, מיט עמעסע מער ווייניקער ריינע לײַלעכער. ס'איז גוט צו בלײַבן ליגן אין בעט און פּרוּוון זיך דערמאָנען וואָס מיט אַ טאָג פריִער האָט פּאַסירט. איין דערמאָנונג נאָר האָט ער געהאַט, אַן אומקלאָרע און אַ זויערע, זויער ווי דער טאַם וואָס קומט אים אַרויף פונעם מאָגן, און דאָס מויל איז אים פול דערמיט. סאָפּקאָלסאָף נעמט ער זיך אָנטאָן און ערשט דעמאָלט נעמט ער אויך אויפשטעלן פאַמעלעכן אין זיקאָרן וואָס מיט אים האָט פּאַסירט. אָבער נאָך אַלץ מעטושטעשדיק און אומקלאָר. מיטאַמאָל דערמאָנט ער זיך אָנעם פלעשל פּערפום. געווען איז עס אַזוי. זיי זײַנען געגאַנגען צו פּרויען און דערנאָך האָט זיי דער טערק געפירט אין קראָם זיך צוקלײַבן אָנצוגן. אים איז דעמאָלט אײַנגעפאַלן גיין מיט דער פרוי — ווי האָט זי געהייסן? — ער האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין דער נאָז און זיך געוווּנדערט; ער קען זיך ניט דערמאָנען. איר נאָמען געדענקט ער ניט, ער געדענקט נאָר אירע געפאַרבטע האָר און אירע גרויסע בריסטן. ער שטעלט אונטער דעם קאָפּ אונטערן קרוג און דער קאַלטער שטראָם נעמט אים דורך און רינט אים פונעם האַלדז אַף דער ערד. געקויפט האָט ער איר אַ גרויסן טוך, דערנאָך האָט זי אים געבעטן קויפן איר אַ קליידל מיט גרויסע בלויע פּאַסן. און ראַמאָן האָט איר אויך דאָס געקויפט. געפילט האָט ער זיך דעמאָלט גוואַלדיק גליקלעך. גליקלעך וואָס ער האָט געלט, ווען נעכטן ערשט איז ער געווען אַ נישטיקער באַטראַק;

גליקלעך וואָס ער איז אַרומגערינגלט מיט ליבע פרויען; גליקלעך וואָס מען באַרגט אים און גליקלעך מיט דעם פּרעכטיקן לעבן וואָס האָט זיך פאַר אים אָנגעהויבן, ווי עס שווערט זיך דער טערק; גליקלעך וואָס זיי גענישן פונעם לעבן און וואָס דאָס לעבן ווײַזט זיך זיי סאָפּקאָלסאָף אַזוי פרײַנטלעך. און אים איז אַזוי פריילעך געווען אַפן האַרצן, אַז ער האָט געקויפט אויך פלעשלעך פּערפום, עסענצן מיט אַזאַ סוידעסדיקן זיסן רייעך, און האָט זיי צעשאַנקען דער פרוי און נאָך אַנדערע פרויען, וואָס זײַנען דעמאָלט אין קראָם אַרײַנגעקומען. און אַזוי ווי די וואָס מיט די געפאַרבטע האָר און גרויסע בריסטן האָט דאָס פלעשל באַלד ניט געעפנט ווי ער האָט איר געבעטן, האָט ער אַליין אַרויסגעזעצט דאָס פאַרשטעקל און גענומען גיסן דער טשינאַ איבער די האָר. און זי האָט זיך געווערט און אים געוואָלט אָפּהאַלטן, נאָר אים איז געווען ביז גאָר פריילעך און ער האָט צופרידן געלאַכט, ביז ער האָט דאָס גאַנצע פלעשל אויסגעגאָסן און דער עסענץ מיט דעם דורכנעמענדיקן זיסן רייעך האָט גערונען דער פרוי פון די האָר און פונעם האַלדז, האָט איר די בלוזקע דורכגענעצט און אָפּגעמאַליעוועט די בריסטן מיט די דיקע שטאַרצנדיקע וואַרצלען און דעם בויך באַנעצט. און ער, שיקער ביז פאַרגעסן זיך, האָט זי געקושט, געשטעקט די הענט אונטער דער בלוזע, געטאַפּט דאָס נאַסע שמעקעדיקע לײַב און געלאַכט ווי אַ ווילדער. דערנאָך האָט אים די פרוי אַ שטויס געטאָן און ער איז אומגעפאַלן און ווײַטער געדענקט ער ניט. נאָר אַלץ איז געווען אַזוי שיין און...

— מבאַעיטשאַ פּאַ נדע קאָע...* הערט ער עמעצן הינטער זיך.

ער קוקט זיך אום. אַדאַלפּאַ קוקט אַף אים און שמייכלט.

— מבאַעיטשאַ פּאַ... וואָס לאַכסטו?

— גאָרניט... ביסט נעכטן געווען רעכט פאַרקנאַקט...

— און דו...

ביידע קוקן זיי זיך איבער, גליקלעכע. זיי זעען גאָר אַנדערש אויס. אַנשטאָט די צעריסענע אַלפּאַרגאַטן, טראָגן זיי ביידע נײַע רויטע שיך פון פערד־לעדער. הויכע זאָקן מיט קאָלירטע פּאַסן באַצײַען זייערע האָרי־קע ליטקעס און זאָקנבענדלעך האַלטן זיי צו איבער די הויזן. זיי טראָגן אויך פּאַראַ־העמדער, ווײַס און שוואַרץ געקעסטלטע, און אַפן האַלדז „יאַ־פּאַנישע" טיכלעך, מיט שיינע גרינע, געלע און רויטע פּאַסן. אויך דער גאַרטל איז פון רויטן לעדער. אַנשטאָט די פאַרפעצטע קאַפּעליושן, טראָגט ראָמאָן אַ שטרויענעם „קאַפּיאַי" מיט ברייטע ראַנדן און אַדאַלפּאַ אַ קאַס־

---

* אַ גוט־מאָרגן — אין גוואַראַני־לאַשן.

טאָרענעם טשאַמבערגאַ מיט אַ ברייטער טונקעלער סטענגע, ווי עס טראָגן די מאַזשאָרדאָמען. זיי זייַנען אויסגעקליידט פון קאָפּ ביז די פיס און האָבן נאָך צווייטע אָנצוגן ליגן אינעם קופערט מיט דעם אָוואַלן דעק, וואָס זיי האָבן געקויפט פאַר ביידן. זיי קוקן זיך נאָכאַמאָל איבער און צעשמייכלען זיך ווידער גליקלעכע און צעשטראַלטע.

# IV

אין גאַס פילן זיי זיך ווי זיי וואָלטן געווען גאַנצע פּריצים, ניט אַבי ווער, הונגעריקע, נישטיקע, ווערטלאָזע אַרבעטער. מען קוקט זיך שוין אום אַף זיי ווען זיי גייען פאַרבייַ, פרויען מייַדן זיי שוין ניט אויס. נויט און אומזיכערקייט זייַנען ווי אַף אייביק אַוועק פון זיי. די קעשענעס זייַנען פול מיט געלט, די אויגן גלִיען און דאָס האַרץ איז צופרידן. זיי ווילן דאָרט אויבן אָפּאַרבעטן עטלעכע כאַדאָשים און צוריקקומען „מיט אַ פולן גאַרטל", ווי דער טערק זאָגט. זיי גייען זיך אַרומשערן די פּאַטלעס און אָפּפוצן די נאָך נייַע שיך „פּאַטריאַ". די היץ אין גאַס איז אַ שרעקלעכע און זיי שוויצן, נאָר זיי ווילן בעשום אויפן ניט אַראָפּנעמען פון זיך די נייַע קליינע פּאָנטשאָס, וואָס הענגען זיי וווילייִנגיש פון די פּלייצעס אַראָפּ. זיי מאַכן אַ שפּאַציר איבער די שענקען. אין „מאַריסקאַל ראָסאַלעז" טרעפן זיי אָן עטלעכע נעכטיקע באַקאַנטע, אין איין צייַט מיט זיי קאָנטראַקטירטע. אַלע פרייען זיי זיך און מען טרינקט אויס עטלעכע ראָנדאָס קאַניאַ.

זיי פירן זיך ברייט. אין „קאַבורע" צאָלן זיי קאַניאַ און ביר יעדן ווער נאָר ס'קומט אַרייַן. וווּהין זיי קומען, שאַפן זיי זיך אייַן גוטע ברידער מיט אַ לייַכטער האַנט. אין „אייבערשטן פּאַראַנאַ" בלייַבן זיי עסן מיטאָג און עטלעכע מענסוס זעצן זיך צו צו זיי. פּאַראַן אויך פרויען און אַ גראַמאָפאָן, אַ נייַערער, ניט אַזאַ גרילציקער ווי אין „לאַ פּערלאַ". יעדער איינער איז גרייט זיי צו העלפן זיך פאַרווייַלן און אויסגעבן דאָס פּעקל געלט, וואָס צעשטאָפּט זיי די קעשענעס.

— צו געזונט! מאָרגן פאָרן מיר אָפּ...

— אוכוכווייי!...

געזאַנג, געשריי און וויצן פילן אָן די לופט אינייִנעם מיט דעם רויך פון פּאַראַ־טאַבאַק און גלעזער פּלִיען און קלאַפּן זיך אָן איינמאָל און אַ צווייטן מאָל. דערנאָך לאָזן זיך די ברידער מאָרייראַ ווידער אַרויס אין גאַס, גרייט ווייַטער צו הוליען. מיטאַמאָל קוקן זיי זיך אום. עמעצער לויפט זיי נאָך.

— עה! טשע, פרייַנט מייַנער... הערסט ניט אַז איך רוף דיך?... שטיי אַ ווייַל!

אַדאָלפּאַ דערקענט באַעזן, זײַנעם אַן אַלטן באַקאַנטן פון די טשאַ־
קער וועלדער, אַן אַלטער כאַווער צו נויט און אַרבעט. ביידע געדענקען זיי
די אַרבעט פון זון ביז זון, ווען זיי האָבן געהאַקט קעבראַטשאָ־ביימער.
אײנײנעם פלעגן זיי מאַטע טרינקען, אונטער איין דאַך שלאָפן און אַפּילע
איין פרוי געהאַט, יענע כוליאַ, וואָס האָט פאַר אַלע צען זייערע געקאָכט
און מיט אַלע צען זייערע זיך אויך געלייגט. די יאָרן האָבן זיי צעשיידט.
באַעזן פאַרבעט זיי טרינקען לעקאָוועד דער באַגעגעניש. דער בראָנפן
מאַכט זיי נאָך פרייליכער און בינדט זיי אויף די צינגער. זיי זיצן אַרום
דעם הוילן טיש, ווו עס זײַנען מיט אַ מעסער אויסגעקריצט אייניקע נע־
מען, און דערמאָנען זיך מאָמענטן, וואָס פאַרגעסן זיך שווער, זיי קלאַפּן
אין טיש אַזש די ברעטער ציטערן, זיי קוויטשען און לאַכן ווי די ווילדע.
אײנער פון זיי דערמאָנט זיך וויאַזוי דער קאָנטראַקטיסט לינאַרעס איז
זיי נאָכגעלאָפן דרײַ הונדערט מעטער און האָט זיי נאָכגעשאָסן דערפאַר
וואָס זיי זײַנען געקומען בעטן ער זאָל זיי פאַרבעסערן דעם „פּראָוויאַנט".
נאָך דער מײַסע בלײַבן זיי זיצן עטלעכע מינוט און שווײַגן. נאָר איצט,
נאָך אַזוי פיל יאָרן, פילן זיי דעם טאַם פון דעם ביזאָיען, וואָס זיי האָבן
דעמאָלט געליטן. באַלד אָבער לאַכן זיי זיך פונאַנדער, אַזש טרערן שטעלן
זיך זיי אין די אויגן, — די קאַניאַ האָט צוגעהאָלפן, — פון באַעזעס אַן
אַוואַנטורע. דאָס האָט פּאַסירט ווען דער קאַפּאַטאַס קאָרעאַ, קימאַט אינ־
גאַנצן אַ פאַרפּעסטעטער, איז געשטאָרבן. געקומען זײַנען זיי דעמאָלט צום
אויפזײַן שוין אויסגעטרונקענע לעקאָוועד דער געשעעניש. באַעזן האָט זיך
דעמאָלט דורכגעשטופּט דורך דעם שווײַגנדיקן אוילעם ביז צום שער־בעטל,
אַף וועלכן דער מעס איז געלעגן, האָט זיך גוט אײַנגעקוקט אין אים און
האָט אים אַ קנײַפּ געטאָן אינעם האַנט־געלענק.

— איך וויל מיך איבערצײַגן — האָט ער אַ זאָג געטאָן דעמאָלט
צו די אַרומשטייענדיקע — צי ער איז מיט אַן עמעסן טויט. און געווען
איז ער דעמאָלט אַזוי צופרידן מיט זײַן אויפטו, אַז ס'האָבן אים ניט
געאַרט די קלעפּ, וואָס ער האָט באַקומען מיט דער פלאַכער זײַט פון די
מאַטשעטן, ביז עס האָט זיך פון דאָרט אַרויסגעקראָגן.

עס האַלט איצט בײַ ראַמאָנען.

— דאָס איז געשען — האָט ער אָנגעהויבן — ווען מיר זײַנען
אויפגעוועזן אַרום דעם פאַרשטאָרבענעם פאַז. אין אַ ווינקל האָט מען גע־
שפּילט טרוקאָ בײַ דער שײַן פון די ליכט וואָס האָבן געברענט צוקאָפּנס
דעם מעס. די קוילעס פון די שפּילער האָבן זיך געמישט מיט די געשרייען
פון די ווײַבער, וואָס זײַנען געקומען באַוויינען דעם טויטן צו צוויי רעאַלן
פון אַ קאָפּ. אינמיטן דער שפּיל איז עמעצער באַגאַנגען אַ מיעסן שווינדל.

פון זידלען זיך איז מען אריבער צו די מעסערס, צו די מאטשעטן. איי־נער א פאַרזיכטיקער האָט די ליכט אויסגעלאָשן און געוואָרן איז א שרעק־לעכע מעהומע. וויפל קעפ מען האָט דאָרט צעהאַקט! איר האָט באדאַרפט זען וואָס דאָרט האָט זיך אָפּגעטאָן!... די ווייַבער האָבן געקוויטשעט ווי די ווילדע, האָבן זיך קוים אַרויסגעריסן, און אין דער פינצטער, האָבן די קאָרטן־שפּילער דערווייַל זיך געמיימעסט מיט די מעסערס. ווען מען האָט ליכטיק געמאַכט, איז דער אָרן געשטאַנען אַ ליידיקער אויף דער ערד אין איין ווינקל און דעם מעס האָט מען געפונען אין אַ צווייטן ווינקל... אַזאַ ווילד פאַרלויפעניש לאָזט זיך ניט פאַרגעסן!...

צווישן איין מייַסע און דער צווייטער גיסט זיך דערווייַל „פּאַראַגוויי־ זשיטאַ" און ברענט די גאָרגלען. צום סאָף קומט מען אַרויף אויף דעם אָנ־דינגען זיך. באַעז האָט פונעם אייבערשטן פּאַראַגוויי געבראַכט מיט זיך עטלעכע פּעזעס. ער רעכנט איינפירן אַ שענקל הינטער פּאַסאַדאָס, נאָר מעגלעך ער זאָל זיך גאָר אָנדינגען צו אַ גוטבאַזיצער אין מערסעדעס פאַר אַן אַקסן־טרייַבער. זיי ווידער דערציילן אים וועגן זייער אָנדינגען זיך צום טערק.

— ...ער זאָגט עס וועט אונדז דאָרט גוט זייַן און מירן דאָרט אָפּשפּאָרן געלט...

— אַזוי! מיך האָט דער טערק שוין איינמאָל אַזוי אַרייַנגעפּאַקט... פּאַראַיאָרן איז עס געווען. ס'ליגט מיר גוט אין זיקאָרן. געשיקט האָט ער מיך קיין פּאַראַגווייַ, צום האַפן גענעראַל דיַאַז. געזאָגט האָט ער מיר, אַז איך וועל דאָרט רייַטן אויף אַ פּערד, ווי אַ מאַזשאָרדאָם. און אַזוי טאַקע איז עס געווען. כ'האָב געריטן... אויף אַ פּגירע, אַז איינגעשפּאַנטע פאַר אַ שפּיצאַק אין אַ שווערן וואָגן, פון די וואָס פירן צו דעם פּראָוויאַנט און פירן אַוועק די זשערבאַ. אַ הינטיש לעבן!

אים איז ניט שווער אויסצודערציילן זייַן ביטערע דערפאַרונג. צוויי פאָר וועש און אַ וואַליזע איז געווען דאָס גאַנצע געפּעק, וואָס מען האָט אים מיטגעשיקט. אַכט כאַדאָשים האָט מען אים געהאַלטן באַ די וועגע־נער. די אָנטרייַבער פלעגן שלאָפן אויף אַן אונטערגעבעט פון טאַקואַפּי־פּאַלמען און באַלד נאָך האַלבער נאַכט פלעגט זיי שוין דער אויפזעער וועקן מיט דעם מאַטשעטע איבער די פּיאַטעס. קעדיי מען זאָל וואָס גיכער אויפשטיין, פלעגט ער אַן אַנדערש מאָל אַרויסציִען דעם רעוואָלווער און שיסן איבער די קעפּ. מען האָט באַדאַרפט איינשפּאַנען ווען עס איז נאָך געווען גוט פינצטער. און פאָר רייַסן זיך מיט די מויל־אייזלען אַ גאַנצן טאָג, האָט מען אים געצאָלט דרייַסיק פּעזעס אַ כוידעש. פאַרן עסן האָט מען באַדאַרפט צאָלן. נאָך צען כאַדאָשים אַרבעט, האָט ער באַוויזן אַראָפּ־

צוקומען קיין פּאַסאַדאַס מיט אַכציק פּעזעס אינעם גאַרטל, און שוין דעם ערשטן טאָג ווי ער איז אָנגעקומען, האָט ער זיי אויסגעגעבן, ער געדענקט אַליין ניט ווי אַזוי. דערנאָך האָט ער זיך ווידער אָנגעדונגען און איז אָנגעקומען אינעם האַפּן איסטועטאַ.

— ווען עס גליקט אָפּ, קומט פון דאָרט אַ לעבעדיקער... — פאַרענדיקט ער און פּאַטשט מיט די הענט מען זאָל צוברענגען נאָך קאַניאַ.

מאַמעש מיט ציין און מיט נעגל האָט ער זיך אַרויסגעראַטעוועט פון דעם זשערבאַ־סויכער סיריטאַ. געזאָלט האָט מען אים באַשטראָפן מיט שמיץ פאַר קרום אָפּענטפערן דעם מאַזשאַרדאָם, אַ געוויסער לאָפּעז, אַ ביי־זער קערל. אַ צונאָמען האָט ער געהאַט „דער קוילער", מאַכמעס צו די באַטראַקעס פלעגט ער נוצן אַ שאַרפן מעסער, ווי צו בעהיימעס, אַף צו באַפרייַען זיי פון זייערע לייַדן. די מענטשן פלעגט מען פאַרשפּאַרן אין אַ פינצטערן קעלער, פול מיט שטשורעס. אַף דער וואַנט פון אַט דער טפּיסע האָט עמעצער אויפגעשריבן מיט זייַן אייגן בלוט: „דאָס איז דאָס הויז פון די אָרעמע מענטשן"...

— איך קען אים אַף דורך און דורך, דעם אייבערשטן פּאַראָנאַ...

— ער גיט אַ כראַקע און מיט עקל שפּייַט ער אויס ווייַט פון זיך.

— דאָרט, אין סאַנטאַ טאָמע, ווייסטו, דאָרט האָט מען אונדז גע־זאָגט וועגן אַנדינגען זיך. דערפאַר זייַנען מיר געקומען...

— ווי דען! זעט איר ניט, אַז דאָ קען מען שוין קיינעם ניט רעק־רוטירן? אויב עמעצער בלייַבט לעבן דאָרט אויבן, איז ער קראַנק און שטאַרבט סייַ ווי. אַנדערע כאַפּן זיך אַרויס באַצייַטנס, אַזוי ווי איך, און פאָרן ניט מער אַהין. ווילן זיי קריגן נייַע מענטשן, מוזן זיי זיך דערום פאַרקלייַבן קיין פּאַראַגווייַ אָדער זיך אַוועקלאָזן אַראָפּ וואַסער, קיין קאָ־ריענטעס און נאָך ווייַטער... הערט וואָס איך זאָג אייַך: איר זייַט גוטע פרייַנט, טוט ווי אייַך געפעלט, נאָר איך וועל אַהין צוריק ניט פאָרן!

אַ לאַנגער שווייַגן פאַלט אַראָפּ אַף די געהויקערטע געשטאַלטער אַרום די פלעשער. די דרויסנדיקע זון שמייַסט זיי אין פּאָנעם, גראָבט זיי טיפער אייַן די אויגן, פאַרשפּיצט זיי די באַקן־ביינער און צעגלאַנצט זייער טונקעלע הויט. עס הויערט איבער זיי אַ טיפער ערנסט און בייגט זייערע קעפּ אונטער אַ רעגן פון ספּייקעס. ווידער איז דאָס לעבן שווער, ווילד און זומפּיק. פאַרשווונדן איז דעם לעבנס פרייַלעכער פּאָנעם און איז גע־קומען אין באַרירונג מיט דער וואָר, וואָס באַזן האָט צעגאָסן איבערן שענק־טיש, ווו מען האָט געקענט לייענען די, קענטיק, שוין לאַנג אויסגע־קריצטע נעמען: אַנאַסטאַסיאַ — אַלבערטאָ פּערעס — בראַו... ליאַ ראָמע... דער רעשט איז אָפּגעמעקט. פון די יאָרן און פונעם טאַפּן. דער

טרעגער פון דעם אָפּגעמעקטן נאָמען איז שוין מיסטאָמע אויך אָפּגע־מעקט. צעניטשיקט אין איינעם פון די דערמאָנטע האָפּנס אַרויף דעם וואַ־סער, און קריצט ניט מער זײַן נאָמען אַף קיין שום שענק־טיש.

אַדאָלפאָ שאַרט אַוועק אַ גרוי געוואָרענעם לאָק האָר, וואָס איז אים אַף דער באַק געפאַלן און טראָגט צו אַ נײַע פלאַש קאַניאַ צו די ליפּן. נאָר די ברויזיקע פליסיקייט שמעקט אים ניט מער. ער טראַכט איצט, אַז צוריקכאַפּן קען ער שוין ניט.

# V

— צו באַכאַדאַ וויעכאַ גייען מיר...

קאַסטאַ ניאַראַ, קאַסטאַ דולסע, קאַסטאַ בראַוואַ... * גאַסן שטיינדל־דיקע און הײַזער הילצערנע. פאַראַן אויך שטיינערנע. גאַסן־פרויען קומען אַרויס אַף די טירן אָדער זיצן אויסגעזעצט אַף טשערעטענע שטולן באַם זוים פונעם ערדענעם טראָטואַר און געניסן פונעם קילן ווינטל, וואָס בלאָזט פונעם טײַך. טייל פרויען זײַנען הויכע, לײַביקע, שלאַנקע. אַנדערע האָט אַ פאַרבאָרגענע קראַנקייט די הויט אײַנגעשרומפּן, צו די ביינער צו־געקלעפּט, די אויגן צעגלאַנצט און די באַקן און די נאָז פאַרשפּיצט. אַמאָל זײַנען זיי מיסטאָמע שיין געווען. נאָר אָפּן אייבערשטן פאַראַנאַ פאַרגייט די יוגנט זייער שנעל, ווי די טראָפּישע בליץ־שטורעמס. עס יאָגט אָן די אומבאַשטימטע עלטער, ווען אַ פרוי האַלט זיך נאָך, ווען זי איז נאָך פאַר דער פולער רײַפקייט, נאָר די יוגנטלעכע פרישקייט איז שוין ניטאָ, און זיי ווערן מיטאָמאָל אַלט אָדער זיי שטאַרבן. דערווײַל אָבער פּוצן זיי זיך און באַמיִען זיך אײַנצוהאַלטן זייער רייץ, אַלנפאַלס, זייער אויסערלעכקייט, וואָס ציט צו דעם מענטש. ווען זיי טויגן שוין ניט צום פאַך, בלײַבט זיי נאָר איינס, לעבן פון נעדאָוועס, פאַרגעסענע, מיטן שטראָם פאַרשלעפּטע, פאַרלוירענע אינעם פאַסאַדעסער ברענענדיקן לעבן.

דאָ האָט איר זיי שטיין אַף די טירן און טײַוועדיק זיך אָנבאָטן, מיט די קיילים גרייט פאַר די מענטשן, וואָס זײַנען דורשטיק אַף אַ לאַסקע. די טינט־שוואַרצע האָר זײַנען גלאַט פאַרקעמט און באַשמירט. אָן אַנדערע האָט שטעקן אַ גרויסן קאַם אין די האָר. זיי וועקן דעם כיישעק באַ די פאַרבײַגייענדיקע מענער מיט אַ וואָרט, מיט אַ זשעסט. ווענן אָט די פרויען כאַלעמען די וואַלדהעקער, פאַרוואָרפענע ערגעץ אין דער ווילדערניש, ווענן זיי טראַכטן די זשערבע־רײַסער, ווען זיי וואַרפן זיך אַוועק אַף די שמאָלע שער־בעטלעך, אינעם קלעם פון פיבער און ניט באַפרידיקטן סעקס. ווענן

---

* נעמען פון גאַסן באַם האָפן.

זיי טראַכט מען ווען מען קען זיך אַף עטלעכע מינוט באַפרײַען פון דער קנעכטשאַפט און אַרויסקומען זיך נעמען אַ פרוי אַ באַלײַבטע, ווילד צו־דריקן צו זיך, זיך אײַנבײַסן אין איר, אַ פרוי מיט אַ גלאַט לײַב, צוצוטו־ליען דאָס אייגענע, דאָס ברענענדיקע, דאָס צעאַקערטע און קויטיקע און, מער ווי אַלץ, זשעדנע־גיריקע. די טשינאָס! דאָ האָט איר זיי, און די מענ־סום פילן ווי זייער אַנגסטיקער באַגער ווערט צערונען אינעם געלעכטער, ווען זיי דערזעען זיי, כוצפּעדיקע, רייצנדיקע, אַף די טירן שטייענדיקע.

איינע, אַ מער אַנטשלאָסענע, גייט זיי אַרויס אַנטקעגן.

— קום, טשע — שטייט זי צו צו באַעזן און הענגט זיך אָן אַף אים. — קום אַרײַן זיך פאַרווײַלן...

ער וויל זיך פון איר אָפּטשעפּען און טוט זי אַ שטויס אָפּ, נאָר בעיס מײַסע פאַררוקט ער איר די האַנט אונטער דער בלוזע און טאַפּט איר דאָס לײַב.

— עט, איך האָב ניט ליב קיין מאָגערע הינער!... — גיט ער אַ זאָג מיט אַ געלעכטער, וואָס אַנדערע כאַפּן אונטער.

— קום אַרײַן, ווען דו ביסט שיין ווי איך בין — און דערבײַ גיט זי עפּעס צו אין דער שטיל און טוט נאַשעריש אַ פאַלדעווע די ליפּן. באַעז שפּאַנט ווײַטער צו.

— אויב אַזוי, באַווײַז עפּעס. עזשעפּעי טשע'אָמאַ...*

אַ פּאָר נײַגעריקע פרויען דערשמעקן אַ סקאַנדאַל און קומען צו.

— טשע, „בלום פונעם געסל", זע וואָס מען מאַכט פון דיר...

זי הערט ניט אויף קוקן צום קונד. די אויגן בײַ איר גלאַנצן, דער גאַנצער גוף איז קריגעריש אַרויסגעשטעלט.

— זײַ נאָר ניט קיין פרײַער...

— אַזוי נאָר? און טאָמער בלײַב איך בײַם כיישעק?

וואַרפן אַ סאַפּעק אַף דער פּראָפעסיאָנעלער פעיִקייט פון דער גאַסן־פרוי קען מען ניט אומבאַשטראָפט. די זיסע צערטלעכקייט פון דער פרוי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ברענענדיקן צאָרן. אַ בלייכקייט איז איר אַף די באַקן אַרויסגעטראָטן. ווי אַ מאַכעשייפע וואַרפט זי זיך אַף אים שלאָגן. נאָר באַעז טרעט באַצײַטנס אָפּ צו די איבעריקע מענטשן.

— געמיינער יונג! כאַרעוועער טינויפעס, מאַמזער!...

עס ווערט אַ אַנגעלויף. ווען זיי פאַרקירעווען בײַם ראָג גאַס, פאַר־ווײַלטע ביז גאָר, און קײַכן פון געלעכטער איבער דעם שפּאַס, וואָס זיי האָבן געהאַט, הערט מען נאָך די פרוי, אַן אויפגערעגטע, שרײַען:

— פאַרגעלטער ט... אַניאַמעמבוי!...

* פאַרהייב דאָס קליידל.

# די דעראָבערונג

געוועזן איז אַמאָל אַ שיינע צײַט פון אומוויסן. די ווילדע זײַנען
געוועזן די האַרן פון אַ העלן אָנפּניעסדיקן גליק. דעמאָלט איז די
זשערבאַ מאַטע אַ פרײַנט געוועזן דעם מענטשן. אַ מענטשן־ליבנדיקע
הימלשע גאָטהייט האָט זיי אויסגעלערנט ברענען און נוצן דעם
מעכײַעדיקן קאַאַ. און סײַ די גוואַראַניער און סײַ די איבעריקע
שוואַטים האָבן שוין דערנאָך ניט געקענט אויפהערן טרינקען דעם
מונטערנדיקן געטראַנק. מיט גרינער אָדער טרוקענער אַף שטויב
צעמאָלענער זשערבאַ, אָדער גרינערהייט צעשטויסענער, פלעגן זיי
היילן זייערע וווּנדן. מיט איר פלעגן זיי די נערוון שטילן און די זון־
שלאַקן לינדערן. געוועזן איז זי דאָס שטענדיק ווירקנדיקע מיטל צו
בויכווייטיק און מיט דעם געשמאַקן געטראַנק פלעגט מען זיך אַמאָל
אײַנשפּאָרן אַ מיטאָג. היימישע רויפים פלעגן פון זשערבאַ מאַכן
פלאַסטערס „אַף צו פאַרציִען, פאַרטריקענען אָדער פאַרניטען און
שטאַרקן אָפּגעשוואַכטע, צעקלאַפּטע אָדער צעבראָכענע אייוורים"
און מען פלעגט זי טרינקען מיט קאַלט וואַסער אַף צו לעשן די
גרויסע טראָפּישע היצן...

מיטאַמאָל האָבן זיך די אָקעאַנען צעברויזט, די טײַכן זײַנען
פון די געלעגערס אַרויס, און דער הימל, אַ צעבליצטער, האָט שרעק־
לעכע אומגליקן אָנגעיאָגט... די ווײַסע פאַרכאַפּער האָבן זיך באַ־
וויזן. און פון דעמאָלט אָן, ווו נאָר עס וואַקסן די טונקל־גרינע בלעט־
לעך, ברענגען זיי אומגליק, רישעס און שקלאַפערײַ, ווו נאָר עס
פאַלט דער בליק אַף דעם הייסן און רעטזועלהאַפּטיקן אייבערשטן
פאַראַנאַ. דער גרינלעכער פלעק פון די זשערבאַ־וועלדער ווערט
וואָס ווײַטער אַלץ מער באַדעקט מיט דעם רויט־בלענדיקן פלעק
פון געבירטיקן בלוט.

פון אָנהייב זײַנען דאָס געוועזן אינדיאַנער... אין די הענט פון
די הערשער האָבן זיי געליטן הונגער און דורשט און געאַרבעט, די

טרײַלאָזע כאַיעס. אין יאָר 1618 האָט דער גובערנאַטאָר גענעראַל הערנאַנדאַריאַס אַליין געמוזט שרײַבן צום שפּאַנישן קעניג, אַז אין גוויַירע האַלט עס דערבײַ עס זאָלן מער קיין שקלאַפן ניט פאַר־בלײַבן.

„...ווו מען האָט באַ זיי צוגענומען די ערד, אַ באַוואַקסענע מיט אַ זעלטענעם מין גראָז, וואָס מען באַקומט דערפון אַרויס אַ נאַר־האַפטיק געטראַנק, שוין אַ שטאַרק באַליבט געוואָרנס באַ די זעל־נער פון דער דעראָבערונג, און זיי צווינגען די געבירטיקע דאָס גראָז אַריבערצוברענגען אַפן רוקן פון מײַלן ווײַט איבער קאַליע ווע‍גן און באַגייען זיך מיט זיי טיראַניש ביז גאָר...‟

און הערבאָווע פאַפירן זײַנען געגאַנגען הין און צוריק איבערן יאַם און מען האָט פײַערלעך אָנגענומען מיטלען די אַוולע צו פאַר־ריכטן, נאָר אין די אורוועלדער פלעגן די טרײַלאָזע ווײַטער פאַלן אונטער דער לאַסט פון דעם קאַאַ, וואָס איז שוין ניט מער געווען דער פרײַנט פון די מענטשן. בוענאָס־אײַרעס און סאַנטאַ־פע האָבן זיך צוגעווויינט צו דעם זעלטענעם געטראַנק. אַריבער איז עס די קאָלאָניאַלע גרענעצן און אָנגעקומען קיין טשילע, פּאָטאָסי און לי־מאַ. און קיינער האָט ניט געוווּסט, אַז דער ביטערער טאַם פון דער צוגעברענטער מאַסע נעמט זיך פון דעם ווייטיק, אויסגעזויגן באַ די אינדיאַנער, וואָס זײַנען געפאַלן בעייסן אָנצייכענען דעם אויפבלי פון דער זשערבאַ־אינדוסטריע.

די יעזויטן האָבן פּראָטעסטירט. איינער אַן אייפעריקער טאַל־מיד פון דעם הייליקן איגנאַציוס פון לאָיאָלאַ האָט צוגעטראָגן דער אינקוויזיציע אין לימאַ אָט די מעסירע וועגן דער געפאַר און שעד־לעכקייט פון דער זשערבאַ־מאַטע:

„כאָטש עס קען זיך דאַכטן, אַז דאָס איז ניט פון די גרויסע מענטשלעכע טײַוועס, איז זי אָבער אַ טײַוולשער אָבערגלויבן, וואָס ברענגט גרויסע שאָדנס... דער ערשטער פון די שאָדנס איז דאָס וואָס די ערשטע געברויכער פון דעם גראָז זײַנען געווען די אינ־דיאַנער, אָנגערעגטע, פאַרשטייט זיך, פון אַן אָפּמאַך מיט דעם סאַטן, וואָס האָט זיך צו זיי באַוויזן אין די אונטערערדישע היילן אין דער געשטאַלט פון אַ כאַזער... זיי האָבן קיין געדולד ניט אויסצוואַרטן מיט דעם טרינקען דאָס מין גראָז ביז נאָך דער מע־סע... זיי קענען זיך ניט אײַנהאַלטן און מייקענען אויס דעם היי־ליקן מאַלצײַט באַלד ווי זיי נעמען עס אין מויל. און קימאַט קיין איינער פון די וואָס זײַנען באַהערשט פון דער דאָזיקער טײַווע

נעמט ניט דעריבער דאָס הייליקע מאָלצײַט אויסער אין דערוואַ־
כונגס־טאָג און אויך דעמאָלט קומען זיי צו דער מעסע גאַנץ פרי
און די מערסטע מײקענען עס טייקעף אוים, אָן שום רעספּעקט פאַרן
הייליקן סאַקראַמענט, און אַ סאַך גאַלאַכים ריכטן דערום אָפּ זייערע
מעסעס זייער זעלטן... איך רייד שוין ניט פון אַנדערע אומאָנגע־
נעמקייטן, וואָס זײַנען גאָרניט געשמאַק און גאָרניט געזונט, און
פון דער גרויסער צאָל אינדיאַנער, וואָס קומען אום באַם רײַסן און
ברענען די פאַרשאָלטענע זשערבאַ, וואָס דאָס איז אַ גרויסער שאָד
און אַ ראַכמאָנעס, און פון דעם כילעל האַקוידעש, וואָס די שפּאַ־
ניאָלן און גאַלאָכים זײַנען גוירעם דערמיט וואָס זיי נעמען איבער
די געוווינהייט. איך רייד נאָר וועגן דעם וואָס זיי און די אינדיאַנער
ווערן דערפון לײדיקגייער און פוילאַקעס און די אָנגעקומענע פון
שפּאַניע און די געבירטיקע פאַרלירן מיט דער צײַט דעם זין און
דעם אָפּשײַ פאַר די זאַכן פונעם הייליקן גלויבן, און אַ סאַך זייערע
האָבן אַזוי ווייניק מוירע פאַר גאָט, גלײַך זיי וואָלטן גאָר קיין גלויבן
ניט געהאַט, און אַז זיי האָבן ווייניק גלויבן, האָב איך דערויף שטאַר־
קע באַווײַזן..."

---

דער פּראָטעסט פון די יעזויִטן האָט וואָס ווײַטער אַלץ העכער
געהויבן דעם טאָן, אַזוי לאַנג ביז מען האָט אים דערהערט. דער
יעזויִטן־אָרדן האָט דעמאָלט געהאַט אײַנגעפירט זײַנע אייגענע מי־
סיעס, וואָס זײַנען באַרימט געוואָרן אין אַלע עקן פונעם אַלטן און
נײַעם קאָנטינענט. אַף די 33 גרויסע אונטערנעמונגען זייערע, אײַנ־
געשטעלטע אַפן אייבערשטן פּאַראַנאַ, האָבן שוין געהאַט געאַרבעט
150 טויזנט אינדיאַנער, און די מיינונג פון די יעזויִטן איבער דער
זשערבאַ האָט זיך שוין געהאַט געענדערט. שוין ניט דער סאָטן אין
דער געשטאַלט פון אַ כאַזער האָט צו איר אָנגערייצט. טייל האָבן
געהאַלטן, אַז אויסגעפונען האָט זי דער הייליקער באַרטאָלאָמעוס
און אַנדערע — אַז דער הייליקער טאָמאַס. געפונען האָט זיך אויך
אַזעלכער, וואָס האָט פאַרזיכערט, אַז יעזוס אַליין מיט זײַן גנאָד
האָט אַראָפּגעשיקט די דאָזיקע גאָב. דאָס גרינגע געטראַנק איז שוין
ניט קיין טײַוועס, נאָר דער ביטערער טאַם איז אים פאַרבליבן. די
נײַע באַלעבאַטים האָבן נאָר געביטן די אַרבעט־סיסטעם, זיי האָבן
עס געמאַכט קליגער, מעטאָדישער און אײַנטרעגלעכער, נאָר די
לאַגע פונעם אינדיאַנער האָט זיך ניט געביטן. די גוואַראַניער, די
קאַינגוער, די טופּיס, האָבן דערקענט דעם קריסטלעכן גאָט און זינ־
גען שוין גאָטספאָרכטיק די טפילעס אין כאָר, באַם אויפשטיין, באַם

עסן און באַם לייגן זיך, פון די פּליַיסיקע הייליקע פּאַטערס אײַנגע־לערנט. נאָר ווי פריִער ברעכן זיי די צוויַיגן און רײַסן די בלעטער ביז זיי פאַלן דערשעפּט און פאַרמאַטערט אַף זייערע עלנטע געלע־גערס, אַזוי אַז זייער געשלעכט־אינסטינקט איז שוין אַטראָפירט און האָבן שוין פאַרגעסן וואָס ליבע איז. די קאַאַ איז געוואָרן אוים פריינט פון די מענטשן און ווי נאָר זי קומט, קומט דער אומגליק מיט איר.

און פּלוצים האָט זיך ווידער דער הימל צעבליט און דער ביי־זער גענעראַל טשאַגאַס האָט זיך פון בראַזיל אין די מיסיעס אַרײַנ־געריסן און האָט זיי געמאַכט צו אַש און צו שטויב, אַזוי אַז עס איז קימאַט אַ שטיין אַף אַ שטיין ניט געבליבן, און עס זאָל אַ סאָף נעמען צו דער שאַנד. און די אינדיאַנער זיינען ווידער אַוועק אין וואַלד. דערפון וואָס מען האָט זיי געלערנט האָבן זיי געדענקט נאָר דאָס נוצלעכע, פונעם איבעריקן איז זיי פאַרבליבן ניט מער ווי אַ מעטושטעשער צעדרייטער שפּור. פון דעם הייליקן טאַמאַס איז ווידער געוואָרן צומע און צוריקגעקומען זיינען די אַלטע פּאַשעטע מענטשלעכע געטער. אַף אַ צײַט איז די „קאַאַ" ווידער געוואָרן דער פריינט פון די מענטשן.

אָבער ניט מער ווי אַף אַ צײַט. וואָרעם אָנגעקומען זיינען נײַע דעראָבערער. געקומען זיינען זיי מיט אַנדערע וועגן, געהאַט האָבן זיי מיט זיך אַנדערע מאַשינען, אַנדער געווער. דער ציל זייערער איז געווען דער אייגענער: די יונגפרוילעכע זשערבאַ־וועלדער און דאָס יונגע בלוט פון די טונקעלע מענטשן, אויסגעוואַקסענע באַ דעם קרישטאָל־קלאָרן וואַסער פון זייערע טײַכן אָדער טיף אין די וועלדער, ווו עס וואַקסט אָט דאָס בייזע גראָז.

# VI

אַף דער טיר פונעם טאַנץ־זאַל לאַנגווײַליקן זיך די פּאָליציאַנטן, לאַנ־ גע פּאַרוואַרלאָזטע וואָנצעס און שטויביקע מונדירן. ווען די באַטראַקעס קומען צו, שטעלן זיי זיך אויף און נעמען אָן אַ קאַמיש־זעלנערישע פּאָזע.

— זעלנער זײַנען דאָ! — האָט אַ וואָרן געטאָן אַדאָלפאָ — באַ־ האַלט די מעסערס . . .

נאָר ניט געפערלעך. מען באַטאַפּט זיי מעכאַניש און מען פּאַלט ניט אַפן שווינדל. באַ באַעזן נאָר האָבן זיי אָנגעטאַפּט דאָס מעסער און האָבן עס באַהאַלטן אַף אַפּצוגעבן באַם אַרויסגיין. ער האָט זיך געשטעלט, נאָר ס׳האָט אים גאָרניט געהאָלפן, מ׳האָט אים נאָר געסטראַשעט מיט אַ פּאָר קלעפּ „אַף צו אָנטווײַנען". זיי באַצאָלן צו פּעזע פון אַ קאָפּ און וויגן זיך אַרײַן וויליײַנגיש אינעם גערוימען זאַל. זיי אָטעמען זשעדנע אײַן די שווערע לופט, וואָס שמעקט מיט פּאַרווײַלונג. דער אוילעם, דער טומל, דער רויך און די מאַטעווע שײַן פון לאַמטערנס, וואָס הענגען אַראָפּ פון דער סטעליע, אַלץ איז איין שרײַענדיקע מאַסע. אינדערמיט, אַף אַ געהויד־ מען פרײַען שעטער, טאַנצט מען. אַרום שטייען טישלעך, באַזעצטע מיט מענטשן, און אַרום די טישלעך — פרויען. אין דער טיף, אַף אַ פּאָדיום קלאַפּט אויס די מוזיק די פּאָלקע „מאַמאַ קומאַנדאַ", וואָס איז דעמאָלט געווען אין דער מאָדע. מיט דער טאַץ אין דער הייך באַווײַזט זיך אַף אַ רעגע דער קעלנער און ווידער פאַרשלינגט אים אַ כוואַליע מיט אוילעם. די רויטלעכע שײַן פּאַלט אַף די פּענעמער פון די טענצער און טרינקער און צעקרימט זיי קאַמיש. פון די באַזעצטע טישלעך טראָגט זיך אַ הילכיק געלעכטער. איבערהויפּט הערט זיך אַרום דאָס קוויטשיקע, נערוועזע און קימאַט שטענדיק אומנאַטירלעכע געלעכטער פון די פרויען איבער דעם אויסגעפּלאַצטן צעדריבלטן געלעכטער פון די שטאַמגעסט. פּאַרלעך, צע־ שאָטענע אין די ווינקלען, סוידען זיך מיט ערנסטע פּענעמער און קוקן זיך אין די אויגן.

— זיי האָבן אַפּאָנעם געטרונקען פונעם טרויעריקן וויַן, — וויצלט זיך באָעז און צעלאַכט זיך.

דורכגעשלאָגן האָבן זיך אונדזערע אַ וועג און עס האָט זיי אָפּגעגליקט מיט אַ פּלאַץ באַ דער סאַמע וואַנט. עס שפּאַנען פאַרביַ פרויען וואָס האָבן נאָך קיין פּאָר ניט און פאַרטשעפּען זיי איינמאָל און אַ צווייטן מאָל. פאַראַן זיַינען דאָ פרויען ברוינע און הויכע מיט פאַררונדיקטע פאָרמען, וואָס דאָס זיַיד מאַכט זיי נאָך בוילעטער. פאַראַן אויך קליינע דינע פרויען מיט גרויסע אויסגעצויגענע אויגן אין די שאָטנדיקע רינגען וואָס מאַסערן זייער עלטער, מיט שפּיציקע בריסטן, וואָס זעען זיך אַרויס פונעם ברייטן דעקאָלט. מען זעט גרויסע פליישיקע מיַילער און אויך קליינע שמאָלע ליפּלעך ווי אַ באַמבוס־בלום אָפּגעפאַרבט. אונטער הויכע קאַמען, גלאַטע גלאַנציקע האָר־שוואַרצקייט אויסגעגאָסן. הויכע קנאַפּל, וואָס מאַכן שטאָלצער די פיגור און איידעלער דעם טראָט, הייבן אונטער דעם געזעס און דערלויבן פאַרביַישוועבנדיק אַ שפּיל צו טאָן. גרויסע געאַפּאָלער אויערינגען פון מאַסיוון גאָלד אָדער גאָלדענע טרערן אַראָפּגעהאָנגען אַף אַן איילבירט־קאָלירטן פּאָנעם. אַלע טראָגן זיי אַף די מינדסטע פינגער ביליקע רינגען פון פאַראַגוויַער גאָלד. אונטער שריַיענדיק קאָלירטע קליידער קנאַקן אָנגעקראָכמאַלעטע אונטערקליידלעך. ראַמאָן קוקט אַף דעם בלענדיקן וויַבערישן אָנגעלויף און פילט ווי די הענט ציִען זיך באַ אים אַ גלעט צו טאָן די שטאָלץ־אָנגעצויגענע בריסטן, וואָס דרייען זיך אַרויס ווי פון אונטער די הענט, אָדער די דינע טאַליעס וואָס ווערן מיטאַמאָל ברייט באַם הינטן און ווידער שמאָל באַ די לענדן און באַ די ליטקעס, באַצויגענע מיט דעם טיַיערן זאַקן־געקייטל. די מוזיק נעמט ווידער שפּילן. דער אָרקעסטער — אַ האַרפּע, אַ פידל, אַן אַקאָרדעאָן און אַ גיטאַרע — קלאַפּט יאָמערלעך אויס „דאָס הינטישע לעבן". יעדער איינער זוכט זיך צו אַ פּאָר. אינעם פלאָנטער איז ראַמאָנען אַריַינגעפאַלן אַ יונגינקע מיט אַ גרויס לאַכנדיק מויל. זיַינע מעכטיקע פינגער שרויפן צו צו זיך דאָס דינע גופל, נאָר אויך זי דריקט זיך צו צו אים און נעמט אים רייצן מיט דריבנע באַוועגונגען פון די היפטן. ער איז זשעדנע און דער מאַן אין אים שפּירט שוין דאָס פיַיער אין די דיכן. אינמיטן צעלאַכט זי זיך שעלמיש און מיט צוגעזשמורעטע אויגן גיט זי אַ זאָג:

— איך בין מיד. טרינקען מיר ביר?...

אים דרייט זיך נאָך דער קאָפּ פון דער קאַניאַ, פון דער מוזיק און, דעריקער, פון דעם פלוצימדיקן כיישעק. ער פאַרשטייט אָבער, אַז זי וויל ער זאָל זיַין געלט אויסגעבן. שטענדיק אָבער טרעפט עס אים. אָן פאָרווורף שפּאַנט ער איר נאָך ביז צו אַ טישל, ווו עס זיַינען שוין געהאַט

געעזסן די איבעריקע. מיט זיי איז אויך פאַראַן לאָפּעז, דער נידעריק־געד וויקסיקער פּאַראַגוויִער, וואָס זיי האָבן זיך מיט אים באַקענט אין „לאַ פלאָר דעל פּאַראַנאַ". ער קנײַפּט זײַן פּאָר און זי קוויטשעט. אַדאָלפאַ האָט באַקומען אַ היפּשע שוואַרצע נעקייווע, וואָס האָט אים דעם קאָפּ געשוויבערט און געלאַכט מיט אירע גרויסע ציין, ווי זי וואָלט אים וועלן אויפעסן. באַעז דערציילט זײַנער שוין צום פערטן מאָל די געשיכטע פון זײַנע וואַנדערונגען און פון זײַנע לײַדן. ער פאַרזיכערט איר איצט קאַ־טעגאָריש:

— מיך וועט מען מער ניט אַרײַנפּאַקן! כ'האָב געלט, זעסט?

אַ געלאַנגווײַליקטע, כאַפּט זי אים און גלעט זײַן קאַלטענגעוואַטע טשופּרינע.

— ... מען זאָל מיך אַפּילע מיט גוואַלד שלעפּן, וועל איך ניט גיין...

— ריכטיק, טײַערער, אַוואַדע אַזוי... וועסט בלײַבן מיט מיר, די נאַכט?

דער טיש ווערט אַלץ פולער מיט פלעשער. אַפן שטאַרק געלן שוים פון דער טשינאַ, ליגט לאָפּעזעס קאָפּ ווי אַ שוואַרצער פלעק. אַדאָלפאַ הערט ניט אויף קוקן אַף זײַן מאַרנאַ דורכן נעפּל פון זײַן בעגילופנדיקייט.

— און איצט וואָס טרינקסטו? ס'איז ניט קיין ביר...

— ניין...

זי הייבט אויף אַ גלאָז מיט צוויי פינגער געלער געדיכטער פליסיקייט.

— פּאַשעטער בוימל... אַראָפּצושווענקען דעם ביר. איצט קען איך ווײַטער טרינקען.

— נאָך אַלעמען בלײַבט דער בוימל פון אויבן...

נאָר ער האָט זיך גאָר פאַרקוקט אַף אַ שרעקלעכן טומל, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן באַם צווייטן טיש. צוויי פרויען האָבן זיך צעקריגט און זיך אײַנגעגראָבן איינער דער אַנדערער אינעם לײַב, אין די האָר, אין די קליידער. באַ איינער האָט זיך פונעם צעריסענעם קלײדל אַרויסגעזעזן אַ שטיק קײַלעכדיקער הינטערביילעק. אַרומגעשטעלט האָבן זיך די מענטשן און געגומען אונטערהעצן:

— אַ געפערלעכע שלעגערן, די קורנאַסע... — רופט זיך אָן ראַ־מאָנס קליינע. — ראַק זי סקאַנדאַלעוועט.

— דערלאַנג איר, אַפּעפּו* — שרײַט איינער און מונטערט די קאָנ־קורענטקע. זי ענטפערט אים דערויף מיט דעם ערגסטן זידל־וואָרט, וואָס איז באַקאַנט אַף דעם אייבערשטן פּאַראַנאַ:

---

* אַפּעפּו — אַ ביטערע ציטרוס־פרוכט, וואָס וואַקסט אַפן אייבערשטן פּאַראַנאַ.

— אניא מעמבוי עין דערעיקוא פעהוארע!...**

די צווייטע דערזעט זיך פארלארן, כאפט זי פון זיך אראפ א שנור גרויסע גאלדענע קרעלן און דערלאנגט איר אין פאנעם אריין. בא יענער בלייבט שטיין אפן פאנעם א לאנגער רויטער פאס. דערנאך פאלן זיי אום אף דער ערד און ראנגלען זיך איינגעקלאמערטע איינע אן דער צווייטער. די מענסום לאכן און איינער פון זיי גיסט זיי אפ מיט ביר. אזוי ביז די קעלנערס צענעמען זיי פארסאפעטע, צעשויבערטע און ניט אפגעקילטע.

פלוצים ווערט א געלויף צו דער טיר. דער עולם שפארט זיך דארט פונאנדער און מאכט א שמאלן דורכגאנג. אינדערמיט שפאנט אן עלעגאנטע פרוי מיט הויכע בריסטן און באזאלטענע אויגן. אף איר העל מאטעוון פאנעם טיילט זיך אויס באזונדערס איר מויל, א ברייטס נאר א שיינס און א טייוועדיקס. פון אירע קליינע אויערן הענגען אראפ זילבערנע אויירינגען ווי די שטערן. העכער, פאלט אריין איר יאם טונקעלע האר אין דינע צעפ, וואס קומען זיך ווייטער צונויף אינעם גאלד-באזוימטן קאם. א געמורמל פון קאמפלימענטן, כניפע און לויב גייט איר פארויס און באגלייט זי

— די ליליענבלום!

זי ווייס ווי גרויס איר מאכט איז און זי שמייכלט און מאכט זיך א וועג און ווייזט דערביי אירע שורעס ווייסע גלייכע ציין צווישן אכזערדיקע ליפן-קרימונגען. נאענט פון ראמאנען האט עמעצער א פליסטער געטאן:

— סארא נעקייווע, קאראכא!...

— ווער איז זי?...

— ווי הייסט?... איר ווייסט ניט? — יענער קוקט אים אן מיט אומגלויבלעכן שטוינען: — די „לילענבלום"!

דער מולאט איז בא זיך זיכער, אז שוין דערמיט וואס ער רופט אן איר נאמען, בארימט איבערן גאנצן אייבערשטן פאראנא, זאגט ער אלץ וואס זי שטעלט מיט זיך פאר. ראמאן דערוועגט זיך ניט איבערצופרעגן. טאקע נאר אזא ווי ער, א פרעמדער אין דער געגנט, האט געקענט ניט וויסן ווער די דאזיקע פרעכטיקע פאראגווייערן איז, זי, דער רום פון ביידע זייטן טייך, דער כאלעם פון אלע מענסום, זייער כאלעם אף דער וואר. שוין קעדיי צו בייגן דעם קריזש אין וואלד, קעדיי נאכדעם צו קענען קומען קיין פאסאדאס און זיך קענען לייגן מיט דער „ליליענבלום". אונטערן

** פון מיסט קומסטו און דאס ביסטו.

זיסן באריר פון אירע ליפן פארגעסט מען די ביטערע וואר אף די געהילץ־זאוואדן און זשערבא־אונטערנעמונגען. אירע א האנט ווישט אראפ פון דער הארטער הויט דעם ביטערן טאם פון די שמיץ מיט דער בייטש. דאס אלץ האט דער מולאט געוואלט זאגן מיט בלויז אנרופן איר נאמען.

— איר זעט זי גיין אין גאס, מיינט איר זי איז אן אריסטאקראטישע דאמע — רופט זיך אן א צווייטער. — ווייסטו ניט ווער זי איז, מיינסטו זי איז דעם גובערנאטארס ווייב...

זי שפאנט צו נאענט פון די מוזיקער און שטעלט זיך אפ אקעגן דעם אוילעם מענסום, וואס שטעכן זי דורך מיט זייערע זשעדנע הייסע בליקן. זי קנאקט זיך אויס די פינגער און דער גיטארע־שפילער נעמט אנסטרויען זיין קיילע. ראמאנעו און באעזו געלינגט מיט די עלנבויגנס דורכצוברעכן דעם מענטשן־מויער און זיך אוועקשטעלן אין דער ערשטער ריי. אונטערן רימפלען פון דער גיטארע נעמט די „ליליענבלום" עפעס אויסטופען אף דער ערד מיט אירע הויכע קנאפל. דער ציטער הייבט זיך אן אין די בריסטן, וואס נעמען זיך וויגן אף לינקס און אף רעכטס. דערנאך לאזט זיך אראפ דער געוויג, מיט אן אלץ־שנעלערן טעמפ, צו דער טאליע, וואס טראגט אריבער דאס פייער, נאכגעלאזן און פארכאלעשט, צו די היפטן, וואס גיבן זיך אים אונטער, נאר באלד כאפט זי זיך צוריק און נעמט ארויסרוקן דעם בויך. איר גאנצע ענערגיע, דוכט זיך, גליטשט זיך איר אראפ איבער די לענדן און איבער די ליטקעס צו די דריבנע פיסלעך אירע, וואס טופען אויס א שנעלע אומפארמאטערלעכע וויספעטקע. קעפ האלטן נאך, פארגאפט, דער טענצערנס יעדן בייג און לענק. זי הייבט אויף א פוס און שטרעקט אים אויס אף דער הייך פון דער טאליע און אויגן קוקן נאך דער שווארצער זאקן־ליניע, וואס פארלירט זיך אינעם פלאטער פון די קליידלעך, ביז אנצוכאפן — מער מיט דעם פארלאנג ווי מיט דעם אויג — דאס פרעכטיקע ווייסע פאסיקל לענד. א רעגע קוים דויערט עס. באלד בלייבט זי שטיין, ניט גערירט פונעם ארט, און באדאנקט מיט א קליינעם קאפ־באוועג דעם שטורעם אפלאדיסמענטן. ערשט דעמאלט נעמען די מענער זיך באוועגן, פון אנהייב שווער, ווי פון א יארנלאנגן כאלעם ארויסגעקומען. די אויסרופן ווערן עפטער. טונקעלע הענט שטרעקן זיך צו דער פרוי און באטן איר אן קאניא, ביר, בראנפן. זי נעמט א גלאז און ליידיקט זי אויס מיט איין שלוק אונטער נייע יובל־געשרייען. איינער, א שיקערער מענסו, גיט א קוש דעם אנגעקראכמאלטן זוים פון איר קלייד און זי טרייבט אים אפ פון זיך מיט א שטויס פון איר פוס אים אין פאנעם. ראמאן, באוויגן פון א קויטיקן באגער, גיט זיך א רייס אפ פון מאריאן צו איר און מאריא פרווט אים אפהאלטן. נאר באעז האט זיך שוין גע־

האָט געפּעדערט פאַר אים און שטויסט אַף דאָס רעדל באַלאַנים. ער נעמט זי אַן באַם אָרעם און רופט אויס:

— די „ליליענבלום” איז פאַר מיר, קאַראַכאַ!...

קיינער רירט זיך ניט פונעם אָרט. זי גיט אַף אים אַ קוק מיט אַ זײַט, איראָניש, און דער אוילעם פּלאַצט אויס מיט אַ געלעכטער, ווען זי רופט זיך אָן:

— זעט נאָר אַ כיישעק פון אַ לײַזיקן מענטש... ניט פאַר דיר בין איך, איך... האָסט ניט אַזויפיל געלט מיר צו באַצאָלן.

די קאַניאַ, קענטיק, האָט אין באַזעם אויגן בלויע פלעמלעך אָנגעצונדן.

— כ'האָב ניט? נאַ, זע, ט'האָב איך געלט, וויפל דו אַליין ווילסט. פונעם איבערשטן פאַראַנאַ קום איך און דאָס האָב איך דאָרטן פאַרדינט, פון דײַנעטוועגן.

ער טוט אַ פּאַכע אין דער לופטן מיט אַ הויפן צעקנייטשטע פאַרפּעצטע פּאַזיטן.

— וויפל ווילסטו? זאָג!...

דער פאַרוואַלטער פונעם טאַנץ־זאַל גיט איר שטיל אַ ווונק צו מיטן אויג, צוויי מאָל איינס נאָכן אַנדערן. זי נעמט זיך קלוימערשט פאַרריכטן אַ זאָקנבענדל און ענטפערט:

— צוויי הונדערט, פאַר...

באַנז רוקט אַרײַן די האַנט אינעם גאַרטל און לייגט צו נאָך עטלעכע קוויטיקע פּאַפּירלעך צו די פריִערדיקע און דערלאַנגט זיי איר אומגעצייל־טע. זי האָט נאָך ניט געהאַט אַרונטערגעלאָזט דאָס קליידל און שטעקט אַרײַן דאָס געלט ווי אַ קנײַלכל צווישן דעם ברייטן זאָקנבענדל און דעם זאָק.

די פּאָרלעך האָבן זיך שוין ווידער געהאַט אַרויסגעלאָזט טאַנצן אַ נײַע פּאָלקע. מיטאַמאָל קומט צו אַ ברוינער יונג מיט אַ כמורנעם פּאָנעם, וואָס האָט אַ שראָם פונעם לינקן אויג ביז דער מאָרדע, און מישט זיך אַרײַן:

— דו וועסט זי ניט נעמען, איך האָב אַף איר געוואַרט...

ראַמאָן, אַ פאַרטשאַדעטער פונעם אַלקאָהאָל, האָט זיך דאָך געכאַפּט, אַז דאָ טאָר מען אַ רעגע ניט פאַרלירן און כאַפּט אַרויס דאָס מעסער, וואָס ער האָט געהאַט באַהאַלטן פאַרן אַרײַנגיין, און באַפעלט:

— דו טשעפּע זיך אַפּ. וואָס רוקסטו זיך? זײַט רויִק, איך נעם אים אַף מיר.

דער ברוינער יונג איז איבערראַשט און גיט אַ טראַט אַף צוריק. די „ליליענבלום” נעמט אַרום ראַמאָנען מיט אַ פוילן בליק און שטעלט אים

אפּ אָף זײַנע הויכע אקסלען און ארויסגעשטעלטער יונגער ברוסט. זי שאַרט זיך דורך פאַרבײַ אים און גיט אַ מורמל:

— ביסט אַ ווילער יונג... געפעלסט מיר...

נאָר באַלד האָט זי שוין גענומען שלעפּן מיט זיך צו דער גאַס. מען האָט זיך אַרײַנגעמישט צווישן די שלעגער און עמעצער האָט אַ געשריי געטאָן:

— די זעלנער! היט אײַך!

נאָר ווען די זעלנער זײַנען צוגעקומען, איז שוין געווען נאָך אַלע־מען. ראַמאָן זיצט שוין ווידער באַם טיש און ציט אין זיך אַרײַן אַ גלעזל בראַנפן, וואָס קײַקלט זיך אים אין האַלדז ווי אַ ברענענדיק קלעצל. ער טראַכט פון דער „ליליענבלומס" גלעטנדיקע אויגן. באַ זײַן זײַט זיצט מאַ־ריאַ און גלעט אים אומפאַרשעמט קעדיי אים אַרויסצורײַסן פון זײַן פאַר־טראַכטקייט. ער איז צו זיך געקומען ווען זי האָט אים אַ זאָג געטאָן:

— גייען מיר?... כ'האָב אַ צימער, איך...

ער גיט זיך אַ האַסטיקן הייב אויף, נאָר ער פילט זיך ניט זיכער. ער מוז זיך לאָזן פירן פון דער פרוי. נאָך אַלעמען, די צי יענע, וואָס איז דער כילעק? ער גייט איר נאָך אין גאַס און וויגט זיך.

— אַלצאיינס, — טראַכט ער זיך.

נאָר די אויסגעשטערנטע נאַכט, אַ סוידעסדיק בלויע, דערמאָנט אים דער „ליליענבלומס" רייצנדיקע שוואַרצאַפּלען. דער פאַמעלעכדיקער באַרג־אַרויף, נעמט זיך אים דוכטן, איז דאָס אויסגעצויגן ליגנדיקע לײַב פון דער „ליליענבלום". ער שטרויכלט זיך האַסטיק אָן אָן אַ שטיין און פאַלט אום. ער הייבט זיך אויף און זידלט זיך אויס. מאַריאַ שפּאַנט פאָרויס און ווײַזט אים דעם וועג. אײנאײנעם מיט איר פאַרלירט ער זיך אין דער נאַכט.

# אין דער פּאַסטקע

„...און ער ווייס, אַז קאָנטרעראַס האָט אַף זיך געהאַט אַ פּראָ־
צעס פֿאַר דערהאַרגענען אַ באַטראַק אין פּאַראַנאַ. נאָר אין אַ פּאָר
כאַדאָשים אַרום איז ער שוין געווען אַף דער פֿרײַ און האָט געדינט
פֿאַר אַ מאַזשאָרדאָם אינעם האַפֿן אינטשואַסטי, אַפֿן איבערשטן
אורוגווײַ; און איינמאָל איז ער אַוועק קיין פּאָסאַדאַס און איז דאָרט
אָפּגעווען דרײַ כאַדאָשים, און די גאַנצע צײַט איז קיין פּראָוויאַנט
ניט געווען און מיר האָבן געמוזט עסן ניט מער ווי שוואַרצע בעב־
לעך; און אַליין פֿלעגט ער אומגיין גאַנצע טעג מיט די קאַפּאַטאַסן
און האַלטן אונדז אין דער מוירע מיט די ווינטשעסטערס; און איינ־
מאָל האָט ער מיר געגעבן געווער. איך זאָל שיסן די וואָס אַנטלויפֿן
צו דער בראַזיליעַנישער גרענעץ, וואָס איז געווען ניט ווײַט, נאָר
איך האָב דאָס אויסגענוצט און מיט נאָך צוויי בין איך יענע נאַכט
אַנטלאָפֿן...; און דערנאָך האָב איך מיך דערוווּסט, אַז די מענטשן
האָבן זיך צעבונטעוועט און עס איז געוואָרן אַ טומל אין וואַלד
און עס זײַנען געפֿאַלן אַן ערעך זעקס מענטשן, קאַפּאָס און באַטראַ־
קעס, און דעמאָלט ערשט איז אונטערגעקומען די פּאָסאַדעסער פּאָ־
ליציי".

(אויס די אַוואַנטורעס פֿון דעם זשערבאַ־רײַסער קאַרלאָס בעניטעז).

# VII

ער גיט זיך נאָכאַמאָל אַ דריי איבער אינעם בעט. עס נעמט אים קיין שלאָף ניט. די פרוי דערשפּירט דאָס און גיט עפּעס אַ מורמל, זי וויל אים באַרויִקן מיט אַ גלעט. פּאַמעלעך הייבט ער זיך אויף און שפּאַנט צו צום שטול, וווּ ער האָט געלאָזט ליגן זײַן אָנטאָן, בעיִסן שנעלן אויסטאָן זיך. ער נעמט אַרויס אַ ציגאַר און שפּאַנט צו צום פענצטער. ער גיט זיך די מי דאָס צו עפענען מיט אַ לײַכטן סקריפּע, און אַנשטאָט די לאָדנס שטייט פאַר אים אַן אויסגעשטערנטע שוואַרצקייט. ער לאָזט אַראָפּ נידעריקער דעם בליק און דערזעט דעם פּאַראַנאַ. דער טײַך איז אין סאַמע הויכוואַסער און שימערט מיט ווייכן גלאַנץ, דער אויפגעשוואָלענער רוקן פונעם טײַך כוואַליעט זיך דריבנע, ווי מאַכנעס אָקשאָנים וואָלטן זיך געשטויסן אונטער דער אומגעווייניִלעכער הויט. ווײַטער, זעט ער די פײַערלעך פון וויזשאַ ענקאַרנאַסיאָן אומדרייסט זיך וויגן ווי אומזיכערע שטערן. ראַמאָנס אויגן געוווינען זיך צו צו דער פינצטערניש און ער דערזעט אַ שיפל פּאַמעלעך אַריבערשווימען דעם טײַך, מיט אַ לאַמטערנדל זיך וויגן אַף דער קערמע. זײַן ציגאַר איז קימאַט אויסגעלאָשן. ער גיט אַ לאַנגן צי און בלײַבט אַזוי שטיין מיט די עלנבויגנס אָנגעשפּאַרט אָנעם אָנלען און דעם שטערן צוגעטוליעט צו דער ראָם, ביז אַ שאָרכען פון דער נאָענט ציט צו זײַן געהער. דער שאָרך הערט זיך פון דער טיר וואָס פירט צום צימער לינקס. מען סוידעט זיך דאָרט. ער שפּאַנט צו צו דער טיר. ער דערקענט צוערשט אַ קאָל אַן אָנגעזאַפּטס מיט ווײַן און דערנאָך דעם פרישן קלאַנג פון אַ זיכערן פרויען־קאָל. עפּעס האָט זיך אין דער טיפעניש פון זײַן זיקאָרן אַ ריר געטאָן און ער לייגט צו דעם אויער. נאָר מער רעדט מען ניט. אַ פעדעמל שײַן פון דער צוגעמאַכטער טיר ווײַזט אים אָן אַ קליינעם שפּאַלט. אומגעטראַכט לייגט ער צו אַן אויג און דאָס צווייטע האַלט ער צוגעמאַכט האַרט בײַ דער ברעט. פון אָנהייב טראָגט אים צו דער בליק אַ מין לויכטנדיקן קאָנוס און אַ ניט מערקלעכן שעטעך. באַלד ווערט דאָס בילד דײַטלעכער. הינטערשטע, פון די נעסטן אַרויסגערוקטע גראַטעם

פון אן אײַזערן בעט. בא דער זײַט, אף דער ערד, צעווארפן אנטאן און איבער דעם א ברוסט־האלטער. ווײַטער, אף דער ערד, צעקנוידערטע לײַלעכער. און צום סאף, עפעס טונקלס אײַנגעקלאמערט אין צוויי שטארק ווײַסע פיס. מיטן פאנעם און מיט די הענט האט ראמאן א גראבל געטאן די טיר און האט זיך דאס אויג צעקראצט פון אײַנגראבן זיך דערמיט קעדיי בעסער צו זען. מיטאמאל, האט ער זיך, פון איבערראשונג, א שטרעק געטאן. ס'איז באעז! הייסט עס... — אים איז ניט שווער געווען אויסצוגעפינען די שײַכעס — דא איז אלצדינג דעם טערקס. דער טאנץ־זאל, די פרויען, דאס הויז. אף קיין איין רעגע גייען זיי ניט ארויס פון זײַן רעשוס. די קראם. דערנאך... ער בייגט זיך צו נענטער ווידער זיך אײַנצוקוקן. אף באעזעס ניט באלויכטענעם לײַב זעען זיך אן די גאטקעס מיט ברייטע גרינע און געלע פאסן. ער הערט ווידער ריידן און ער כאפט עטלעכע אפגעריסענע ווערטער. ער בעט זיך אלץ בא איר און זי, די „ליליענבלום”, ווערט זיך שטיל און פעסט: „דאס ניט!”

ער טרעט אפ פון דער טיר נעמען א צווייטן ציגארעט. ער טוט א ווארף דאס נאך ברענענדיקע שוועבעלע דורכן פענצטער. דאס שוועבעלע פאלט אפן ברוק און קײַקלט זיך ווילד ווי א צעקרישלטער שטערן. שיקערע קוילעס קומען אויף פון דער גאס. אין דער ווײַט האט א סווישטש די נאכט דורכגעלעכערט. א הונט האט א ביל געטאן און באלד דערויף צעבילן זיך הינט פון אלע זײַטן און די בילערײַ כאפט ארום דעם גאנצן קווארטאל, דערנאך א צווייטן, ביז ער דערטראגט זיך צו אים ווי א ווײַטער ווידערקאל. דערנאך קומט ווידער דער הינטישער געיאמער פון דארט פון וואנען ער האט זיך אנגעהויבן, ביז א נײַער נאענטער געביל איבעררײַסט אומאנגענעם דעם מענטשן. א געמיש פון אלקאהאלן ארבעט אים אין קאפ, קלאפט אים אין די שלייפן, העכערט דעם דויפעק און פארשאפט אים א נערוועזן ציטער אין דער האנט, וואס גיט א ווארף אוועק דעם ציגארעט, נאך צוויי אדער דרײַ מאל אומרויִק ארײַנציִען דעם רויך. ווען ער קומט ווידער צו צום שפאלט פון דער טיר, איז שוין דאס בילד געענדערט. באעז, א דערשעפטער פונעם טרינקען, פונעם גאנצן טאג רעגונג און פון דער ליבעס־שלאכט, שלאפט שווער, מיט אן אפן מויל, א צעטרייסלטער פון אומאויפהערלעכן שנארכען, א געלער שפור נעצט זײַן אייבערשטע ליפ און פארלירט זיך אין דער בארד. זי זיצט אפן ראנד פונעם בעט און האלט אזוי א ווײַלע רויִק, און פארגאפט די אויגן אײַנגעשטאכן אין דער פוסטקייט. די פארב איז איר אראפגערונען און האט איר קאמיש דאס פאנעם צעקרומט. זי גיט א גענעץ און באווײַזט א פרעכטיקן געבים ציין פון א יונגער פאנטערע. דערנאך בייגט זי זיך אן און

הייבט אויף אירע שווארצע זאקן פון דער ערד, ווו זיי זײַנען געליגן אײַנ־געפּלאָנטערט אינעם הויפן אָנטאָן. פאַמעלעכן ציט זי אַרויף איין זאָק נאָכן צווייטן און שטעלט זיך אויף קעדיי זיי אויסצוגלײַכן און פאַרשפּיליען מיט ברייטע ראָזעווע זאָקנבענדלעך, אויסגעהעפטע מיט בלימלעך. זי בלײַבט זיצן און אַ רויקע, אַ זעלבסטפאַרגעסענע, קוקט זי אָנטציקט אַף איר אייגענער שיינקייט. אַ טרוקענער קלאַפּ מיט דער טיר דערשרעקט זי. ווען זי הייבט אויף דעם קאָפּ, דערזעט זי אַף דער טיר שטיין אַן אומבאַ־קאַנטן מענטשן. באַלד דערמאָנט זי זיך. די נאַכט, דאָס געשלעג אינעם טאַנץ־זאַל, דער מענטש מיט דעם מעסער... זי האָט קיין צײַט ניט צו פאַרענדיקן. אַזוי באַוועגלאָז האַסטיק ווי ראַמאָן איז אַרויס פון זײַן צימער, אַזוי אויך גיט ער זיך אַ וואָרף אַף זײַן פאַרציקונג, און זי נעמט אים אויף אַ געשטרעקטע און אַ זיכערע. זיי קוקן זיך אַפילע ניט אום אַף באַעזן. באַעז דרייט זיך איבער, פאַלט אַראָפּ פונעם בעט אין קאָלדרעס אײַנגעוויקלט און נעמט באַלד ווידער שנאָרכען. ראַמאָן האָט זי אין דער לופטן אויפגעהויבן און אַוועקגעלייגט אַפן מאַטראַץ, אַן אויסגעפּלעקטן און אַ צעריסענעם, מיט שטיקער אַרויסגעשטאַרצטער קלאָטשע. אַ שרעק־לעך גרויסער שווארצער פּרײַס שפּאַצירט דורך דעם צימער פון איין עק ביזן צווייטן, און שטעלט זיך אָפּ פּונקט לעבן דעם אַף דער ערד אויס־געצויגענעם מענטשן. אינמיטן איז דער „ליליענבלומס" געבלימטע זאָקנ־בענדל אַראָפּגעפאַלן פּונקט לעבן דעם פּרײַס און ער אַנטלויפט אַ דער־שראָקענער.

## VIII

צוויי מענטשן האָבן אין דער פינצטער אָנגעטאַפּט די קליאַמקע בײַ דער טיר און מיט צוגעטויבטע טריט זײַנען זיי אַרײַן אינעם צימער. זיי וואַרטן אָפּ ביז זייערע אויגן וועלן זיך צוגעוווינען צו די אײַנגעדרעמלטע פאָרמען פון די שטוב־זאַכן. אין שטוב הערט זיך אַ ריטמיש אָטעמען, אָבער בלויז פון איינעם. צום בעט קומען זיי צו אַף די שפּיץ פינגער. אַ זייער שוואַכע העלקייט, וואָס גייט פונעם פענצטער און זאָגט אָן דעם באַגינען, טיילט אויס זייערע געשטאַלטער אין דער פינצטער. הויכע און קרעפטיקע זײַנען זיי, אין לעדערנע רעקלעך און טונקעלע באָמבאַטשן. יעדער קער און ווענד זייערער איז גענויט און פלינק, ווי זיי וואָלטן גע־ווּסט ווו יעדער שטיק מעבל שטייט אינעם צימער: די אַלטע שמאָלע און שווינדזיכטיקע שאַפע מיט איר פּראָסטן אָפּגעקראָכענעם שפּיגל, וואָס האָט שוין ניט אַף אַ סאַך ערטער קיין קוועקזילבער. דאָס עמאַלירטע אײַ־

זערנע בעט, פון וועלכן עס קוקט אַרויס דאָ און דאָרט דער שוואַרצער מאַטעריאַל, מיט דעם אויסגעדינטן לאַסטיק, וואָס גיט זיך שוין נאָך, אַ פאַרמאַטערטער פון אַזויפיל לײַבער, וואָס ער האָט שוין אױף זײַן לעבן איבערגעהאַלטן; דאָס קליינע וואַש־טישל מיט זײַן אָנגעשפּאָלטענעם מירמל־שטיין און שטענדיקן קרוג מיט דער שיסל, אַ באַמאָלטע מיט ראָזעווע מאַלאָכים; און צו דעם אַלעמען, די צוויי אָדער דרײַ שטרויענע בענקלעך מיט קרומע פיסלעך, אַנשטאָט נאַכט־טישלעך אױף בײדע זײַטן געלעגער. יעדע זאַך שטייט אױף איר פּלאַץ: נאָר דער מענטש, וווּ איז ער ערגעץ, צום שוואַרץ־יאָר, אַהינגעקומען? וואָרעם זי, ווי הייסט זי, ליגט דאָ איינע אַליין, אַ האַלב צוגעדעקטע מיט דער קאָלדרע, און מער זעט מען קיינעם ניט. אָן שום אײַנזעעניש צעטרייסלען זיי זי.

— טשע... וווּ איז ערגעץ דײַן מאַנצביל?...

זי זעצט זיך אויף, רײַבט זיך אויס די פאַרשלאָפענע אָפענע אויגן און נורעט ווידער אײַן דעם קאָפּ אינעם אײַנגעגראָבענעם קישן.

— היי, מאַריאַ!... וווּ איז ער אַהינגעקומען?...

זי גיט אַ זוך מיט די אויגן אַפן ליידיקן פּלאַץ לעבן זיך, קוקט זיך אַרום איבערן צימער, גיט אַ קוק צו דער טיר מיט אַ מינע פון ניט פאַר־שטיין און גיט אַ זאָג:

— וואָס וויים איך?... פריִער איז ער דאָ געווען... זעט, דאָ ליגט נאָך זײַן אָנטאָן.

איידער זי ווערט ווידער אײַנגעשלאָפן, הערן זיי נאָך ווי זי מורמלט פאַר זיך:

— אַלנפאַלס האָט ער מיר שוין באַצאָלט...

זיי טרעטן אָפּ אַ פּאָר טריט. אַפן שטול הענגען די צוויי הויזנס פון אַ ווײַסער פּאָר באָמבאַטשן און אױף זיי אַ סיטצן העמד. אַפן שטרויענעם שטול שוואַרצט זיך דער טונקעלער גאַרטל. זיי כאַפּן זיך צום שטול, נישטערן דורך יעדן לאָך און יעדע קעשענע, ביז זיי געפינען דאָס געלט. אָן אַ וואָרט אַרויסצורײדן גייען זיי אַרויס פונעם צימער.

אינעם צווייטן צימער איז די סצענע גאָר אַן אַנדערע. בײדע ליגן קימאַט אַרומגענומענע, פון דערשעפּטקייט אײַנגאַנצן צום שלאָף איבער־געגעבן, קימאַט געשיידט פונעם לעבן, ווו זיי פאַרנעמען אַן אָרט בלויז מיט זייערע גרויסע לײַבער, וואָס די קאָלדרע קלעקט ניט זיי צוצודעקן. דעם טערקס מענטשן קוקן זיך איבער. אַ הילכיקער שנאָרכען ציט זיי צו. דער ייִנגערער, אַן אָפּגעקראָכן בלאָנדער יונג מיט אַן אויפגעוויכערטן טשוב, שפּאַנט דורך דעם צימער און בייגט זיך איבער איבער דעם אַראָפּ־געפאַלענעם מענטשן. ער גיט אַ ווונק צום צווייטן און בײדע נישטערן

זיי דורך די קעשענעס אין זײַן צעוואָרפענעם אַנטאַן. באַ באַעזן צעעפענען זיך אינמיטן דעם שנאָרכען פון מינוט צו מינוט די ליפּן און לאָזן אַרויס אַ ווייטיקלעכן פּײַף, וואָס פאַרענדיקט זיך מיט אַ מין כאָרכל. ער כאַפּט זיך ניט אויף אַפילו דעמאָלט ווען זיי נעמען אים אָן פאַר די פיס און פאַר די פאַכוועס און שלעפּן אים צו ביזן פאַרהויז, און אַפילו ניט דעמאָלט ווען מען טוט אים אָן, זייער ניט געשיקט, אינעם צימער ווו דער טערק פאַריניאַ זיצט מיט זײַנע מענטשן און טרינקט מאַטע, זיך גרייטנדיק צום נײַעם טאָג אַרבעט. אַפילו ניט דעמאָלט ווען מען וואַרפט אים אַרײַן ווי אַ קלומעק אינעם וואָגן, וואָס וואַרט פאַר דער טיר. באַעזן כאַלעמט זיך גאָר דעמאָלט די מיִעסע צורע פון דעם מאַזשאָרדאָם פעריירא, אַפּן אייבערשטן אורוגוויַ, וואָס האָט אים איינמאָל אַזוי צעשלאָגן, אַז ער איז שיר ניט געבליבן אַ טויטער אונטער זײַנע הענט. עס כאַלעמט זיך אים דאָס שווערע לעבן אַפּן געהילץ־זאַוואָד, וואָס איצט האָט עך שוין לאַנג הינטער זיך, און דער בײַגעקומענער קאָשמאַר פון די זשערבאַ־וועלדער. ער איז נאָך פאַרשלאָפן ווען זײַן מויעד ווערט באַהערשט פון אַ הייסער זיכערקייט. ניין, אַהין וועט ער מער ניט גיין. מער גייט ער ניט. איצט איז ער אַ געראַטעוועטער, איצט איז ער ווײַט פון דעם קאָשמאַר. אַ טומל־דיקע צופרידנקייט לופטערט דורך זײַנע כושים, מאַכט זיי קלאָרער, ניכ־טערט אים אויס פון שלאָף און באַזויפנקייט. מער גייט ער ניט. שוין מער ניט... איצט איז ער שוין אינגאַנצן ניכטער. די זון שײַנט אים גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן. אַף דער שיף ליגט ער, הענט און פיס צוגעבונדן צו אַ זעגל־האָק. ער פילט ווי אַ רויטער נעפל הייבט זיך באַ אים פון דער ברוסט, פון די אָדערן און שטערט אים עפּעס צו זען. פלוצים האָט ער זיך צעוואָיעט.

# IX

„אַזוי האָט מען אומגעבראַכט קימאַט די גאַנצע פּאַראַגווײַער יוגנט. אַזוי האָט מען אומגעבראַכט די מיסיאָנעסער יוגנט פון סאַנטאַ־אַנאַ, קאַנדעלעריאַ, קאָרפּוס, סערא קאָראַ, סאַן־איגנאַסיאַ, פּאַסאַדאַס. אַזוי וועט מען אומברענגען די יוגנט פון סאַנטאַ־טאָמע, מערסעדעס, איטוסאַינגאַ, קאָנסעפּסיאָן א"אַ, ווײַל דאָרט זעט מען שוין אומגיין נוניעזעס מענטשן און גיבאַכאָס און דאָמינגאָ באַרטהעס, מיט זייער באַראָנע איבער די נאָך געזונ־טע און ציִען זיי אַרײַן מיט דעם מיראַזש פון האַנטגעלט, פון אַ קאָנטראַקט, וואָס הייבט זיך אָן מיט געלט, אויסצוגעבן אַף קאַניאַ, אַף גאַסן־פרויען און..."

כוליאָן ס. בגוויער.

געקומען איז מען נעמען אים ווען עס איז נאָך געווען זייער פרי. ער פילט זיך פאַרמאַטערט, ניט אויסגעשלאָפן. באַוועגט זיך שווער, די

אויגן זיינען אים קלעפיק און די צונג מלאסנע, ווי געשוואלן און צום גומען צוגעקלעפט. ווי נאר ער טוט זיך אן, פירט מען אים ארויס אין גאס. דארט ווארט אף אים א וואגן, ווו עס זיצן שוין א האלב טוץ זייערע. צווישן זיי אדאלפא. די פערד, מאגערע, הויט און ביין, שטייען קוים איין. דער אנטרייבער רעדט צו זיי א הייזעריקער, ווייל זיי איינריידן. און אזוי ארום האלט ער זיי איין, ביז דער טערק פארינא קומט צו מיט נאך איינעם פון די אויפפאסער, און זיי רירן זיך פונעם ארט, כאטש קיינער זאגט זיי גארניט. ראמאן גייט איצט אום אין אן אנדער וועלט. וועגן דער וועלט, צו וועלכער מען פירט אים, האט ער נאך קיין באגריף ניט. אין געדאנק גייען אים דורך די פארטרוילעכע רייד פון דער „ליליענבלום", איר קאל, א זילבערנס, וואס דער אלקאהאל האט נאך ניט באוויזן צו פארדארבן, גראבלט אים אין די אויערן. דאס איז א גאנץ געוויינלעכע געשיכטע. זי קומט פון פאראגוויי, וויזשאריקא, דוכט זיך, האט זי געזאגט, און דערנאך...

די פערד טרעטן שלעכט, שטרויכלען אן די ברוק־שטיינער. א שטארקער טרייסל ווארפט אום די מענטשן אינעם וואגן און זיי פאלן שיר ניט ארויס. פארינא זידלט אויס דעם אנטרייבער און די בייטש לאזט זיך אראפ אף די מאגערע פגירעס.

...זי איז נאך דעמאלט געווען זייער יונג: א מיידעלע. עפעס אן אנגעזעענער הער — א ריכטער אדער א רעגירונגס־פארטרעטער צי וואס געווען, — האט זיך מיט איר גענוצט אומגעפרעגט. דערנאך האט זי געהאט א מאן. א קורץ און שטורמיש לעבן צוזאמען און דערנאך א שרעקלעכע פאסירונג. זי האט אים ניט געזאגט וואס אזוינס האט פאסירט, נאר ווען זי האט דאס דערמאנט, האט זי א שוידער געטאן.

שוין אנגעקומען. די אויפפאסער שפרינגען אראפ. דערנאך הייסט מען אויך זיי אראפגיין. אן ערעד א פופציק שפאן גייען זיי דורך א שמאלן וועג, א פארצוימטן מיט דראט, און שוין זיינען זיי בא דער דאמבע. די פרימארגן־זון האט ריין אפגעוואשן די אלטע קלעצער, גליט די שטריק און צעפינקלט די לאנגע קאבלען. אונטן, איבערן פעטן וואסער, וויגן זיך שיפלעך און בארזשעס.

...א מאפל האט זי געהאט. אויך פון אנהייב. דערנאך איז זי געבליבן הויט און ביין. אן כיישעק צום לעבן. זי האט געזען ווי איר שיינקייט פארגייט און האט קוים געהאט צום לעבן. געמאכט האט זי נאך איין פרווו איר לעבן אויפצוריכטן, זי האט א שטיקל צייט געלעבט מיט א שמוגלער, א העלדישער מענטש געווען, וואזשעכאס האט מען אים גערופן. און אויך דאס מאל האט זיך עס פארענדיקט טראגיש. „אין א געוויסן טאג

האָט מען אַף אים געשאָסן. אַ קויל האָט אים געטראָפן און ער איז אין וואַסער אַרײַנגעפאַלן און איז דערטרונקען געוואָרן". אין זײַן סטיכיִע איז ער אומגעקומען, אינעם וואַסער, וואָס ער איז אַזויפיל מאָל אַריבער מיט זײַנע פעק, ווי אַ מערעשקע מיט איר מאַסע. „נאָך אַזעלכע יאָגט מען זיך — האָט זי אים דערקלערט — אַף די גרויסע העכט לייגט מען גאָר קיינמאָל קיין האַנט ניט אַרויף..." דאָרטן טאַקע, אַפן ברעג, האָט זי אַ ציוּלעם אַוועקגעשטעלט מיט אַן אויפשריפט: „קאַנדידאָ וואַזשעכאָס". דעם טרויעריקן אָנדענק שטעלט דיר דײַן קעפסווײַב". זי שטייט נאָך דאָרט, די מאַצייווע, לעבן די שטיינער. זי האָט איר כּוויוו צום ניפטער געטאָן און פון צײַט צו צײַט באַשטעלט זי פאַר אים אַ מעסע.

אַף דער דאַמבע שטייענדיק מערקט זיך דער קאָרפוס פון אַ שיף. זי האָט אַ שוואַרצן קוימען מיט אַ ווײַסן שטרײַף, און אַפן קוימען גלאַנצט אַ שטערן, אויך אַ שוואַרצער. אַפן אונטערדעק, לעבן דער קיך, טרינקען צוויי מאַטראָסן מאַטע און וויצלען זיך אַפן הויכן קאָל. באַם עק דאַמבע לאָדן נאָך אַלץ אויס וועגענער זייער מענטשן־מאַסע. געבראַכט האָבן זיי שוין אַן ערעך הונדערט מענטשן. אַלע זענען זיי אויס פאַרמאַטערט, צעקנייטשט און די פענעמער געל. דער סאַכאַקל פון דער הוליאַנקע. אין קאָפ שווינדלט נאָך פונעם אַלקאָהאָל און פאַר די אויגן די פערספעקטיוו פון נאָך איין שרעקלעך שטיקל צײַט אינעם גנעם אַפן אייבערשטן פאַראַנאַ.

...אַזוי אַז ווען דער שמוגלער איז געשטאָרבן, איז איר ווידער געוואָרן ביטער. דער שעף פון דער גרענעץ־וואַך האָט זיך איר דעמאָלט פאַרגעשלאָגן שטעלן אַ שטיבל, צאָלן כוידעש־געלט און גוט באַהאַנדלען, נאָר איר ביטערע דערפאַרונג האָט זי פאַרהאַרטעוועט און ווילד געמאַכט. אַן עקל האָט זי געפילט צו „די וואָס פון די הויכע פענצטער". אַזוי אַז כאָטש געווען איז זי אין דער גרעסטער נויט, האָט זי געהאַט דעם מוט אים אָפצוזאָגן. די אייגענע נאַכט נאָך איז זי אַרײַן אין דעם ברויט, אַף באַכאַדאַ וויעכאַ, און האָט באַקומען צוויי קונדן: צוויי מענסום... יענע נאַכט האָט זי געגעסן צו זאַט. דערנאָך האָט איר לעבן געפלאָסן זייער שנעל. איצט איז זי די קעניגין פונעם אייבערשטן פאַראַנאַ און פאַרדינט וויפל זי אַליין וויל. אַף איר נאָמען האָט מען אַפילע אַ מאַרקע זשערבאַ אָנגערופן. נאָר...

ראַמאָן גיט אַ פיר מיט דער צונג איבער די פאַרטרוקנטע ליפן: אַף דעם שטעל האָט זי אים געמאַכט איר אומגעריכטן פאָרשלאָג:

— פאַרוואָס בלײַבסטו ניט מיט מיר? דו געפעלסט מיר... איך האָב געלט און איך קען טאָן וואָס איך וויל...

און איידער נאָך ער איז צו זיך געקומען פון דער איבערראשונג, האָט זי ווײַטער גערעדט:

— דו קענסט מיך שיצן. יעדער איינער וואָלט נאָר וועלן מיך אויסנוצן... איך האָב געלט און דו געפעלסט מיר...

וואָס אַן עמעס, האָט ער לאַנג ניט באַדאַרפט טראַכטן פון איין זײַט וויים ער ניט וואָס דאָרט אויבן וואַרט אַף אים. פון דער אַנדער זײַט... ניין. ניט דערויף איז ער געבוירן, ווײַבער זאָלן אים אויסהאַלטן. ער טויג ניט דערצו.

— ניין.

— בלײַב דאָ. געפעלסט מיר, כ'שווער דיר באַ דער הייליקער בסולע!

— ניין.

נאָך אָט דעם לעצטן אָפּזאָג איז ער אײַנגעשלאָפן. און ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט ער אָנשטאָט דער „ליליענבלום" דערזען דעם טערקס מענטשן.

— ס'גייטמט!...

די טרעגער טראָגן נאָך אַלץ די קופערטס פון די מענסוס אַף דער שיף אַרויף. אַז אינעם אונטערדעק איז שוין קיין פּלאַץ ניטאָ, לייגט מען זיי אַפן אייבערשטן דעק. דאָ זײַנען שוין צעלייגט עטלעכע פאַמיליעס, ווי די וואַנדערנדיקע ציגײַנער. ווײַנענדיקע פאַרסמאַרקעטע קינדער, פרויען מיט גרויסע קאָלירטע שאַלן אַפן האַלדז, כמורנע שווײַגנדיקע מענער. פאַראַן אויך אַ קו, אַ שטײַג מיט הינער, עטלעכע גרויסע בייזע הינט, אומרויִקע פונעם קוים געשפּירטן געוויג פון דער שיף. פאַרינקא לויפט אַרויף איבער דער קלאַדקע און טרעפט זיך אַן מיט דעם שיפס־קאָמיסאַר. אַ קורריעזער קאָנטראַסט זײַנען די צוויי, דער טערק איז מאָגער ווי אַן אויסגעזויגענע פײַג, קליין און גאַליק, און יענער איז גרויס און שוואַרץ, מיט ווײַסע פערדישע ציין, וואָס קוקן שטענדיק אַפיר פון אונטער די אַראָפּגעהאָנגענע וואָנצעס. מיט אַ פײַערלעכער מינע נעמט ער צו דאָס פּעקל ביכלעך, וואָס דער קאָנטראַקטיסט דערלאַנגט אים. מיטאָמאָל דערטראָגט זיך אַ פאַרצווייפלטער קוויטש פון דער שיף אַראָפּ.

— איך וויל ניט צוריק אַהין! אַניאַ מעמבו!* לאָזט מיך אַראָפּ! איך ווי־ז־יל ניט!...

אומרויִק, דערשראָקן, ציִען די מענסוס די העלדזער אַרויף, ווילן זען. ראַמאָן דערקענט טייקעף ווער דאָס שרײַט. ס'איז באַעז. ער שטייט צוגעבונדן צו אַ זעגל־האַק, מיט די הענט אַף הינטן. דאָס פּנים אים בראָן־בלוי פון שרײַען. דער קאָנטראַקטיסט דראָט אים פאַרבײַגייענדיק און דערלאַנגט

---

* טײַוולשער זון.

אים מיט אַ פּוס אין הינטן. נאָר באַעז הערט ניט אויף שרייַען בייז און פּאַראַקשנט:

— לאָזט מיך אַראָפּ! איך האָב ניט אונטערגעשריבן! איך וויל ניט צוריקפאָרן אַהין!

פאַרינאַ גייט זיך אַראָפּ פון דער שיף ווי ניט אים מיינט מען. דער שעף פונעם צאַלאַמט לאַכט מיט אַ שעלמישן געלעכטערל. ער גיט אַ טאַרע דעם טערק מיטן עלנבויגן און ווייַזט אים אויף די נאָך ניט אַרויפגעקומענע מענטשן באַם וואַסער:

— אַ ווויִלער שניט, טערק, הא? וויפל קען עס באַטרעפן?

— רעכן!... אַ פינפהונדערטער פון אַ קאָפּ...

די אויפפאַסער שטעלן אויס די מענטשן אייניציקווייַז אין אַ ריי ביז דער קלאַדקע. זיי שטויסן זיי אַהין, אַהער, ווי מענטשן וואָס זייַנען גענייט אינעם אומגאַנג מיט בעהיימעס. ווען עס קומט די ריי צו ראַמאָנען, בלייַבט ער שטיין און רירט זיך ניט פונעם אָרט. עמעצער וויל אים אַ שטויס טאָן אויף פאָרויס, נאָר ער האַלט זיך אויף די פיס און גיט קיין טראָט ניט. אַנ־דערע דרייען אויס די קעפּ אַ קוק צו טאָן אויף אים, זעען פאָרויס אַ נייַעם סיכסעך. ער, אָבער, פרוווט זיך אָנהאַלטן באַ זייַנע געדאַנקען. ער איז אַרייַנגעטאָן אין דער „ליליענבלומס" פּאַרטרווילעכע רייד. ביז באַעז נעמט ווידער שרייַען. איצט וויל ער אָנקניפּן די זיסע דערינערונג פון דער פרוי און קען ניט. אַנשטאָט דעם האָט זיך אַ מעשונע מאָדנע זאַך אין אים איינגעשטאָכן, אַ שאַרפע שווערע זאַך, ווי אַ ביז גאָר האַרטער שטיין, דעריקער שווער, מיט שטעכערס און מיט וואָרצלען, וואָס שנייַדן אים דאָרט אינעווייניק: זי וואַקסט אין אים די זאַך און הערט ניט אויף וואַקסן יעדעם מאָל ווען צו אים דערטראָגן זיך באַעזעס שוין הייזעריק געוואָרענע און דערשלאָגענע קוילעס:

— לאָזט מיך אָפּ!

דער שווערער גפיל הערט ניט אויף וואַקסן. און אין די אָדערן לויפן אים שוין אום צונגען פייַער און פאַרשלאָגן אים דעם אָטעם, פאַר־שטעלן אים די ריִע. עמעצער נעמט אים אָן פאַר די אָרעמס און ער גיט זיך האַסטיק אַ דריי אויס פון יענעם. אַנדערע קוקן אויף אים און וווּנדערן זיך. מיטאַמאָל גיט ער אַ פּראַל אַרויס:

— איך גיי ניט!...

פאַרינאַ קרייצט דורך מיט ברייטע שפּאַן דעם לאַנגן שטיק וועג, וואָס ליגט צווישן זיי און טראָגט אים צו אונטער דער נאָז אַ האַנט, אויסגעטאַטויִרט מיט בלויע דראַקעס און פול מיט רינגען אויף די פינגער:

— וואָס זאָגסטו, מאַמזער־יונג? וועסט באַלד זען! נעם אים מיר אַרויס פון דאַנען, דו... און דו אויך! דערלאַנג אים, דעם!...

די שטראָף איז געווען אַ קורצע, נאָר אַ האַרבע. פיר אָדער פינף זייערע האָבן אים אויף דער ערד אַוועקגעלייגט און אים פאַרבונדן די הענט אויפן רוקן. דערנאָך האָט מען אים מיט אַ פויסט אַ שרעקלעכן זעץ דער־לאַנגט און, שוין אויף דער קלאָדקע, איז ער שווער אומגעפאַלן.

— אַוועקט פון מיר, צו דער מאַמען דער זוינע!...

נאָר ער איז שוין אויבן און זיינע געשרייען גייען פאַרלוירן, ווי פאַר־שלונגען אין דעם שמוציקן, מיט מאַראַנצן־שאָלעכץ און מיט מיסט פאַר־כאַזערטן וואַסער. די פּרעפעקטור־מאַטראָסן שטייען אויף דער דאַמבע און קוקן דאָס צו גלאַנגווייליקטע. באַנז קרעכצט שוין ניט.

דערנאָך דעקט שוין דער גערויש פון די מאַשינען אַלע קוילעס. ראַ־מאָן פילט ווי דער אָנשטרענג האָט זיין אינערלעכן קלעם צעשמאָלצן און האָט אים גרינגער געמאַכט אויפן האַרצן. איצט טראַכט ער שוין פון גאָר־ניט, ער קוקט נאָר אויף אַלץ וואָס אַרום אים און זעט גאָרניט. ער וויל איצט נאָר איין זאַך, פאַרגעסן וואָס עס איז געשען. דאָך פאַרשטייט ער, אַז פון מינוט צו מינוט וועט ער מוזן מיט אַלץ שאַלעם מאַכן און מודע זיין, אַז ער האָט געליטן אַ שרעקלעכן ביזאָיען. דעם ערשטן מאָל אויף זיין גאַנץ לעבן פון אַ מוטיקן מענטשן, ליידט ער אַזאַ דערנידערונג, ער, דער אויסגעהאַמערטער מענטש, ווי פון איין שטיק אויסגעגאָסן. ער בייסט זיך איין די ליפּ, ביז ער דערפילט דעם לעבלעכן טאַם פון בלוט, און עס געלינגט אים ווידער אויפצוהערן טראַכטן.

פון דער דאַמבע זעט אויס די שיף ווי אַ צעשוווּמענער שאָטן. פון דער שיף זעט אויס פּאָסאַדאָס ווי אַ צעוואָרפן דערפל, דערנאָך ווי אַ גרינ־לעכער בערגל און צולעצט אויך ניט מער ווי אַ צעשוווּמענער שאָטן.

# X

„לעאַנדראָ אַרעטשעאַ, פּאָליציי־קאָמיסאַר פון פּוערטאָ אַגי־רע, זאָגט אין זײַן גוויִאָס־אײדעס: „אַז עס איז אַלעמען באַ־קאַנט און עס איז אַן אַלגעמײן אָנגענומענער עמעס, אַז הײַיאָר זײַנען אַף אַן אָרט העכער פון טאַקורופּוקו (פּאַראַגווײַ) דער־טרונקען געוואָרן עטלעכע נעפּאַשעס פון אַ מישפּאָכע, אַכוץ די באַטראַקעס וואָס זײַנען פון די שיפן אַראָפּגעפאַלן שווימענדיק מיטן טײַד אַרויף...; אַז דער געהילף פון דער סוב־פּרעפעק־טור אין פּוערטאָ אַגירע האָט אים געזאָגט, אַז צוויי באַטראַקעס זײַנען דערטרונקען געוואָרן קעגנאיבער פּוערטאָ עמבאַלסע (פּאַ־ראַגווײַ), אַראָפּגעפאַלענע פון דער שיף „עדילירא" און נאָך איינער קעגנאיבער פּאָס דאָ איגואַסו, אַן אַראָפּגעפאַלענער פון דער שיף „עספּאַניאַ".

(פון אַ פּראָטאָקאָל).

די רײַזע איז איין דורכויסיקער קאָשמאַר. פון אַזאַ רײַזע בלײַבט אין זיקאָרן בלויז דאָס אומאויפהערלעכע הוידען אַפן דעק, דער מיִעסער רייעך פון קויט און געפּערלעכע קראַנקייטן, דאָס פאַרשטונקענע פלייש און דאָס עקלדיקע וואַסער. עטלעכע מענטשן פירן מיט זייערע מישפּאָכעס. מען פאָרט ענג צוזאַמענגעפּרעסט און מען לעבט און מען שלאָפט אַלע אינאיינעם, די הינער און די הינט אינאיינעם מיט די מענטשן, די פרויען מיט די מענער, און קינדער זײַנען פול אומעטום. טייל פירן מיט זייערע אָרעמע שטוב־זאַכן: דאָס בעט — צונויפגעקלאַפּטע ברעטלעך — אַ קאָר־פּערט, עטלעכע שטײַגלעך, בינטלעך וועש. די צײַט גייט אַוועק מיט מאַטע טרינקען. ווען עס ווערט טונקל און מען נעמט זיך הילן אין די קאָלדרעס און פאַנטשאָס אַף צו פאַרטרײַבן די דורכנעמענדיקע קעלט פון די נעכט אַפן פּאַראַנאַ, נעכט מיט שטערן דורכגעלעכערט, פאַרנעמען ווידער זייער פּלאַץ די קליינע אינטימקייטן פון לעבן; אינעם טונקעלן שווײַגן פון די שטיל־געבליבענע מאַשינען — מאַכמעס אַף באַנאַכט ווערט די שיף פאַר־אַנקערט — נעמט אויף דער אויער ווי ניט ווי אַ קליינעם קוויטש, אַ גע־מורמל, אַ געלעכטערל אינאיינעם מיט דעם סאָפּען פון די פאָרלעך וואָס

גענויסן זיך טאַקע דאָ, צווישן דעם איבעריקן אוילעם מענטשן. ראַמאָן באַמיט זיך איינצושלאָפן און קען ניט, מאַכמעס אים קומען דעמאָלט אָפּן זינען אַלע פּרויען, וואָס ער קען. דער באַגינען קומט צו ריַיטן צווישן וואָלקנס און ווידער הייבט זיך אָן דער ריַיזע־קאָשמאַר.

דעם ערשטן טאָג שפּילט מען אַ סאַך אין קאָרטן: „טרוקאָ", „טרע־סיעטע", „מאָנטע קריאָזשאָ", נאָר מער ווי אַלץ „גאַפּאָ" מיט פּראָפעסיאָ־נעלע קאָרטן־שפּילער, וואָס זיַינען זיכער אָפּגעמאַכט מיט דעם קאַפּיטאַן, אַרומצורייניקן דעם אוילעם. ווען זיי נעמען שוין צו דעם לעצטן סענט, ווערן זיי פּלוצים נעלעם באַם ערשטן האַפן און די מענטשן באַלעקן זיך מיט דעם ביטערן טאַם פונעם לעצטן שווינדל אין פּאַסאַדאַס. דערנאָך ווייסן זיי שוין ניט וואָס צו טאָן און עס גייט באַ זיי אַוועק די ציַיט מיט קראַצן זיך, קריגן זיך, שלאָגן די וויַיבער און די קינדער אָדער שלאָפן. איינער נעמט דערציילן מיַיסעס, וואָס האָבן קיינמאָל קיין סאָף ניט, וועגן מייסים, וואָס גייען אום אָפן אוילעם־האַטויע אָדער וועגן אַ „לאָביזאָן" (אַ זיבעטער זון וואָס ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ בייזן הונט), און דאָס רעדל אַרום ווערט דעמאָלט גרעסער. אַז אַנדערשמאָל פאַרוויַילט זיי מיט זיַין גיטאַרע אַ געוויסער מיַידאַנאַ. זיַין מעטאַלן קאָל, אַ ריינס און אַ טרויע־ריקס, הייבט זיך איבער אַלע רייכעס און קוילעס. פול מיט ליַידן און פאַרצווייפלונג זינגט ער:

אַ גרעזעלע אָפן וואַסער,
אַ קנעספּעלע וואַטע,
שלעסעלע אַף מיַין ברוסט,
שליסעלע פון מיַין האַרצן...

ראַמאָן צעשטריַיט זיך דערמיט וואָס ער לאָזט זיַינע אויגן בלאָנ־דזשען אַריבערן באָרט. די ווילדע שיינקייט פון די קאָריענטעסער היגלען, וואָס זיַינען אים אַזוי גוט באַקאַנט, זיַינען אין זיַינע אויגן בלייך אַקעגן דעם מעכטיקן צויבער פונעם אייבערשטן פּאַראַנאַ. דאָ איז דער טיַיך רייַ־נער, דאָס זאַמד באַ די ברעגעס וויַיסער, די געוויקסן פאַרשיידנאַרטיקער און געדיכטער. די שיף שווימט אַ פּאַמעלעכע פאַרביַי אַנגעהויפנטע ריזי־קע ווענט מיט שוואַרצן שטיין און איבער זיי פליִיצן גלאַנציקע שנירלעך וואַסער. גרויסע פעלדזן זיַינען עס אָדער געדיכט אַנגעזאַמלטער ברוכשטיין, וואָס שניַידט זיך אַריַין אינעם וואַסער, ווי ער וואָלט וועלן אַריבער צום צווייטן ברעג. מען זעט דאָרט אָפט זיך דרייען אינעם וואַסער גרויסע שטאַמען, אָן די צוויַיגן און וואָרצלען, געוועזענע ביימער, וואָס היַינט קען מען זיי אָננעמען פאַר שטיינער פּאַרמאָביקטע. די היגלען ווערן מיטאָמאָל אָפּגעהאַקטער און, איבער זיי, שטיקער געדיכטער וואַלד, ווי ריזיקע גרינע

פֿייגל, ווי גלאַנציקע קוטשמעס, באַצירטע מיט זעלטענע מינים אָרכידעען. באַטאָג פֿאָרט מען פֿאַרבײַ די טעזשי־קואַרע * צווישן אַ פּרעכטיקער קייט מיט בערג, וואָס האַלטן אייביקע וואַך בײַ דעם פּאַראַנאַ און טראָגן אױף זייערע שטאָלצע שטערנס דעם צערטל פֿון די שלאַנקע פּינדאָ־פּאַלמען. מײַ־דאַנאַ דערציילט דעמאָלט פֿאַר די פֿרעמדע מענטשן די געשיכטע מיט דער פּאַרצײַטיקער כאַיע, וואָס האָט דאָרט געהאַט געלעבט, אין דער אָפֿענער הייל צווישן די פֿעלדזן, און ווען נאָר עס פֿלעגט דאָרט פֿאַרבײַשווימען אַ שיפֿל מיט יעזויִטן אָדער אינדיאַנער, פֿלעגט דער טעזשו, דער האַר און מיילער פֿונעם גרויסן טײַך, אַרויסקומען זיי אַנטקעגן און זיי אײַנשלינגען. פֿאַר מוירע האָט זיך שוין קיינער ניט דערוועגט באַווײַזן אין יענע מעקוימעס. ביז ער האָט זיך אָנגעטראָפֿן מיט אַ סוינע, וואָס איז מעכטיקער געווען פֿון אים, און דער האָט אים בײַגעקומען און איז העלדיש אַריבער דעם פּאַראַנאַ. געווען איז עס די ערשטע דאַמף־שיף. פֿאַר שרעק איז די כאַיע אַנטלאָפֿן און מיט דעם לויפֿן האָט זי אויסגעגראָבן דעם געלעגער פֿאַר דעם טײַכל, וואָס טראָגט איר נאָמען . . .

ווען דער דערציילער האַלט שוין בײַם סאָף, רײַסן זיך אַרײַן די מאַטראָסן אינעם רעדל און נעמען ברוטאַל צעטרײַבן דעם עולם. מען דאַרף אַראָפּלאָזן אַ שיפֿל אינעם וואַסער. אַזוי באַגייט מען זיך מיט דעם עולם זייער אָפֿט. דער קאָנטראָלמײַסטער, דער קאָמיסאַר און די אויפֿפּאַסער טרעטן אױף דעם קליינוואַרג, וואַרפֿן די קאָלדרעס און די קופֿערטס און צעשרעקן די הינער. ראַמאָן וווּנדערט זיך אױף דעם געדולד פֿון די מענטשן בעת מען איז דעם איזדיעקעווען זיך איבער זיי. אים, פֿאַרקערט, איז שווער זיך אײַנצוהאַלטן אין אַזוינע פֿאַלן. עס בריט אים דאָס בלוט אונטער זײַן טונקעלער הויט, קאַלטע בליצן שפּילן אים אין די אויגן און די הענט רײַסן זיך צום מעסער. אים טוט עס וויי. טיף פֿאַרדריסט אים די קעסיידערדיקע דערנידערונג, אַפֿילע ווען ער איז ניט איר קאָרבן. ער ווייס, אַז ער וועט זיך דערצו קיינמאָל ניט קענען צוגעווינען.

יעדע עטלעכע שעה שטעלט מען זיך אָפּ בײַ אַ האַפֿן, אָדער וואָס דאָס איז: אַ קליינע נאַטירלעכע בוכטע, מיט אַ שילד, ווו עס איז אויפֿגעשריבן דער נאָמען פֿונעם אָרט. אויב דער באַרג־אַרויף איז אַ הויכער, זײַנען נאָך דערצו אויסגעלייגט טרעפּ פֿון קלעצער אײַנגעמויערטע אין דער ערד. די שיף קומט קיינמאָל ניט צו נאָענט צום ברעג. דער קאַפּיטאַן איז שוין אָנגעלערנט און האָט מוירע די מענטשן זאָלן זיך ניט וואַרפֿן אין וואַסער און צושווימען צום ברעג.

* דעם דראַקאָנס הייל.

— אַף איינער פון די פריערדיקע רייזעס — דערציילט אַ פריינטלע־כער מאַטראָס מיט אַ פּאָנעם פון אַ קראָליק און שטענדיק אָנגערוקטע ברע־מען — האָט איר באַדאַרפט זען וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. איינער איז אַנטלאָפן און מען האָט זיך געיאָגט נאָך אים מיט די ווערסלעס ווי ער וואָלט געווען אַ פּומאַ...

דער מאַטראָס זיפצט אָפּ און קוקט שטיל צום האָריזאָנט מיט זיין טיפן קנייטש צווישן די אויגן. ער קערט זיך אום צום איניען:

— פון דאָנען טאַקע האָב איך אים געזען. געכאַפּט האָט מען אים ווי אַ הירש וואָס שניידט זיך איבערן וואַסער. פּום, פּום, צוויי קלעפּ מיט דער ווערסלע איבערן קאָפּ און פאַרטיק...

אַנטלויפט ווער, קען דער קאַפּיטאַן ניט באַקומען אויסגעצאָלט פאַרן רייזע־בילעט, וואָס די אונטערנעמונג צאָלט קעגן דער קאַבאָלע פונעם מענטש. ער שטעלט זיך דערום אָפּ שטענדיק ווייט פונעם ברעג און לאָזט אַראָפּ די מענטשן אַף אַ שיפל אינאיינעם מיט די אויפזעער, נאָכדעם ווי ער גיט צו וויסן אין האַפן מיט אַ לאַנגן שאַרפן פייף פון דער סירענע. די רייזע הייבט זיך ווידער אָן צווישן פּוסטע גרינע ברעגעס, ווו מען זעט צומאָל נאָר אַ הירש אָן איבערגעשראָקענעם אָדער אַ גיפטיקע שלאַנג זיך קרימען.

# XI

איינציקוויין רופט זיי אויס דער קאָמיסאַר און גיט זיי אָפּ דאָס ביכל, וואָס דער קאָנטראַקטיסט האָט אים געהאַט איבערגעגעבן. די ברי־דער מאָריירא האָבן אויסגערעכנט, אַז זייער כויוו גרייכט ביז פיר הונדערט פּעזעס. נאָר אינעם ביכל זאָגט זיך גאָר עפּעס אַנדערש. אַדאָלפאָ באַווייזט פּאַמעלעך איבערצולייענען:

מעקלעריי דעם קאָנטראַקטיסט — 80 פּעזעס.

פאַר דער רייזע — 70 פּעזעס.

— זעסט ווי מען זאָלצט דיר אָן? — מערקט אים אָן אַ כאַווער. — אַזוי ווי מיר... מען נעמט בײַ דיר פאַרן אָנדינגען, פאַר דער שיף און אַפילע פאַר מאַשטין זיין, אויב דו פאַרקוקסט...

אַזוי ציִען זיך נאָך ווערטער און ציפערן, וואָס שפּינען די קייט, וואָס זיי וועלן דאַרפן טראָגן אַף זיך אין מעשעך פון אַ גאַנץ לאַנגער צייט.

אַף כעשבן... 300 פּעזעס.

הויזן — 50 פּעזעס...

אַ העמד — 15, אַ פלעשל פּערפום — 20 פּעזעס. צוויי פּאַר גאַטקעס...

דער כעשבן ציט זיך אין יעדן ביכל אַף גאַנצע אַנדערהאַלבן זײַטלעד. אַרום און אַרום, לויטן כעשבן, וואָס דער קאָמיסאַר האָט זיי געמאַכט, זײַנען זיי שולדיק אַן ערעך טויזנט מיט צוויי הונדערט פּעזעס.

— מיר זײַנען אַף אַ היפּשער צײַט פאַרמאַשקנט. — רופט זיך אָן אַדאַלפאָ.

נאָר דער ברודער ענטפערט דערויף גאָרניט. נאָך אַלעמען, איז עס נאָך איין מיִעסער שווינדל. ער פאַרלאָזט זיך אַף די פאַנטאַסטישע לוינען, וואָס זיי וועלן באַקומען דאָרט אויבן. פון די צען אָדער פופצן פּעזעס טעגלעך, וואָס זיי וועלן דאָרט פאַרדינען, וועלן זיי אָנקלײַבן אַ מאַטניאַ. ער פאַרלאָזט זיך אַף זײַנע הענט און גלייבט די שיינע מײַסעס, וואָס זײַנען ווײַט פאַרשפּרייט וועגן דעם אייבערשטן פּאַראַנאַ, און האָבן נאָך אין זײַנע אויגן ניט אָנגעוווירן זייער גאָלדענעם גלאַנץ. דערום אויך רײַסט ער זיך קומען וואָס גיכער צום ציל פון זײַן רײַזע. נאָר צו זייער רוי איז עס נאָך אַלץ ניט דערגאַנגען. אַן אַ סאָף שווימען זיי צווישן די ברעגעס, נאָענטע איינער פונעם צווייטן, אַז זיי קושן זיך, דוכט זיך, מיט זייערע נאַסע מײַלער. ווען מען פאַראַנקערט אַף באַנאַכט, דוכט זיך, אַז ביידע ברעגעס, געשיצטע אינעם שאָטן, קומען זיך צונויף, ווילן מיט די ציין צוקלעמען די שקלאַפן־הענדלערישע שיף. נאָר דאָס געשעט ניט און אַפן צווייטן טאָג שווימט זי ווײַטער צווישן די לעפצן ערד און זאַמד: פון איין זײַט דער אַרגענטינישער ברעג, פון דער צווייטער — דער פּאַראַגווײַישער, קימאַט שטענדיק אַ באַזוימטער מיט ביימער, נאָר פּוסט, אָן איין ראַנטשאָ, אָן איין בעהיימע, אַ פאַרבײַלויפנדיק בילד פון פאַרוויסטונג.

# די דעראָבערונג

„ווי דעראָבערער, נעמען מיר אַלץ פאַר אונדז, כאָטש מיט סאַקאַנעס, ווי ווײַט מיר טרעפן אַף אומבאַקאַנטע וועגן. פּיאָנערן! אָ, פּיאָנערן!"

וואַלט וויטמאַן

ווער זײַנען זיי? די ווילדערניש ווייס ניט. זי קען זיי ניט. זי האָט זיי מיט איר ברוסט ניט געזויגן און האָט זיי ניט ליב. זיי זײַנען ניט אירע קינדער. מעשונעדיקע פּענעמער האָבן זיי, זייערע מאַלבושים זײַנען מאָדנע, די מינהאָגים פרעמדע. יעדעס וואָרט זייערס קלינגט אָפּ האַרט אין דער צעטראָטענער ווילדעניש, צווישן די שלענגלדיקע העלע פעדער-געוויקסן, אונטער די שרעקלעך גרויסע צווײַגן, וואָס שפּרייטן זיך אַף אַלע זײַטן אין ווילדן ברודער-בונד. קיינער קען זיי ניט. פרעגט אַף זיי באַ דעם רירעוודיקן „קאָאַטי־סערעלעפּע", באַ דעם פלינקן „קאַראַזשאַ", באַ די עלעגאַנטע צעשראָקענע הירשן, באַ דעם מעגושעמדיקן טאַפּיר. אין אַ באַטאָג צי אין אַ באַנאַכט האָבן זיי געזען פאַרבײַגיין די דאָזיקע לײַט. זיי האָבן געזען זייערע אָנגעצונדענע וואַך-פײַערן: זייער מוירעדיקע שנעלשיף זיך גליטשן איבערן וואַסער, געהערט דאָס כריזקען פון זייער געווער. פאַרשטאַנען האָבן זיי נאָר, אַז די לײַט זײַנען ניט קיין פרײַנט זיי, אַז זיי קומען מיט בייזע קאַוואָנעס, מיט באַצוואַנגערישן טראָט. זיי פרוּוון אַפילע ניט, די לײַט, צו געווינען דעם צוטרוי פון דער ווילדערניש און פון אירע באַוווינער; זיי געטרויען איר ניט, האָבן מוירע פאַר איר. זיכער דערפאַר וואָס זייערע אייגענע קאַוואָנעס זײַנען ניט קיין ריינע. זיי קומען ניט אַהער דאָ צו פאַרבלײַבן. זיי זײַנען דאָ בלויז פאַרבײַגייענדיק. זייער פוס בלײַבט קיינמאָל ניט אַף איין אָרט. אַ נאָמאַדן־שייוועט זײַנען זיי, אַן אומרויִקער. די שיינקייט פון דער ווילדערניש זעען זיי ניט. זיי קומען אַהער גײַציקע, גיריקע און זשעדנע, גליקן קומען זיי זוכן. דאָס זײַנען אַוואַנ־

טוריסטן. פּיאַטעס אויסגעוואָרצלטע פון יעדער ערד, פון יעדן לאַנד. זיי שטאַמען אָפּ פון קאָלומבוסעס גאַלער־שקלאַפן, פון די אַמביציעזע פּוסטעפּאַסנע קאַסטיליאַנער, וואָס זײַנען איבערגעפאַלן מעקסיקע און פּערו; זיי זײַנען די יעגער אַף די אַפריקאַנער געבירטיקע, אומדערזעטיקטע שקלאַפן־הענדלער, פאַרקאָכטע גאָלדזוכער פון יוקאַן און פון דער אונטערשטער קאַליפאָרניע; זיי האָבן געפּײַניקט אַטאַהואַלפּאַ קעדייי זײַנע אויצרעס אָפּצורויבן; זיי זײַנען די באַלעבאַטים פון די קויטשוק־וועלדער אינעם אַמאַזאָנען־טאָל און פון די מאַלאַיער פּלאַנטאַציעס. זיי זײַנען די אייביק־וואַנדערנדיקע, לאָהעטע און אָנראַכמאָנעסדיקע. ניט זיי זייען ווען, ניט זיי פלאַנצן און באַפרוכטן און ראַק זיי וואָרצלען אויס, ראַק זיי צעשטערן, פאַרוווּנדיקן און טויטן. זייער מיסיע איז אויסצורײַסן און פאַרגוואַלדיקן. ווו זיי שטעלן זייער טראָט, די קליינע אַטילאַס, וואַקסט ניט מער קיין גראָז, איז מער קיין וואַסער און קיין פיש ניטאָ. זייער בליק איז האַרט און גיריק, ווייסן ניט וואָס ראַכמאָנעס איז. זייער אויג רוט נאָר אָף עפּעס צוצוכאַפּן, מיטצונעמען. זייער איינציקער ציל איז זאַקרויב, זייער איינציקע געזעץ איז באַגער. זיי טרעטן איבער טויט, לאָזן הינטער זיך מידבאָריעס, ביימער אויסגעהאַקטע, ערד צעררויעטע, לאַנדשאַפטן פאַרוועלקטע און פאַרטריקנטע. שטויסן שטויסט זיי דאָס לעבן, דער לעבנס־באַגער, נאָר ווו זיי קומען ברענגען זיי בלויז טויט. זיי זײַנען ווי די פרעכטיקע פּאַראַזיטישע שלינג־פּלאַנצן, וואָס לאָזן ניט אָפּ זייער געפאַנג ביז זיי האָבן אים ניט אינגאַנצן אויסגעזויגן. די ווילדעניש ווערט פאַרציטערט ווען זי דערזעט זיי. זיי זײַנען אירע סאָנים. זי ווייס אַז פון דער רעגע אָן ווערט פאַרפירט צווישן זיי אַ טיפער און אַנטשיידענער קאַמף אַף טויט. אָדער זי אָדער זיי, די אַרײַנגעדרונגענע. זי ווענדט אָן קעגן זיי אירע בעסטע וואָפן, די שרעקלעכסטע, די נאָך אומבאַקאַנטע. זי נוצט קעגן זיי דעם גיפט און דעם קלעם פון אירע שלאַנגען, אירע פיבער־טראָגנדיקע מאָסקיטן, אירע לאַבערינטן, די פינצטערע ניט דורכדרינגלעכקייט פון אירע וועלדער, פון אירע אומענדלעכע טשערעטן; זי שטעלט אַרויס קעגן זיי אירע לעגיאָנען רעמאָשים, דעם ווילד־מאַכנדיקן **מבאַריגי**, די עקלדיקע אוראַ און די געפערלעכע פּיקע. אין די אומזיכערע נעכט פאַרבלענדט זי זיי, לאָזט זיי ניט רוען, שרעקט זיי און פאַרפירט זיי. זי שוינט ניט קיינעם און שיקט קעגן זיי אַרויס אירע אומגעצוימטע שוואָטים, אירע הונגעריקע הירדעס וואַלד־כאַזיירים, די מוירעדיק גרויסע שפינען. זי באַפאַלט זיי מיט שרעק,

מעשוגאַס און דערשלאָגנקייט. נאָך איין טראָט ווען זיי גיבן, זײַנען זיי פאַרלוירן. זי וואַרפט זיך אַף די אַוואַנטוריסטן מיט איר גאַנצער אורמאַכט. דעמאָלט מעגן זיי שוין זיכער זײַן, אַז זיי ווען צו די אומבאַרירטע זשערבאַ-וועלדער ניט צוקומען. זי פאַרטיקט זיך דעמאָלט אָפּ מיט זיי זייער שנעל און לאָזט אַרויס אַ פילפאַכן בלענדיקן ניצאָכן-געשריי און אין דעם געשריי זײַנען באַטײליקט און עס טראָגן אים פונאַנדער אַלע אירע כאַיעס און געוויקסן, אַלע וועזנס וואָס טוליען זיך צו איר ליבער זאָרג. ווידער האָט די דאָזיקע אויסטערלישע מוטער געזיגט און אַלע פרייען זיך מיט איר ניצאָכן. אַף אַ צײַט — קיינער ווייס ניט אַף ווי לאַנג — וועט דאָס לעבן ווײַטער גיין ווי ביז דעמאָלט. די איבערפאַלער האָבן געליטן אַ מאַפּאָלע.

# XII

דער אַרגענטינישער ברעג איז געבליבן פון הינטן. אפן פערטן טאָג נאָכמיטאָג דערזעט מען לאַנגע שורעס שטאַמען שווימען אַראָפּ מיטן וואַ־סער. בא אַ קליינעם ראַנטשאָ, אַף אַ פּליט אויפגעשטעלט, טרינקען 3 אָדער פיר באַטראַקעס מאַטע און שטעלן זיך אויף קוקן אַף דער שיף. ווײַטער שווימט די „איבערא" מיט דעם פּאַראַגווײַער ברעג, ווו מען זעט שוין גרופּעס שטיבלעך באַרג אַרויף און הויכע סטויסן זעק באַם ברעג, וואָס וואַרטן מען זאָל זיי אויפלאָדן. עמעצער גיט צו וויסן:

— דער האַפן אַדעלאַ... פונעם זעלביקן געשעפט...

מען איז אים פאַרבײַגעשווומען. עטוואָס שפּעטער, די זון וואַרפט נאָך שוואַכע שטראַלן אַפן וואַסער, גיט די שיף אַ שנעלן בלינצל און די נאָז אירע גיט זיך אַ האַסטיקן קירעווע אויס צום בראַזיליענישן ברעג. דער באַרג־אָפּשניט איז דאָ אַ הויכער און פאַלט קימאַט גלײַך ווי אַ וואַנט. אַפן קליינעם פּליאַזש שטייען עטלעכע באַטראַקעס און קוקן זיך צו ווי די שיף קומט אַרײַן. אַ געשלענגלטער וועג ציט זיך באַרג אַרויף, ווו עס שטייט אַ גראָב געטעסעטער שפּײַכלער, אַ מאַכינע אַ גאַנצע.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ האַפן?

— אַרטאַסאַ איז עס... נאָר רופט מען אים אַזשיקאַ, אַפן נאָמען פונעם באַלעבאָס.

די מאַטראָסן וויקלען אויף די קאַבלען די שיף צוצובינדן.

— סע גייייייטטט!...

די מענטשן וואָס אַפן ברעג גייען איר אַנטקעגן. זיי לויפן אָפּ אַ שטיקל וועג ביז זיי קומען צו צו עטלעכע קלעצער טיף אײַנגעגראָבענע אינעם זאַמד. פלינק טוען זיי אָן די רינגען אַף די קלעצער און מאַכן פעסטע קנופּן.

די מענטשן שטעלן זיך אויף און מען גיט אַ געשריי:

— פאַרטיק!...

די שיף רוקט זיך אָפּ אַ קליין ביסל. אויבן שטעקט אַרויס דער שטײַער־מאַן דעם קאָפּ פונעם פענצטערל אין זײַן „קאָמער" און מיט אַ פעסטער

אין ווייַן דורכגעווייקטער שטים שרייַט ער אויס זייַנע באַפעלן. דערנאָך נעמט ער צוריק אַרייַן דעם קאָפּ. עס דערהערן זיך פיר שאַרפע קלינגען אינעם גלאָק און דאָס העשען פון די מאַשינען הערט אויף. די שיף וויגט זיך שוין ניט. אַ ליבער שטילשווייַגן פאַלט אַפן דעק. די לופט איז אָפּגעקילט און ראַמאָן דערשפירט אַז אַנגענעמען שווידער. די זון מאַכט אַ פּאַר־צווייפלטן אָנשטרענגג זיך צו ווייַזן נאָך עטלעכע מינוט, נאָר די וואָלקנס האָבן גאָר קיין ראַכמאָנעס ניט אַף איר און דעקן זי צו. זיי לאָזן זיך אָבער באַפאַרבן מיט אַלערליי קאָלירן, אָראַנזשעווע, העל־בלויע, גרינלעכע, וואָס מישן זיך באַלד צונויף אין איין אַשיקן טאָן. בא דער שיף־נאָז און בא דער קערמע וויגט זיך ווייך דאָס וואַסער און מאָלט נאָך מעטושטעש די ענדערונגען אַפן הימל, די כוואַליעס זילבער גייען איבער אין קאַשטאַן־ברוינער בלאָטע. דער פאַרנאַכט גייט אָפּ מיט גרענעצלאָזער רו. מען שטעלט צו אַ פּאָשעטע קלאַדקע און עס שפּאַנט איבער איר אַרויף אַ דאַרער כמורנער פּאַרשוין, מיט אַ שטאַרק נערוועזן צוק פון דער אונטערשטער ליפּ, וואָס טראָגט זיך איבער צום קין. אַפן האַנט־געלענק אָנגעהאָנגען טראָגט ער אַ בייַטשל מיט אַ זילבערנעם הענטל און שמייַסט זיך דערמיט איבער די כאַליעוועס. אַרויפגעקומען, וואַרפט ער אַ הערשערישן בליק אַפן אוילעם. ער באַגריסט זיך מיט דעם קאַפּיטאַן און ביידע גייען זיי אַרייַן אין דער קאַבינע. אין אַ ווייַלע אַרום קומט ער אַרויס איינער אַליין. פונעם אונטערדעק טראָגן די מאַטראָסן אַרויף דאָס געפּעק און אַנדערע טראָגן עס אַראָפּ אַפן ברעג. דער מענטש מיטן בייַטשל גיט אַ באַפעל מיט אַ געשריי:

— אַ נו! פרײַער לאָזט מיר אַראָפּ די מענטשן! שנעלער!

די מאַטראָסן בלייַבן שטיין און וויסן ניט וואָס צו טאָן. עס קומט צו דער קאָמיסאַר:

— איין מאָמענט, סעניאָר...

— וואָס מיר מאָמענט, ווער מאָמענט! איך האָב שוין באַפוילן! דו ווייסט ווער איך בין? כוליאָ אַזשיקאָ! דו מיש זיך מיר ניט, כוצפּעניק!...

די מאַטראָסן און באַטראַקעס קוקן אַראָפּ פונעם דעק אָדער אַרויף פונעם אונטערדעק און האָבן האַנאָע פון דער סצענע. דער קאָמיסאַר פּרוווט רעאַגירן, ראַטעווען זייַן אויטאָריטעט:

— דאָ אָבער, אַף דער שיף, האָבן מיר צו זאָגן...

אַזשיקאָס נערוועזער צוק ווערט נאָך נערוועזער און ער זעט אויס שרעקלעך. די באַקן ווערן אים באַדעקט מיט אַ פּורפּור־רויטקייט און די

ווערטער שפּאָרן באַ אים פון מויל איינס פאַרן צווייטן. ער מאַכט אַ טראַט נענטער צום קאָמיסאַר.

— פאַרמאַך ס'פּיסק! פאַרמאַך, זאָג איך, וואָרעם איכ'ל דיר באַלד אַריינציילן!

אַרויפגעכאַפּט זיך אַף זיין גרויס־האַרישן צאָרן, הערט ער ניט אויף שרייען אַ צעוויּשעטער:

— איכ'ל דיר דערלאַנגען מיט דער בייטש, וועסטו וויסן!

יענער נעמט שטאַמלען. איינער פון די אויפזעער און דער ערשטער מאַשיניסט נעמען אים אַוועק אַן אַ זייט און ראָטן אים שטיל:

— אייך לוינט בעסער שווייגן. איר ווייסט ניט וואָס דער אַזשיקאַ איז...

— איר האָט אַלע שאַנצן צו פאַרלירן. ער איז שלעכט ווען ער איז בייז! בעסער מיט גוטן...

— ער קריכט דאָך אָבער גלייך אַף יענעם!... מיט וואָס פאַר אַ רעכט?

— איר זייט דאָך אָבער אין זיין... האָפן...

— אַף דער שיף זיינען דאָך אָבער מיר די באַלעבאַטים! די שיף איז אַן אַרגענטינישע. די מאַנשאַפט אַן אַרגענטינישע...

— פאַרשטייט זיך! אָבער דאָ טוט ער וואָס ער וויל. גלייבט מיר. נאָך אַלעמען, איז דאָך אַזשיקאַ אויך אַן אַרגענטינער, פון קאָריענטעס איז ער. נאָר אַהערצו קומט מען טאָן די אַלע זאַכן מיט מער פרייהייט... איר פאַרשטייט?...

דער קאָמיסאַר איז נאָך אַלץ ניט באַרויִקט:

— ס'איז דאָך ניט צו גלייבן! אַף אַלעמען, מיינט ער, איז ער באַלעבאָס, דער ווילדער בוהיי!

נאָר דאָס זאָגט ער שוין צוגעשטיקט און קוקט מיט מוירע אין דער זייט פונעם באַלעבאָס. קיינער קימערט זיך שוין ניט וועגן אים. מען ווייס, אַז דער סיכסעך מוז זיך אַזוי פאַרענדיקן. קעדיי זיך גרינגער צו מאַכן אַפּן האַרצן, צעשרייט ער זיך אַף די מענסוס:

— און איר, וואָס טוט איר? מאַכט עס שנעלער, קאַראַכאָ!

## XIII

אַזשיקאַ דרייט זיך נאָך אַ ווייל אַרום און גייט זיך אַוועק. אין אַ ריי איינער נאָכן צווייטן שפּאַנען די מענסוס באַרג אַרויף איבער אַ געשלענגלטן שטעגל, אונטער דעם וואַכזאַמען און אומצוטרוילעכן אויג פון די קאַפּאַ־טאַסן. דאָס געפּעק פירט מען אין איין צייט אַרויף מיט אַ פורגאָן איבער

שמאלע רעלצן, וואס גלאנצן אינעם בייז־האשמאשעם. וויטער שטייט די רינע, וואס איבער איר גליטשן זיך אראפ די זעק אדער פעלן מיט צעמאַ־לענער זשערבא צום אויפלאדן. זיי קומען ארויף פארסאפעטע. פון דארטן האבן זיי נאך צוזשפאנען א קילאמעטער וועג. דארט איז די צענטראלע פארוואלטונג, א הילצערנער שפײַכלער מיט געקאלכטע נאר שוין אפגערי־בענע ווענט, א ברייטער ביניען מיט א רויטן דאך. דאס פלאץ ארום איז ריין, אן איין בוים. צוויי ריזיקע הינט, אף גראבע קייטן צוגעבונדן צו א סלופ, וואיען בייז. נאך וויטער, הינטער א פלויט פון אנגעשפאלטענע ברעטער, שלאגן זיך עטלעכע כאזיירים איבער א פאר אפגעשיילטע מאיס־זאנגען. אלץ זעט דא אויס דערדריקנדיק און אנטיפאטיש. עס הערט זיך בלויז דער באפעל פון די קאפאטאסן, מיט א סינע אינעם קאל. א מאזשאר־דאם, וואס מען רופט אים דאן סירילא, באפעלט:

— א נו, שטעלט אייך ווידער אויס אין דער ריי! יעדן מין געוועער וואס איר האט מיט זיך, דארפט איר אריינווארפן אין דעם ברעזענט. און זאל זיך קיינער ניט מאכן קעלויאדע, ווארעם עס קען אים טייער קאסטן...

— היידא... הייבט אן!... — כאפט אונטער איינער פון די קאפאטאסן. די באטראקעס, ווידער איינציקווייז אויסגעשטעלטע, מארשירן פארביי. די ערשטע פרווון פארבלייבן מיט די מאטשעטן, ווי מיט אן אומ־באדינגט נייטיקן ארבעט־אינסטרומענט. נאר סירילא צעשרייט זיך באלד דערויף:

— די מאטשעטן אויך! — און ווי אן כיישעק, זאגט ער צו זיי:
— דערנאך וועט מען זיי אייך צוריקגעבן.

יעדער איינער בייגט זיך אן בעייסן פארבייגיין דעם ברעזענט, גיט א שאר צווישן אנטאן און נעמט ארויס דאס מעסער און נאך א מין געוועער. איידער מען ווארפט אריין דאס געוועער, האלט מען עס אין דער דלאניע, מען וועגט דאס און מען גיט דערויף א צערטלעכן בליק, ווי עס וואלט א שאד געווען זיך דערמיט צו שיידן. ראמאן פארשטייט זייער גוט דעם דאזיקן געפיל. ער אליין האט אים גוט דורכגעפילט. ס'איז דער צאר פון שיידן זיך מיט אן אלטן כאווער בא אלערליי סיבסוכים און געשלעגן, אן ארויסהעלפער אין אלע נויטן, א שטענדיקער לעבנס־פריינט. ווארעם אזוי איז עס. מיט פרוי און קינדער מוז מען זיך אפט שיידן, אף וויטער ארבעט זיך אנדינגען, אדער מען ווערט פאריאגט צוליב פארשיידענע זאכן, וואס א מענטשן טרעפט זיך. אויך מיט דעם ראנטשא שיידט מען זיך אן ווייַ, ווארעם די פיר נישטיקע סלופעס, מיט שטרוי אדער מיט פאלמען־בלעטער צוגעדעקטע, זיינען ניט בעקויעך עמעצן צוצוהאלטן. אויך פון רייטן געווינט מען זיך אפ און מען גייט צופוס אין א נויט. אלץ

טראָגט מען אַריבער. מיט די ליבסטע פריינט שיידט מען זיך ווען ס׳איז נייטיק. נאָר מיט דעם מעסער, ווען שיידט מען זיך דען? ער איז דער איינציקער ניט צעשיידלעכער כאַווער, וואָס אַפילע שלאָפן גייט מען ניט אָן אים. מיט אים קען מען זיך אָן אייצע געבן אַף יעדן אויפן און באַ יעדער געלעגנהייט. זיך פאַרטיידיקן פון מענטשן און פון כאַיעס, שפּייַז באַקומען ווו עס זאָל ניט זייַן. אַפּן פרייַנטלעכן שפּיץ מעסער שטעכט מען אָן דעם זאַפטיקן בראַטן; מיט דעם שטענדיק שאַרפן מעסער־קלינג קען מען האַלץ אָנשפּאַלטן ווען ס׳איז נייטיק, אָדער אַ העלצל פאַרשניצן ווען עס קומט אויס אַ נוצלעכן אינסטרומענט אומגעריכט זיך אייַנצושאַפן, אָדער אַף שנעל אַ גריבל אויסגראָבן אין דער ערד, וואָס זאָל דעם ווינט פאַרשטעלן בעיים פייַער אָנצינדן. דערום איז דער קאָרבן פון שיידן זיך מיט דעם מעסער דאָ אַזוי ווייטיקלעך באַ דעם אוילעם מענטשן. דערום ליגט מען אַוועק דאָס געווער, ווען מען פּויעלט שוין באַ זיך סאָפּקאָלסאַף, זייער פאַרזיכטיק ווי אַן אויסערסט דעליקאַטע זאַך, וואָס קען נאָך צעבראָכן ווערן באַם אָנקלאַפּן. מען טרעט אָפּ און מען מאַכט פּלאַץ פאַרן צווייטן. עס פאַלן אַרייַן אַזוי אַרום אינעם ברעזענט מעסערס, מאַטשעטן, און אַפּילע פּיסטוילן צוויי, ביז דער ברעזענט ווערט פול מיט שטאָל. דער געקלימפּער איז אַ שאַרפער, אַ מענלעכער. ווען עס קומט די ריי צו ראַמאָנען, בייגט ער זיך אָן, ווי יעדער איינער, און ליגט אַוועק דעם מאַטשעט. דערפאַר אָבער איז ער געבליבן מיט דעם רעוואָלווער, וואָס ער האָט זיך געקויפט אין פּאָסאַדאַס. אויך אַדאָלפּאָ טוט אַזוי. קיינער וואַרפט זיי דאָס ניט פאָר, נאָר זיי פילן זיך אומרויִק. עס דוכט זיך זיי, אַז די קאַפּאַטאַסן האָבן באַמערקט זייער שווינדל. אָן אַ זייַט שטייענדיק, שטייען דרייַ זייערע און סוידען זיך. פאַרבייַגייענדיק זיי, דוכט זיך ראַמאָנען ווי ער הערט:

— אַף אָט די דאַרף מען האַלטן אַן אויג...

באַלד אָבער טראַכט ער זיך, אַז דאָס האָט זיך אים עפּשער בלויז געדאַכט. ער יִשעווט זיך נאָך אַלץ און שפּאַנט צו צו די איבעריקע מענסום, וואָס האָבן זיך שוין אויסגעזעצט אַרום אַ פייַערל, אַ צוויי הונדערט מעטער ווייַטער פון דער פאַרוואַלטונג, טרינקען מאַטע. דער בייז־האַשמאַשעס איז אַריבער אין נאַכט און די נאַכט לאָזט זיך שפּירן מיט אַ סטייַע כוצפּעדיקע גרילן, מיט דעם גרעגערן פון אַ נאָענטן נאַכט־פויגל און מיט דער בלייכער לעוואָנע, וואָס האַלט שוין פאַרכאַפּט דעם וועג. די ערשטע מאַטע איז אַ צו הייסע און ראַמאָן בריט זיך דעם גאָרגל. נאָר דאָס מאָל איז עס אים ליב. ער באַדאַרף עס גראָד האָבן. ער נייטיקט זיך אין עפּעס שאַרפס, ברענענדיקס, וואָס זאָל אים די גדערים צערודערן, דאָס לייַב,

די דערשעפּטע נערוון. ער דערפּילט זיך ווידער מענטש, אַ מענטש וואָס אַנדערע ווילן אים דערנידעריקן, דערדריקן. און ווידער נעמט ער זופּן די גרינלעכע טערפּקע מאַטע.

# XIV

צוגעשאַרט האָט זיך צו זיי אַ קאַפּאַטאַס, אַ דיקער, מיט זומער־שפּרענקלעך. זיי הייבן אויף די אויגן פונעם פייער און קוקן אים אָן אָן אַ וואָרט אויסצורײדן. ער ווענדט זיך צו זיי מיט אַ קימאַט פריינטלעכער מינע:

— גליקלעכע מענטשן — גיט ער ווי זײַטיק אַ זאָג — איר האָט פונקט געטראָפן...

זיי קוקן זיך איבער ווי מיט אַ פראַגע, נאָר זיי ריידן אַ וואָרט ניט. עס רעדט יענער:

— טענץ פאַראַן די נאַכט. דער באַלעבאָס האָט באַפוילן, און איר קענט אײַך גיין פאַרווײַלן...

— איז וואָס? — טוט אַ וואָרטשע גאַלאַרסאַ, אַ מענטש וואָס האָט שוין אָף זיך צען יאָר איבערשטן פאַראַנאַ און אַ שטענדיקע אַסטמע, וואָס צוליב דעם מוז ער קעסיידער האַלטן דאָס מויל אָפן. — מיר גלוסט זיך בעסער שלאָפן איידער קלעזמער הערן.

— איך אויך. — זאָגט אַ צווייטער.

נאָר דער קאַפּאַטאַס שלאָגט אים איבער. פון זײַן פאַרנאַשטן פּאָנעם פאַרשווינדט דער שמייכל.

— אָ, ניין!... אַלע מוזן גיין! אַז דער באַלעבאָס הייסט מוז מען פאָלגן. און דו, ברענג מיט זיך דײַן ווײַבל, זאָל זי זיך אויך פאַרווײַלן.

— אַז איר הייסט — לאָזט גאַלאַרסאַ אַראָפּ די אויגן.

— ניט צום גלייבן, פאַרשאַלטענע וואָס איר זײַט. דאָן אַזשיקאַ טוט אַלץ ראַק זיי צופרידן צו שטעלן און זעט ווי זיי דאַנקען אים. ס'איז פּאַ־שעטע אומדערצויגנקייט.

ער דרייט זיך אוים צו זיי מיטן רוקן, שפּאַנט אַוועק און קלאַפּט מיט די שפּיץ שטיוול די שטיינער אָפן וועג, וואָס קײַקלען זיך אַוועק אין דער פינצטער. די מאַטע הערט אויף אומגיין צווישן אוילעם און אַלעמענס אויגן זײַנען פאַרזונקען אינעם אויסגייענדיקן פײַער. בײַ דער שוואַכער שײַן פון די גליִענדיקע קוילן זײַנען זייערע טונקעלע פּנעמער קוים באַ־לויכטן ווי די מאַסקעס פון אַ טראַגעדיע. נאָר קיינער רעדט קיין וואָרט ניט אַרויס. זיי ווייסן אַז מען שפּירט זיי נאָך, אָדער זיי ווילן יעדער איי־נער פאַררוקן זײַן טראַגעדיע וואָס טיפער, קעדיי ניט צו פילן איר בי־טערן טאַם.

# אין דער פּאַסטקע

„...און ווי נאָר איך האָב מיך געשטעלט אַרבעטן אין דער אונ־טערנעמונג מאַטע לאַראַנזשייראַ, האָב איך שוין גענומען טראַכטן פון אַנטלויפן, וואָרעם מען האָט אונדז געצוווּנגען אומגיין פון פרי ביז נאַכט צווישן ווילדגראָז און קאַקטוסן זוכן זשערבאַ און מען האָט ניט געלאָזט אַהיימגיין אויב מיר האָבן ניט געבראַכט מיט זיך עטלעכע זעק גוט צעריבענע און איינגעטריקנטע זשערבאַ. דעמאָלט זיינען מיר, איך מיט נאָך צוויי יאַטן, אַנטלאָפן. פּונקט האַלבע נאַכט האָבן מיר אין די קלומקעס אַריינגעלייגט טאָרט פון געפּרעגלטן פלייש און טשיפּאַ* און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. מיר האָבן גע־מוזט דורכשניידן די מידבער רעזורעקסיאָן, וואָס איז אונדז אומ־באַקאַנט געווען, און מען האָט אונדז אָנגעיאָגט און אָנגעשטעלט אויף אונדז ס'געווער: „גיט אייך אונטער". און מיר האָבן זיך אונ־טערגעגעבן און צוליב אַ צופאַל האָבן זיי אונדז ניט דערהרגעט, וואָרעם היינט, האָבן זיי געזאָגט, „איז ניט קיין טאָג אויף שטאַרבן", און מען האָט אונדז צוריקגעפירט צו דער פאַרוואַלטונג און דער פאַרוואַלטער סעגיזמונדאַ גאַזשאַרדאַ האָט געהאַט אַ פולן גאַרטל מיט קוילן און אַ שרעקלעכן מעסער אינעם שטיוול און..."

(אויס די אַוואַנטורעס פון דעם מענסו אַנטאָניאָ קאַרדאָסאַ).

---

* טשיפּאַ — מאַיִס־קוכן.

# XV

עמעצער האָט אַ צי געטאָן דעם גלאָק און ער האָט זיך צעקלונגען מיט אַ באַפעלנדיקן טאָן. דאָס האַרטע צינגל ווינט זיך פּאַמעלעך און מאַיעסטעטיש, ווי זיכער, אַז מען וועט זײַן רוף געהאָרכן, אַז הערצער און אויערן זײַנען גענייגט אים אויסצוהערן, אַז דאָרט ווײַטער, אין די אָרעמע ראַנטשאָס און הוילע פּלעצער פון וואַלד, לייגט אַוועק דער אַווילעם די רו און די שטוב־אַרבעט אויסצופאָלגן דעם באַפעל פונעם צעקלונגענעם קופּערנעם מויל. דער גלאָק שטילט זיך אײַן און נאָך אַ קורצער ווײַל צעציטערט ער ווידער די לופט, און שורעס צעבליטע באַנאַנעסביימער, הויכע פּאַלמען און אַמאַמבאַיען גיבן איבער איינע דער צווייטער דעם אָנזאָג, דעם לאָזונג, דעם באַפעל, וואָס קומט פונעם גרויסן פאַרוואַלטונגס־הויז. מער קלינגט ער ניט, דער גלאָק, און דער יִשעוו איז ווי נאָך עלטער געוואָרן. עטלעכע מינוט רו און אַ פּײַערל ווינט זיך שוין אין דער ווײַט, ווי אַ ציטערדיק גלי־ווערעמל. פּאַמעלעך רוקט זיך עס, ווי דאָס וואַלט געשלעפּט אויף זיך אַ שווערע אומגעזעענע לאַסט. באַלד קומט צו צו דעם פּײַערל נאָך איינס און נאָך איינס און שוין לעבערן דורך די נאַכט אַ סך פּײַערלעך ווי אין אַ רעליגיעזער פּראָצעסיע. זיי שווימען אַפיר פון הינטן און פון לינקס, פון אויבן און פון רעכטס און אַלע קומען זיי זיך צונויף אויפן וועג, ווו זיי בילדן שוין אַ לויכטנדיקע קייט, אַ האַלדזבאַנד פון באַוועגלעכע קרישלדיקע קרעלן, אַ שלאַנג מיט וויגעוודיקע רינגען, וואָס רוקן זיך פויל. זיי קומען אַלץ נענטער און ווי געהאָרכזאַמע זומערפייגעלעך הייבן זיי זיך איבער דעם מיטלסטן וואַלד־וועג. דאָ צעטיילן זיי זיך, ברעכן זייער פאַנטאַסטישע איינהייט, און פון גלי־ווערעמלעך ווערן מענטשן, פּוסגייער און רײַטער, יעדער איינער מיט זײַן לאַמטערן, וואָס קומען אויפן רוף פון זייער האַר. דער שאַרפער קלונג פונעם גלאָק האָט זיי גערופן קומען זיך פאַרווײַלן, קומען זיי פּונקט אַזוי געטרײַ ווי אין די קאַיאָרן, ווען דער פלאַמיקער קלונג הייסט זיי גיין אין זשערבאַ־וואַלד.

לאַמטערנס, אָנגעהאָנגענע אַפֿן ברייטן, מיט צווייַגן באַדעקטן פּלאַץ פֿאַרן פּאַרוואַלטונגס־לאָקאַל, וויגן זיך אונטערן ווינטל און שפּרייטן אַרום זיך סנאָפּעס שייַן. אַט אַנטפּלעקן זיי די אַרומגעשניטענע שטרוי פֿון דער סטריכע און די געשטרעקטע מעכטיקע סלופּעס, וואָס האַלטן אַף זיך דעם דאַך, ווייַטער אַביסל די פֿעסטע פֿיס פֿון די צוגעבונדענע פֿערד אָדער דעם בלויען סאַד פֿון דער נאַכט, וואָס פּרוּווט זיך בעכינעם איר מאַכט אַרויפֿ־צווינגען. ווי נאָר עס גיט אַ פֿראַל די שייַן, אַזוי טרעט זי אָפּ, די נאַכט, אָבער נאָר אַף סעקונדן; זי גיט זיך אָבער ניט אונטער און ווי נאָר דער ווינט קירעוועט אויס דעם לאַמטערן, פּרוּווט זי ווייַטער אָנגרייַפֿן.

אַף איין זייַט זייַנען אויסגעשטעלט לאַנגע בענק. אויך דאָס פּלאַץ איז אויסגעקערט. אין דער טיף איז די טיר פֿון דער אַדמיניסטראַציע האַלב אָפֿן און מען זעט אַרויס אַ הויפֿן זעק און אַף די זעק עטלעכע רויטע און בלויע פּאָר שיך. ווייַטער, אונטערן צווייַגן־דאַך, זיצן שוין די קלעזמער, אַן אַקאָרדעאָן און צוויי גיטאַרעס. פֿויל איבערגעבויגן איבער זייערע אינ־סטרומענטן זיצן זיי ווי איינגעשלאָפֿן און רירן בלויז מיט די לאַנגע ברוי־נע הענט. באַם אַקאָרדעאָן־שפּילער הענגען אַראָפּ לאַנגע געדיכטע וואָנ־צעס, ווי גלאַטע שטשעטינעס, אינאיינעם מיט דער ניט־געראַזירטער מאָר־דע, אַף אַ ברייטן געלן טיכל. אַן אָפּגעצערטער מולאַט מיט פֿלינקע נער־וועזע פֿינגער האַלט זייַן גלאַטן קאָפּ האָר אָנגעבויגן איבער דער גיטאַרע און רימפּלט. דער צווייטער האַלט שטאַרק אַראָפּגערוקט דעם הוט איבער זייַנע בלויע אויגן, און פֿון אונטערן הוט קוקט אַרויס אַ שוואַרצער לאָק, אין סטירע מיט זייַנע בלאָנדע וואָנצעס. מען דערלאַנגט זיי אַ פֿלאַש קאָ־ניאַ און זיי זופּן פֿון איר, און ווען זי ליידיקט זיך אויס נאָך דער צווייטער קויסע, בלייַבן זיי זיצן טרויעריק און קוקן אַף דער פֿלאַש. באַלד שפּילן זיי אויף אַ פּאָלקע.

ווען אַדאָלפֿאָ מיט ראַמאָנען קומען צו צום פּלאַץ, שטעלן זיך אויף זיי צו באַזוכן צוויי קאַפּאָס, וואָס זיצן באַם אַרייַנגאַנג. נאָר זיי האָבן שוין צייַט געהאַט זייער געווער צו באַהאַלטן. נאָך זיי קומען צו אַנדערע. צו־ערשט עטלעכע מענסוס מיט שפּיציקע פֿענעמער, וואָס זעצן זיך אַוועק און שווייַגן, ווי זיי וואָלטן שוין געזאָגט אַלץ וואָס מען האָט געקענט זאָגן. עס קומט אַרייַן אַ זקיינע מיט אַ מיידל פֿון אַ יאָר דרייַצן, מיט אַ גרויס מויל און קוראַזשנע בריסטן. דערנאָך קומען די קאַפּאַטאַסן און די קאַפּאָס. אַלע זייַנען זיי קרעפּטיקע מענער, לאַכן אָפֿן קאָל און טראָגן אָפֿן דאָס געווער. זיי רײדן ווי זיי וואָלטן געווען איינע אַליין און קוקן זיך ניט אום אַף די באַטראַקעס.

— די נעקייוועס זייַנען שוין דאָ. — רופֿט זיך אָן איינער פֿון זיי.

די פארלעד קומען אריין ניט דרייסטע, דערשראקענע פאר די אייבערהארן. אויך די פרויען באטאפט מען צי זיי האבן געווער. איידער מען לאזט זיי דורך, באמיען זיך די ארדענונג־האלטער וואס לענגער זיך אפצושטעלן מיט די הענט אף זייערע היפטן און בריסטן. די מענער בלייבן שטיין אן א זייט און די פרויען זעצן זיך אוים אף דער צווייטער זייט מיט אראפגעלאזטע אויגן און שמועסן צווישן זיך שטיל.

ווען דער אוילעם איז שוין צונויפגעקליבן, קומט אריין אזשיקא. די גרימאסע בא אים אפן פאנעם איז איצט א ווייכערע. ער גריסט אלעמען, קלאפט די קלעזמער אין פלייצע און גיט א זאג גוט־ברודעריש אפן קאל:

— א נו... לאורעאנא: דו ועסט זיין דער שאפער!...

די טענער פון דער פאלקע צעשיטן זיך איבערן פלאץ.

א מיטליאריקער פארשוין מיט א רויטלעכער בארד, מעשונע־מאדנע געקליידט, אין צו קורצע באמבאטשן, שטעלט זיך אוועק אינמיטן פלאץ און פון דארטן טיילט ער פרויען און שטעלט צונויף פארלעד. איין פארל נאכן צווייטן שניידט זיך און שוועבט פארביי איבער דער איינגעטראטענער ערד. מיט די בארוועסע פיס אדער מיט די אלפארגאטן הייבן זיי אויף אביסל שטויב, וואס קריכט אין האלדז. מען באוועגט זיך נאכלעסיק טייוועדיק, מיט קליינע שפרינגעלעך, ווי די הינער. דער שאפער באמיט זיך זיי אויפצומונטערן, לעבעדיקער מאכן און פאטשט אין די הענט צום טאקט פון דער מוזיק. פון צייט צו צייט גיט ער א קוויטש, נאר קיינער העלפט אים ניט. ראמאנען רירט עמעצער אן באם אקסל, באט אים אן קאניא פון א גרויסן קרוג.

— טרינק, אפן כעשבן פונעם באלעבאס. דאן אזשיקא צאלט...

ער טוט א זופ און גיט איבער א צווייטן. דער קרוג גייט שנעל אום צווישן אוילעם, וועקט שמייכלען, צעגלאנצט אויגן, מאכט פריילעך. די ביז דעמאלט שווייגנדיקע כמורנע מענטשן אנטפלעקן מיטאמאל זייערע קוויטיקע יאסלעס און בלענד־ווייסע ציין, נעמען שמועסן און זיך איבערווארפן מיט אנצוהערענישן. אויסגעטרונקען דעם „באלעבאס קיבעד", בעט מען קאניא אפן אייגענעם כעשבן. דא פארקויפט מען בראנפן, טשיפא אדער „סאפא פאראגוואזשא".* טייל זיינען מעכאבעד דעם שאפער ער זאל זיי צושטעלן די בעסטע דאמען, נאר די קאפאטאסן זיינען פריווילעגירט. פאר די עטלעכע מענטשן, וואס האבן קוראזש צום טאנצן, פארבלייבט דאס רעשט. נאר אלע זיינען זיי ענלעך איינע אף דער צווייטער מיט זייער אפגעצערטקייט, מיט זייער דראמאטישער שווארצקייט ארום די אויגן, מיט זייערע לאנגע, פון ארבעט צעקארבטע הענט. עס סטאר־

* טארט פון מאיס־מעל מיט קעז און ציבעלע.

טשען פון זיי אַרויס די באַקנביינער ווי איידעס פון שווערער אַרבעט, וואָס זיי מוזן טאָן אינאיינעם מיט זייערע מענער אין די זשערבאַ־וועלדער אָדער באַם וואַשן און יעטן „פון שטערן ביז שטערן". טייל ליידן פון קראַפּ און טראָגן זיך אום מיט די אָנגעוואָקסענע גוליעס אויפֿן האַלדז. אַכוץ עטלעכע יונגע מיידלעך, פון צוועלף ביז פופצן יאָר, זיינען די רעשט אויסער עלטער. נאָך איידער זיי וואַקסן אונטער ליידן שוין די מערסטע פון סעקסועלן אָנפאַל, אַרויסגערופן איינמאָל און אַ צווייטן מאָל פון גיריקע מאַנצבלען איידער נאָך די נאַטור האָט אין זיי אַריינגעגעבן יוגנטלעכן אימפּעט, דעם ברענענדיקן זאַפט און דעם פרישן רייעך, וואָס יעדע פלאַנץ, יעדער בוים פאַרשפּרייט אַרום זיך, אָדער דעם וווּקס און דראַנג פון דער כאַיע אין וואַלד. צו עטלעכע און צוואַנציק יאָר זעען זיי שוין אויס קימאַט ווי פּרוכטלאָזע שטאַמען, אָן גרינס אויף זיך. די בריסטן קימאַט גלאַטע, די קליבעס קוים אַרויסגעהויבן, די ליפּן אָן אַ טראָפּן בלוט. די שווערע אַרבעט איילט אונטער צום אָפּגאַנג זייער ציקל יאָרן. באַ אַנדערע נעמען די קינדער אַוועק דעם נייטיקן קאַלציום, דעם אומבאַדינגטן אייזן און דאָס בלוט, און זיי פאַרבלייבן אַזוי מיט אַ ברוינער דינער הויט אויף די קראַנקע ביינער. דאָך האָבן זיי נאָך קויעך זיך צו באַוועגן, נאָר זיי לאָזן זיך שלעפּן פון זייערע טאַנץ־מענער און טראַכטן מיסטאָמע דערביי פון דער אַרבעט, וואָס שטייט זיי ווידער פאַר אין אַ פּאָר שאָ אַרום, ווי געהאָרכזאַמע אינסטרומענטן אין די רויבער־הענט פון די קאַפּאַטאַסן, וואָס באַגערן זיי, ניט געקוקט אויף קיין שום זאַך, ווײַל זיי זיינען אַ לייכטער ביסן פאַר זייער אויסגעהונגערטן כאַיעשן אינסטינקט.

די טענצער באַגעגענען זיך, פון איין זייט די פרויען, פון דער אַנדער זייט די מענער, אינמיטן פּלאַץ, די פרויען נאָכגעלאָזן און ניט דרייסט, און די מענער — די באַהערשער. באָרוועסע פיס און שטיוול באַהעפטן זיך, דרייען זיך, טרעטן אויף, באַגעגענען זיך און דערווייטערן זיך, ווי אין אַרויסרוף, ווידער אָנצוהייבן דעם שפּיל. דערנאָך לאָזט מען די פרויען שטיין דאָרט וווּ דער סוף טאַנץ האָט זיי געטראָפן. די פּאָרלעך גייען זיך פונאַנדער אין אַ פאַרנויג אַפּילע, ווי אומבאַקאַנטע, וואָס האָבן ניט ווילנריק צוזאַמען געהאַט אין אָנגענעמען כאַלעם.

אין אַ זייט פון טענצער־געווירבל הייבט זיך אָן אַ שטיקל סיכסעך. פּאַליירע, אַ קאַפּאַ מיט געגרייזלטע האָר ווי באַ אַ צאַפּ, וויל אַוועקנעמען אַ פרוי צום טאַנצן באַ איינעם אַ דאַרן מענטש. דער מענטש טײַנעט אַליין:

— איך וויל אויך מיט איר טאַנצן, זי איז מײַנע אַ שוועגערין...

יענער גיט אים אַ שטויס אָפּ און שוין בעייסן דרייען זיך מיט דער צעשראָקענער זי, גיט ער מיט ביטל אַ זאָג:

— וואָס ווילסטו... מיר האָט זי דער שאָפער געגעבן. ער פּראָוועט דאָ. ווּהין קריכסטו?

צום מענטש קומען צו אַנדערע צוויי קאַפּאָס, שווערע און דראָענדיקע.

— אויב דו זוכסט דיר אָנגעבראָכענע ביינער, וועסטו זיי באַלד האָבן!

— איך זוך מיר גאָרניט — קרעכצט אָפּ דער איינגעשראָקענער מענטש. — איך וויל אַהיימגיין מיט מיַין וויַיב. ס׳איז שוין שפּעט.

יענע טוען אַ שמייכל און באַטאָנען:

— קענסט מיט איר ניט אַהיימגיין, ווער עס קומט אַהער גייט ניט אַהיים אָן דער דערלויבעניש פונעם באַלעבאָס.

זיי דרייען זיך אויס צו אים מיטן רוקן און ער קומט צו צו ראָמאַנען און זעצט זיך אַוועק לעבן אים. ראָמאַן פּאַטשט אים אין פּלייצע, מוּטיקט אים.

— די גאַנצע נאַכט איז ער פון איר ניט אָפּגעטראָטן — וואָרטשעט דער מענטש. — אַוודאי, זיי מאַכן אָפּ מיט דעם לאָורעאַנאָ און פּאָרטיק...

— צו וואָס־זשע האָסטו זי געבראַכט אַהער?

— אַך! איר ווייסט ניט? אַהער מוז מען קומען, צי דו ווילסט, צי דו ווילסט ניט. און אַז מען קומט אָן דעם וויַיב, קומט אַ קאָמיסיע און נעמט זי פונעם ראַנטשאָ...

ער רעדט מיט אַ פּאַרלאָשן קאָל און מיט ניט געבונדענע ווערטער און ראָמאַן מוז זיך צובייגן צו אים קעדיי צו הערן וואָס ער זאָגט.

— אַרויסדרייען זיך קען מען ניט. איך זאָג זיי: „...כ׳בין קראַנק, מיר קענען ניט גיין". און זיי, קנאַק... קום!... זאָגן זיי מיר, „דאָרט אין דער אַדמיניסטראַציע וועסטו געזונט ווערן...".

הינטער זיי רעדט אַ שוואַרצער מענטש, ווי ער וואָלט די ווערטער אַרויסגעשפּיגן:

— עך! מיר ווייסן שוין אַף וואָס מען באַדאַרף די טענץ. איר זעט די אַלע? — וויַיזט ער אָן אַף דעם בינטל קאַפּאַטאַסן און קאַפּאָס. — האָט קיין איינער ניט פון זיי זיַין וויַיב. אַז זיי דאַרפן, קומען זיי אַהער זיך אויסקליַיבן.

ענג אַרומגענומענע קערפּערס דרייען זיך שנעל פאַרביַי. וואָס מער קאַניאַ עס גיסט זיך, אַלץ כוצפּעדיקער נעמען אַרום מענערישע הענט די טאַליע, דעם רוקן, דאָס אָרט ווּ עס הייבט זיך אָן דער הינטן. גיריקע, איַילִיקע, טאַפּן זיי, פּרוּוון זיי אינעם געווירבל פון טאַנץ. פלינקע פיס ציַיכענען קאָמפּליצירטע פיגורן אַף דער ערד, לענדן שפּאַרן אין די ביַיכער און טרעטן אָפּ קעדיי אימפּעטיקער אָנצוגריַיפן ביז די פרוי אַף די

קניִען אַראָפּצוזעצן. איינער פון די קאַפּאַטאַסן גיט צו וויסן זײַן העלדיש-
קייט מיט אַ ניצאָכנדיקן קאָל:

— און איצט מאַכט אַ וועג! מירן דעם פּלאַץ אויסקערן, קאַראַכאַ!...

מען טרעט אָפּ פּאַר אים און ער נעמט זיך אויספּײַנען, מאַכט שנע-
לע פיגורן און אײַנשנײַדונגען, זאָגט קרעפּטיקע און פלינקע וווּיליוונגישע
קאָמפּלימענטן. פון אונטער דער פרוים קליידער שווינדלט דאָס ווײַסע
העמד און דער זוים פונעם שטײַף געקראָכמאַלטן אונטערקליידל, געקראָכ-
מאַלט קעדיי דער שטויב און דאָס מיסט פון דער ערד זאָל צו דעם ניט
צושטיין. זיי לאָזן זיך אַוועק אין אַן אומאויפהערלעכן געדריי אַזוי לאַנג
ביז זיי פאַלן אַוועק אָן קויכעס אַף אַ באַנק צווישן אַ יאַם מיט אַפּלאָדיס-
מענטן.

דער באַליידיקטער מענטש שטייט בײַ דער סטויקע און טרינקט איין
גלעזל נאָכן צווייטן, ווי ער וואָלט אײַנגאַנצן פאַרגעסן זײַן ווײַב. ראַמאָן
זוכט זי שוין איצט אַרום צווישן די טענצער, נאָר זי איז שוין ניטאָ. די
אַטמאָספער איז שווער און לעסטיק. ער קומט אַרויס פונעם צוגעדעקטן
פּלאַץ אַפן פרײַען פעלד און אַ בלינדקייט באַפאַלט אים. די נאַכט איז
אים פּלוצים אַרײַן דורך די אויגן, דורכן מויל, דורך די אויערן, מוטער-
לעד און גרענעצלאָז, ניט אָנצוכאַפּן, און לאָזט אים ניט זען און הערן.
ווי ער וואָלט פּלוצים טויט געבליבן אין אָנבליק פון דער מאַיעסטעטישער
טראָפּישער נאַכט; ווי זי וואָלט אים אין זיך אַרײַנגענומען, אים, דעם
נישטיקן, פאַרגעסענעם און פּיצינקן ווען, און אים אָנגעטאָן דעם קאָוועד
אים אויפצולייזן אין איר פײַערלעכער וואַרעמקייט. ער שטייט אַזוי, אַ פאַר-
געסענער, ביז ער דערזעט די שטערן, די סלופּעס פונעם צוגעדעקטן פּלאַץ,
דעם טונקעלן און גלאַנציקן געזעמל רויִק-שטייענדיקע פערד. שטייענדיק
דרעמלט ער אײַן, ביז עמעצער גיט אים אַ שטויס. אַ פּאָרל איז אַרויס-
געקומען. דער ער נעמט זי הערשעריש אונטערן אָרעם און רעדט צו איר
פאַרשטעלטע רייד. ראַמאָן ניכטערט זיך אויס און כאַפּט זיך: דאָס איז
דאָך דער בלאָנדער קאַפּאַ. זי, גאַלאַרסעם ווײַב. זי איז, קענטיק דערקעגן.
אַזוי ביז זיי קומען צו צום נאָענטן ראַנטשאָ. נאָר איר באַגלייטער איז
ענערגיש און ביידע זינקען זיי אײַן אינעם שוואַרצן לאָך, וואָס די טיר
האָט געלאָזן בעייסן עפענען זי.

ניט די איינציקע זײַנען זיי. נאָך פּאָרלעך קומען אַרויס פונעם צוגע-
דעקטן פּלאַץ און ווערן פאַרפאַלן צווישן די נאָענטע קוסטעס. אַ דערשעפּ-
טער, לאָזט זיך ראַמאָן אַראָפּ אַף דער ערד און כאַפּט אַ קורצן אומרויִקן
דרעמל. מיטאַמאָל כאַפּט ער זיך אויף און דערזעט איבערן וועג גיין גאַ-
לאַרסאַם ווײַב. עטלעכע טריט פון איר גייט נאָך אַ מענטש, וואָס פון

ווײַטנס זעט מען זײַן אָנגעצונדענעם ציגאַר. ווען זי איז אים פאַרבײַגע־גאַנגען, האָט זי די אויגן אַראָפּגעלאָזט. זי קומט צו צום טאַנץ־פּלאַץ, נאָר דער טאַנץ איז שוין פאַרענדיקט. אויך ראַמאָן קומט צו און שלאָגט זיך אָן אַף שיקורים, וואָס האַלטן אַרומגענומען די ערד לעבן איבערגע־קערטע גלעזער און רעשטן טאָרט און טשיפּאַ. אויך גאַלאַרסאַ ליגט אַף דער ערד לעבן דער סטויקע. זי פּרוּווט אים פאַרזיכטיק אויפהייבן. מיט איר גרויסן טוך ווישט זי אים אָפּ דאָס מויל, די אײַנגעשמירטע באָרד, און רעדט צו אים שטיל און צערטלעך. ער ליגט באַוווּסטלאָז. ראַמאָן העלפט איר אים אויפזעצן אַף אַ באַנק און זי נעמט זיך בעטן בײַ אים מיט אָן אַ שיר געדולד:

— קום, פּעדראָ, ס'איז שוין שפּעט... זשאַכאַ זשאַקע...*

פון ווײַט הערט מען דעם אַקאָרדעאָן פונעם שיקערן קלעזמער. דער אוילעם נעמט זיך פונאַנדערגיין און די הענגענדיקע לאַמטערנס אַפילו האָבן שוין אָנגעוווירן זייער פריִערדיקע שײַן. זי אַמפּערט זיך נאָך אין אַנגסט מיט איר מאַן. זי, די אויסגעפּרוּווטע פרוי, די עמבלעם פון אַלע ווײַבער אַפן אייבערשטן פּאַראַנאַ, פון דער זי, וואָס איז אַזוי לײַכט אַף געָנוס, אַף לײַדן און אַף אַרבעט.

— זשאַכאַ זשאַקע, פּעדראָ...

סאַפּקאָלסאָף הייבט ער זיך אויף און דערקענט זי אין האַלבן באַ־וווּסטזײַן. מיטאַמאָל ווערט ער ניכטער און זײַנע ווערטער מאַכן זיך אַ וועג, זײַנען גוווּער די געלעגערטקייט פון דער צונג:

— אַד, דאָס ביסטו? גיי, שלעפּערקע, זוינע! ס'וועט דיר ניט זײַן געשענקט!...

די באַליידיקונגען פאַרענדיקן זיך מיט אַ צוגעשטיקטן רעווען. ער הייבט אויף די האַנט, נאָר ער מוז זי אַראָפּלאָזן, ווי אַ טויטע לאַסט. איידער ער פאַלט אַרײַן אין טיפן שלאָף, באַווײַזט ער נאָך אַ זאָג צו טאָן:

— וועסט שוין שפּעטער זען...

צוויי קאַפּאַטאַסן וואָס דרייען זיך אום איבערן פּלאַץ, צעשמייכלען זיך פון האַנאָע איבער דעם גראָטעסקן סאָף פון דער פאַרווײַלונג. אײַנ־צווייען, אַמעליאַ מיט ראַמאָנען, האָבן זיי אים אויסגעצויגן און טראָגן אים ווי אַ פייגער. אין צוויי שאָ אַרום, ווען ראַמאָן כאַפּט זיך אויף פונעם שלאָף, טרעפט ער זי נאָך אַלץ איבערגעבויגן איבער איר מאַן און קעמען מיט די פינגער זײַן פאַרשוויצטע טשופּרינע. זי זוכט אויס די צאַרטסטע ווערטער אים צו זאָגן, זיי זאָלן אָפּווישן די באַליידיקונג, וואָס קײַנער

* קום שלאָפן.

אכוץ איר האָט ניט געליטן. טרייסטנדיק אים, פילט זי אַוואַדע ווי איר אַליין ווערט דערפון גרינגער.

דאָס מעסער פון באַגינען האָט שוין אָן ראַכמאָנעס צעעפנט דעם פינצטערן הימל־בויך און נאָך הערט זיך דאָס צאַרטע קאָל פון דער פרוי, וואָס פאַרוויגט אין גוואַראַני־לאָשן די צעקרעמפּטע מאַסע לײַב מיט קאַניאַ אָף איר פּאַדאַלעק, דאָס לײַב וואָס אָטעמט פון צײַט צו צײַט אַרויס פון זיך די אַסטמע און די באַזויפנקייט.

# די דעראָבערונג

די ווילדעניש, מוזט איר וויסן, האָט אַף איר לעבן אַ סאַך זאַכן געזען. זי קען די געוואַגטע שפּאַנישע אינפאַנטעריע און האָט צו־געזען איר בלוטיקן קאַמף מיט די פאַראַקשנטע אינדיאַנער. זי איז ניט געשטאַנען אָן אַ זײַט בעיים די שלאַכטן. מיט אַלע אירע קווי־כעם האָט זי זיך געשטעלט אַפן צאַד פון די אײַנגעבוירענע. דאָך האָט מען זיי באַזיגט, גוירלדיק באַזיגט. זי האָט דאָס אַפריִער גע־ווּסט. וואָרעם אַלצדינג ווייס זי, די ווילדעניש. נאָר זי האָט גע־קעמפט. דערנאָך זײַנען געקומען די יעזויִטן. געווען זײַנען זיי פלינ־קע, געשליפענע און איבערגעשפּיצטע לײַט. אַלץ האָט זיך געבויגן פאַר זייער מעכטיקן ווילן. די זעלנער האָבן באַזיגט די אינדיאַנער, נאָר ניט געקענט זיי אויסנוצן. די יעזויִטן האָבן אָנגעווענדט אַנדע־רע מעטאָדן, אַנשטאָט קוילן האָבן זיי גענוצט ווערטער. פאַרשטאַ־נען האָט די ווילדעניש, אַז די ערגסטע סאָנים זײַנען זיי. אַ פאַר־שאָלטענער און פאַרהאַסטער וועזן איז געווען דער וואָס האָט אויס־געטראַכט דאָס ריידן; דער וואָס האָט פונעם טראַף געמאַכט אַ לאָשן און האָט עס אָפּגעגעבן אַף אויסשליסלעכן באַזיץ פון די מענטשן. ליבער זײַנען דער ווילדעניש אירע נאַטור־קינדער, די קוויטשיקע, די טמימים. מיטן וואָרט האָבן די יעזויִטן אײַנגענומען די אינדיאַ־נער, האָבן זיי אונטערטעניק געמאַכט צו זייער ווילן, האָבן זיי אונטערגעוואָרפן צו אַזעלכע דערנידערונגען, וואָס אונטער דער שווערד האָבן זיי פון זיי ניט געוווּסט. אָנגעוווירן האָבן די אינדיאַ־נער זייער שטײַפקייט, זײַנען געוואָרן ווי קינדער, ווי שלאַבעריקע ווײַבער, שאָטנס בלויז פון די אַמאָליקע אומדערשראָקענע און פרײַע וואַלד־מענטשן. די יעזויִטן האָבן זיי צעשיידט מיט דער ווילדעניש, האָבן זיי אַרײַנגעזעצט אין הײַזקעס און פון די הײַזקעס געמאַכט גרויסע יישובֿים. זיי האָבן אויסגעפונען ווי צו פלאַנצן די זשערבאַ, מען זאָל זי ניט דאַרפן גיין שנײַדן אין די אורוועלדער. קעדיי די

אינדיאַנער זאָלן ניט צוריקגיין צו זייער מוטער דער ווילדעניש, האָבן זיי אויסגעטראַכט מעגושעמדיק מעאויעמדיקע לעגענדעס, פֿאַלשע און מיִעסע. זיי האָבן זיך אויך אַרויפֿגעוואָרפֿן אַף די פּרעכטיקע געשיכטעס פֿון די טופּיס, פֿון די קאַינגואַס, פֿון אַלע גוואַראַניער שוואַטים, און האָבן זיי פֿאַרדאָרבן און פֿאַרדרייט ווי זיי איז געפֿעלן. אויפֿגעקומען זײַנען אַזוי אַרום דער אַאָ־אַאָ, דער פֿאָמבעראָ, דער טעזשו, דער קעריזשו און דער איפּאָראַ, בייזע באַשעפֿענישן, וואָס פּרעסן אויף יעדן איינעם, וואָס דערוועגט זיך פֿאַרלאָזן די מיסיעס און צוריקגיין אין וואַלד. אַזוי האָט מען זיי צעשיידט מיט דער נאַטור, פֿאַרשטוביקט ווי די בעהיימעס און זיי זײַנען פֿאַרלוירן געגאַנגען פֿאַר דעם פֿרײַען, גליקלעכן און פּאָשעטן לעבן. געווען זײַנען די יעזויִטן די שרעקלעכסטע סאָנים פֿון דער ווילדעניש און אַ גרויל גייט איר איבער ווען זי דערמאָנט זיך אָן זיי. נאָר אויך זיי זײַנען פֿאַריבער, האָבן זי צו רו געלאָזט. אַף ווי לאַנג? אַף צענדליקער יאָרן, וואָס פֿאַר דער ווילדעניש זײַנען עס אויגנבליקן. וואָרעם געזען האָט זי שוין אויפֿקומען און אונטערגיין טויזנטער זומערס און ווינטערס, זשאַווערנדיקע הויפֿנס יאָרהונדערטן, יאַמים מיט וואָכן, מענגעס טעג, לעפֿאָנעס אַלצאיינע, נאָר אין דער עמעסן וווּנדערלעך פֿאַרשיידן איינער פֿון צווייטן. געלאָזט האָבן זיי זי אַזוי רויִק ליגן, אַז אין דער צײַט האָט זי זיך דערוועגט אַרײַנדרינגען אין אירע פֿריִערדיקע באַזיצן, אין די געגנטן, וואָס זײַנען שוין געהאַט באַזעצט געווען מיט שפּאַניאָלן און יעזויִטן. זי איז אַזוי צוגעקומען ביז צום סאַמע טויער פֿון די מיסיעס. אַרויסגעשיקט האָט זי פֿאָרויס אירע פֿעדער־פֿלאַנצן, אירע שטעכיקע און קלעטער־געוויקסן. געבעטן האָט זי דעם ווינט און ער האָט פֿאַרטראָגן דעם זוימען פֿון אירע שטאַמיקסטע, צעקרומטע און סענקעוואַטע ביימער. אַרויסגעשיקט האָט זי וועספּן און שפּינען און עקדישן. און ווען די בריגראָזן, שטריק־גראָזן און קאַקטוסן האָבן זיך באַפֿעסטיקט און פֿאַרמערט און פֿונעם ווידערוווּקס זײַנען געוואָרן שטאַלטנע קרעפֿטיקע ביימער, האָט די ווילדעניש זיי באַפֿוילן אַרײַנצודרינגען אין די טעמפּלען, אין די אַלטע קאָלאָניאַלע הײַזער און שטאָט־פּלעצער. און בעקאָוועדיקע ביניאָנים האָבן זיך גענומען שפּאַלטן און סטעליעס זײַנען אײַנגעפֿאַלן און זײַלן האָבן זיך נאָכגעגעבן, צעוואָרפֿן אַרום זיך די קאַפּיטעלן און זיי אַליין — די גאַדלעסדיקע שלאַנקע זײַלן — האָבן גענומען קושן מיט האַכנאָע די ערד, שוין אַ צוריקדעראָבערטע פֿון די פֿאַרבינדעטע ווילדגראָזן. געבליבן זײַנען קוים שטיין

דאָ און דאָרט פּאַשעטע ווענט, שטיקער אונטערשפּאַר, ווו ניט ווו אַ לעבנגעבליבענער געוועלב, מעגושעמדיקע שווערע שטיינער אָנגעוואָרפן איינער אַפן צווייטן, אַ ווינקל, וואָס גיט צו וויסן, אַז אַמאָל איז דאָרט געווען אַ קלויסטערישע שיף-וואַנט. די מענטשלעכע שאַפונג זעט זיך קוים אַרויס צווישן ווילדגראָז, צווישן צאָנוואָרצלען און אָרכידעען-פלאַנטער, דאָרט ווו דער אויסוווּקס דערלאָזט עס, קעדיי צו באַווייַזן דעם ניצאָכן פון דער ווילדעניש איבער אירע סאָנים. אין די כורוועס פון סאַן-איגנאַסיאָ, באַם אַרייַנקום אינעם טעמפּל, אַפן העכסטן מויער, איז אַרויסגעוואַקסן אַ מוירעדיקער ווילדער פייַגנבוים, וואָס האָט שטאַפּל נאָך שטאַפּל אַריבערגעשפּאַנט דעם שפּיציקן ביניען און שפּאַרט אַרויס איבער די האַלב-כאָרעווע פּליטעם, איבער די בלאָקן רויטן שטיין, איבער דעם הערב מיט די קינסטלערישע שניצערייַען, ווי אַ סימבאָל פונעם וואַלדס ניצאָכן. ער שטייט דאָרט, דער בוים, ווי אַ וואָרענונג די מענטשן, אַז די ווילדעניש גיט זיך אונטער נאָר אַף אַ צייַט און אַז צום סאָף איז זי זיך נויקעם אָן די וואָס שענדן זי. טוריסטן וואָס קומען אָנקוקן די כורוועס, נעמט דורך אַ שוידער. דער שוידער דויערט ניט מער ווי איין אויגנבליק, אָבער גענוג. זיי האָבן דערהערט די וואָרענונג פון דער ווילדעניש. וואָלטן זיי דאָרט בלייַבן אַף באַנאַכט, איינע אַליין, וואָלטן זיי נאָך שאַרפער דערפילט דעם אייפעריקן פּאַרזאָג. נאָר קיינער דערוועגט זיך ניט דאָרט צו פאַרבלייַבן. קיינער האָט ניט דעם מוט צו פאַרבלייַבן מיט דער ווילדעניש אויג אַף אויג.

אַזוי איז עס. די ווילדעניש פאַרגעסט גאָרניט. איר לעבן איז פינצטער, אונטערערדיש, שנייַדט זיך דורך צייַטן און פליסט ווי אַ זאַפט דורך דער גאַנצער נאַטור. איינס נאָר פאָדערט זי, מען זאָל איר ניט שטערן. די גיפטיקע זשאַראַראַ-שלאַנג שוידערט דערום אויף און צעציט זיך, ווי אירע אַ פרעכטיקע טאָכטער, ווען איר דוכט זיך, אַז מען פאַלט זי איבער. און די ווילדעניש דרייט זיך אייַן ווי אַ בייגל ווען זי גרייט זיך אַ שפּרונג טאָן אַף דעם איבערפאַלער. זי גיט זיך קיינמאָל ניט אונטער, זי פאַלט אינעם קאַמף. ביז לעצט שלאָגט זי מיט איר לאַפּע דעם סוינע, ווי אַ מאַיעסטעטישער יאַגואַר.

אַ פאַרטייַעטע, אַ ניט-צוטריטלעכע, לויערט די ווילדעניש אַף די אַרייַנדרינגער.

# XVI

מען שיקט זיי איבער צו דער צענטראַלער פאַרוואַלטונג אינאיינעם מיט אַנדערע דריַי צענדליק נאָך פאַרשלאָפענע מענער און פרויען. זיי פאָרן אַהין אַף „פוילישע פורן”, געשפּאַנט מיט פוילע מויל־אייזלען וואָס ציִען אַף אַ זיַיט און שלעפּן אַריַין די רעדער איינמאָל און אַ צווייטן מאָל אין אַ ריוו אָדער שלאָגן זיך אָן אַף שטיינער איבערן דורכגעהאַקטן וואַלד־וועג. דער וועג איז אַ פאַרוואָרלאָזטער. די „רויטע ערד” איז צעגראָבן, מיט שפּאַלטן, קאַנאַוועס און גריבער, וואָס די לעצטע רעגנס האָבן פאַרגאָסן מיט וואַסער און די בעהיימעס טיאָפּקען אין זיי. די מענטשן האַלטן זיך צו באַ די דראַבינעס, וויַיל יעדער טרייסל וואַרפט זיי אַרויף איינעם אַפן צווייטן אָדער צעקלאַפּט זיי די זיַיטן ביז וווּנדיק. די זון גיסט זיך גליַיך אַף די פורן און מיט איר פיַיער ברענט זי די העלע קאַפּעליושן און די ברייטע וויַיבערשע טיכלעך. צוויי קינדער צעוויינען זיך ביטער. אַף איי־נעם פון די אָפּשטעל־ערטער צום אונטערפּאַשען די מויל־אייזלען דער־לאַנגט זיי דער אַנטריַיבער אויסגעטאַפּטע און אַף דער ערד אויסגעוואַל־גערטע שטיקער גאַליעט. די קינדערשע הענטלעך שטרעקן זיך זשעדנע און זייערע קליינע שאַרפע ציינדלעך שטעכן זיך טייקעף איַין אינעם האַרטן טייג און גריזשען עס, מיט דער האָפענונג אָנצוטרעפן אונטער דער סקאָר־קע עפּעס געשמאַקערס און מער אָנציִענדיקס. דער רעשט איז דערשלאָגן, פאַרכמורעט, גליַיכגילטיק. פון אָנהייב טיילט מען זיך מיט יעדיִעס, מען לאָזט אַרויס פון מויל פאַמעלעכדיקע אָפּגעריסענע ווערטער. מען רעדט אויך וועגן דער אַרבעט וואָס מען וועט דאַרפן טאָן. נאָר אָן כיישעק, אָן אינטערעס, גליַיך זייער גאַנצער ברען וואָלט געבליבן שטעקן איַינגעפּלאָנ־טערט ערגעץ אין די שווינדלען אַפן טאַנץ־אָוונט אָדער אין די דערנידער־רונגען אַף דער ריַיזע.

— מיט אַ יאָר פיר צוריק פלעג איך מיר גאַנץ גרינג פאַרדינען מיַינע צוועלף אַרגענטינער פעזעלעך אַ טאָג, — באַרימט זיך אַן אויסגעדאַרטער מענטש מיט אַ לאַנגער שאַרפער נאָז אַלס איינציקער עמעס לעבעדיקער

סימען אָפּן וואַקסענעם פּאָנעם, אַן אָפּגעצערטס פון שטענדיקן פיבער. פון אונטערן הוט שטעקן אים אַרויס דאָ און דאָרט פּריציִיִטיק גרוי געוואָרענע קאָלטנס האָר.

קיינער שפּאַרט זיך ניט מיט אים. מען קוקט אים נאָר אָן און די בײַטש גיט אַ שנײַד די לופט אָנצושרעקן די מויל־אייזלען:

— געגאַנגען! מאַכעשײַפע, גרינגע... רירט אײַך!...

שטיל דערציילט ער ווײַטער, ווי ער וואָלט וועלן זײַן קראַנקייט אָפּ־נאַרן:

— אין פּורטאַ סעגונדאַ איז עס געווען. איר קענט דאָס אָרט, נײַן?... באַם אַרגענטינישן ברעג.

— פּאַראַיאַרן בין איך דאָרט געווען, מיט איר — פּאָלט אים איי־נער אַרײַן אין די רייד און ווײַזט אָן אויף אַן אַלטער דאַרער פרוי. די אויגן זײַנע צעפינקלען זיך, נאָר דאָס פּאָנעם זײַנס איז צעקנייטשט, ווי ער וואָלט קעסיידער געהאַלטן אין מאַכן גרימאַסן. — איך בין דאָרט געווען אַ דעסקוביערטאַ,* ווייסט איר?...

איינער פון די קאַפּאָס טוט אַ שפּאַרן זײַן פערד און גלײַכט זיך אויס מיט דער פור. ער נעמט אַ ווײַל דורך דעם אוילעם מיט זײַנע פאַרשנדיקע בליקן און רײַט אַרויס אויף פריִער. דער וואָס מיט די גרויע האָר נעמט ווידער אויפּצילן ווערטער ווי אויף אַ שנירל.

— דער באַלעבאָס, אַ געוויסער מענדעס... קומט איינמאָל צו און דערלאַנגט מיר די האַנט. איך שטיי און אַרבעט און ער לויבט מיך: ביסט אַ יונג מיט ביינער, ביסטו, זאָגט ער מיר, אַזוי האָב איך ליב. — פאַרשטייט זיך, שטעלט אײַך פאָר, דער באַלעבאָס אַליין קומט צו און דערלאַנגט די האַנט... מיט אים איז מיר געגאַנגען גוט. ער האָט קיינ־מאָל ניט געשריגן אויף אונדז. ער פלעגט שטענדיק זאָגן, אַז אויב מען וויל זײַן שאָלעם מיט אונדז, דאַרף מען מיט אונדז גיין נאָר מיט גוטן. עס באַקומט זיך מער...

— אַזוי איז עס. — פּאָלט אים ווידער אַרײַן אין די רייד דער „דעס־קוביערטאַ". — איר קענט אײַך זײַן גערעכט, נאָר באַ מיר וועט איר ניט פּויעלן. איר זעט?

ער פאַרהייבט דאָס העמד, אַ דורכגעווייקטס אין שוויס, און באַ־ווײַזט ראַזעווע און געלע פּאַסן אויפן רוקן. זיי ציִען זיך פון איין זײַט רוקן ביזן צווייטן און אַנטפּלעקן שטומערהייט דעם גאַנצן ווייטיק. אַ מעשונע־

* דער וואָס גייט פאַרויס אין וואַלד אויסצוגעפינען און אָנצייכענען די ביימער צום האַקן.

דיק ווילדער טאַטו האָט דאָס אויסגעזען, אַ צעדרייטע צייכענונג פון אַ ווילד־מעשוגענעם איינעם לעבעדיקן לײַב. מיט אַ ביטערן שמייכל, וואָס האָט אין זיך געהאַט אַ האַרבע באַשטעטיקונג פון זײַן ניצאָכן, רוקט ער צוריק אַרײַן דאָס צעקנייטשטע העמד אין די הויזן.

— מענדעס ?... — האָט בלויז אַ זאָג געטאָן דער וואַלד־העקער.

— איך ווייס ניט... אים אַליין האָב איך קיינמאָל ניט געזען. געוועלטיקט האָט איבער אונדז אַ מאַזשאָרדאָם, דער נעגער קונדי. ער פלעגט שמײַסן מיר זאָלן אויפשטיין ווען ס'איז נאָך פינצטער. און האָט שטענדיק געהאַלטן דעם „מאַמזער" פאַר די אויגן. אַ ווילדע כײַע...

דאָס סקריפּען פון די ניט געשמירטע רעדער איז אָפּט ניט איבער־צומראָגן.

— אַז איך דערמאָן מיך אין יענעם עסן — רופט זיך אָן דאָס ווײַב, — קערט מיר צו דער גאַל. מען האָט געקאָכט אַלטן ווערעמדיקן מאַיִס, קוים צוגעשמאָלצן. נאָר ריידן, פאַרשטייט זיך, האָט מען ניט געטאָרט...

— אַליע מאַנדיי!...*

אַ לענגערע ווײַלע איז שטיל. באַם וואַלד־העקער הייבט זיך די ברוסט. פון אויפרעגונג אָטעמט ער שווער. ראַמאָן בייגט זיך צו צו אים:

— זומפּ־פיבער ?

— דאָס איז עס — ענטפערט ער גלײַכגילטיק, גלײַך דאָס וואָלט גאָרניט אויסגעמאַכט, אַ קלייניקייט, אַקעגן זײַן גלאָררײַכער פאַרגאַנגענ־הייט, ווען ער איז נאָך געווען עפּעס, ניט ווייניקער ווי אַ וואַלד־העקער, אַ זיגער איבערן וואַלד און איבער זײַנע זין די גיבורים־ביימער. זײַן פּאַסיווע פּאָזע האָט אין זיך עפּעס פון דעם קאָרטנשפּילער, וואָס האָט פאַרשפּילט זײַן געלט און האָט פאַרמאַשקנט פון זיך אַלץ וואָס ער האָט געהאַט, און, שוין אָן שאַנצן דאָס אָפּצוגעווינען, קוקט ער זיך צו ווי אַנדערע שפּילן, אָן שום פערזענלעכן אינטערעס, נאָר גלאָט אַזוי זיך. ער איז נאָך יונג, נאָר לאַנג וועט ער שוין מיסטאָמע ניט אָנציִען. ער ווייס עס זיכער און, מיט זײַן געוויינלעכן גוואַראַניער פאַטאַליזם, האָט ער עס שוין באַ זיך געפּויעלט. נאָר קעדיי זיך צו דערהאַלטן די עטלעכע כאַדאָשים, וואָס זײַ־נען אים נאָך פאַרבליבן, מוז ער זיך פאַרקלײַבן אין געדאַנק אַהין, ווו זײַן לעבן האָט דערגרייכט צום העכסטן שפּיץ, ווען מען האָט אים כאַ־שעוו געהאַלטן אַף דעם און יענעם געהילץ־זאַוואָד, ווען עס האָט פּאַסירט דאָס אויסערגעוויינלעכע מיט יענעם באַלעבאָס, דעם האַר פון לעבנס, פון

* גאַנעוו.

ביימער און פון געלט, וואס איז צו אים צוגעקומען און האט אים די האנט דערלאנגט, ווי א גלייכער מיט א גלייכן. פאר דעם און נאכדעם איז זיין לעבן אויסגעמישט געווען מיט דעם לעבן פון די אנדערע כאווירים צו ארבעט און צו ליידן. אלצאיינע נויטן, אלצאיינע קלעפ און דערינגערונגען, אפילע דער פיבער זיינער איז איינער פון אן א שיר פיבערס, וואס קרייציקן די אן א צאל מאלאריע־קראנקע אפן אייבערשטן פאראנא, אף זייערע שער־בעטלעד אדער אפן שטעל ווו זיי באקומען דעם אנפאל. פון וואס־זשע איז דא ניספאעל צו ווערן? זיין ווייב איז געשטארבן מיט צען יאר צוריק, נאכדעם ווי די צוויי קינדער האבן זיך געפעלט. ער וויים ניט ריכטיק אף וואס זיי זיינען קראנק געווען. מיסטאמע אף אלץ צו ביסלעד, ווי געוויינלעך, מאנגל, ווייטיקן, פיבער, היימישע שווינדזוכט. ווען פאסירט דען ניט דאס אייגענע? א באקאנטע געשיכטע. ער לאזט זיך טאקע דעריבער ניט פירן פון די דערינערונגען וואס זיינען אייגן דעם קלאל מענסום. עס גייט אים אויך ניט אן די צוקונפט. דאס איינציקע וואס אים קען אנגיין איז יענע צייט ווען ער איז געווען דער עמעסער טשעמפיאן, א וואלדהעקער, א בארימטער קלעצער־לייגער, א פעסטער יונג, וואס האט געקענט פארדינען זיינע צוועלף ביז פופצן פעזעס א טאג!

נאר קיינער הערט זיך ניט איין. די זון, די קאמארן, דאס טרייסלען פון דער פור דערדריקט אלעמען, און אלץ וואס איז מיכוץ אט דער שרעקלעכער לעסטיקייט, איז זיי פרעמד. די פורן קומען ארויף אף דורכויס פארווארלאזטע וואלד־וועגן, ווו דער טראפישער אימפעט פון די שטעכיקע גראזן און פונעם ווילדגראז האט די אויבערהאנט און פארווישט די שפורן, קריכט אריבער פון איין זייט אף דער צווייטער און פלעכט זיך צוזאמען קעדיי ווידער איינצושטעלן יענע איינהייט, וואס דער מענטש האט אף א צייט צעשטערט. העכער, הייבן זיך שפיזיקע הייבלעד בייזע קראפעווע און דיסטל אדער פרעכטיקע גרעלע קעפ פון פעדער־גראזן און הינטער זיי זעט מען שוין אומעטום די געדיכטע שערענגעס טשערעטן.

ווען זיי זיינען איבערגעקומען די עטלעכע מייל ביז „סענטראל סאנטא קרוס", איז שוין לאנג נאכט געווען. אפן זאוואד זיינען שוין אלע געהאט געשלאפן. זיי האבן זיך געמוזט ווי עס איז אוועקלייגן אינדרויסן, אונטער די ביימער. פון דער ניט ווייטער ווילדעניש האבן זיך דערטראגן מאדנע קוילעס און די פארמאטערטקייט האט זיי געשטאכן טיפע נאדלען אין די געפייניקטע גלידער. נאר ווען די מענטשן האבן זיך אף דער ערד אויסגעצויגן, האט דער הימל זיי מיט זיינע שטערן א לאשטשע געטאן און זיי אריינגעטאן בלייז אין די וויעס, קעדיי זיי זאלן אף עטלעכע שא אפשטארבן פאר זייערע ליידן.

# XVII

הארטע גרויע אויגן זײַנען עס. זיי באַוויַזן זיך אומגעריכט, ווען דער קאָפּ הייבט זיך אויף פֿונעם הויפֿן פּאַפּירן, וואָס ליגן פֿאַר אים אָפּן שרײַב־טיש. די אויגן בלײַבן שטיין אײַנגעשטאַכן אין זייערע פּענעמער און אַט, דוכט זיך, טאַפּן זיי שוין זייערע מוסקולן, זייערע קרעפּטיקע ברוסטן, דאָס גאַנצע לײַב זייערס. דערנאָך דרייען זיך אויס די צוויי גרויע קײַקעלעך, מיט זייער גאַנצער האַרטקייט, צום קאַפּאַטאַס סאַנטשעז:

— און די, ווער זײַנען זיי?

באַם געפֿרעגטן אין די הענט ציטערט אַ פּאַפּיר. ער קוקט שנעל אַרײַן דערין.

— די ברידער מאַריירא, סעניאָר. אָט דער איז אַדאָלפֿאָ.

דער פֿאַרוואַלטער טוט ווידער אַ קוק אויף זיי. זיי שטייען בײַ דער טיר מיט די היט אין די הענט, זייער ניכנעדיק. ער צעלייגט זיך אינעם שטול און גיט אַ ווײַז מיט זײַן לאַנגן פֿינגער אויף אַדאָלפֿאָן.

— דו ביסט אַ וואַלד־העקער און אַ טעסליער, ריכטיק?

— ריכטיק, סעניאָר.

— נו, ווען מיר דיך דאָ גוט אויספּרוּוון. וועסט גיין גלײַך אַהין. מיטן פּרײַז וועלן מיר זיך שוין דערנאָך פֿאַרגלײַכן. און דער צווייטער?

— איך האָב אויך געאַרבעט, צווישן אַנדערן, מיט דער האַק, נאָר איך קען אויך אַרבעטן בײַ דער טאַרעפֿאַ.* דערויף האָט מען מיך גע־דונגען.

— אַ, ניין, ניין! דאָ דאַרפֿן מיר בלויז אַ הואינאַ** פֿאַר דעם באַרבאַקואַ.*** מירן דיר צאָלן פֿופֿציק פּעזאָס אַ כוידעש, מאַסקים?

— מיך אָבער האָט מען געדונגען צום שניט. אויף אַ קנאַפּן רעאַל פֿון אַ מעסטל, האָט מען מיר געזאָגט...

— פֿאַרפֿאַלן. פֿאַר דיר איז דאָ קיין אַרבעט ניטאָ. מיר גיבן דיר די שטעלע ווײַל דו ביסט שוין דאָ. אַזוי אַז אַהין אָדער אַהער, נאָר גיכער!

אַדאָלפֿאָ וויל פֿאַרכאַפּן איידער ראַמאָן שפּרינגט אַרויס פֿון די קיילים.

— נו, מאַסקים, סעניאָר. וואָס זאָלן מיר טאָן, אַז מיר זײַנען שוין דאָ...

סאַנטאַ קרוס וואַרפֿט אַ באַהערשנדיקן בליק אויף אוילעם, אויף די אַנגעהויפֿנטע זעק לינקס, אויף דער סטויקע, וואָס ציט זיך איבער דער גאַנצער ברייט פֿונעם צימער, וואָס דינט אײַנצײַטיק פֿאַר דער פֿאַרוואַל־טונג, פֿאַר אַ קראָם און פֿאַר אַ שענק.

---

* טאַרעפֿאַ — זשערבאַ־שניט. ** געהילף צום זשערבאַ־ברענער. *** אָפּאַ־ראַט צום ברענען אָדער סמאַליען די זשערבאַ.

— און איצט וועלן מיר א קוק טאָן אין די ביכלעך.

ביידע אַף אַמאָל טוען א זוך אין די גאַרטלען. זיי נעמען אַרויס די צעקנייטשטע קויטיקע העפטלעך מיט פאַרבויגענע ברעגעס, איבערגעטאָפּטע פון די באַזיצער וואָס זיי האָבן ביז איצט געהאַט. סאַנטאַ קרוס קוקט זיי דורך און נעצט שפּאַרעוודיק דעם פינגער בעיסן מישן די בלעטלעך. מיטאַמאָל הייבט ער אויף דעם קאָפּ און מיט א שטײַפן קוק צו די ברידער, טוט ער גרינגשעציק א זאָג:

— די פאַרצייכענונגען דאָ זײַנען שלעכט געמאַכט, זיי טויגן ניט.

— אָבער, באַלעבאָס... פאַרינייאַ אַליין האָט פאַרצייכנט.

— דערציילט מיר ניט קיין מײַסעס, מיר דערציילט איר? איך קען אײַך אַלעמען בעסער ווי די טשינאַ וואָס האָט אײַך געהאַט. פון אויסנווייניק ווייס איך אַלע אײַערע שטיק.

ער בייגט זיך אײַן און נעמט אַרויס פון א טישקעסטל א פּעקל ביכלעך, מיט א שפּאַגאַט פאַרבונדן. ער טיילט אָפּ צוויי פון זיי און א זעלבסטצופרידענער טוט ער זיי א וואָרף אַפן טיש.

— ביידע זײַט איר שולדיק אַזעלכע דרײַ טויזנט מיט צוויי הונדערט אַרגענטינער פּעזעס.

זיי קוקן זיך ביידע איבער, זײַנען איבערראַשט. זיי האָבן זיך גערעכנט אַף א שווינדל, נאָר דאָס איז שוין צופיל. פון די דרײַ הונדערט, וואָס דער טערק, דער קאָנטראַקטיסט, האָט זיי געגעבן האַנט־געלט און די אַנדערע צוויי הונדערט, וואָס זיי האָבן מעגלעך אויסגעגעבן אַף פּרויען, אַף קאַניאַ און אַף קליידונג, איז פרײַער געוואָרן נײַן הונדערט, וואָס זײַנען פאַרשריבן געווען אין די ביכלעך דאָרט אַף דער שיף, און איצט שוין דרײַ טויזנט, ווי סאַנטאַ קרוס וויל האָבן. זייערע האָפענונגען צו דעקן דעם כויוו און אַרויס פון דעם אייסעק, וואָס זיי האָבן שוין געהאַסט נאָך איידער זיי זײַנען אַרײַן דערין, זײַנען אַף טויט פאַרוווּנדעט. דרײַ טויזנט מיט צוויי הונדערט פּעזעס!

— אָבער, נאָט זעט, דאָ זאָגט זיך...

— אָך, וואָס גייט עס מיר אָן! גילטיק איז וואָס דאָ איז פאַרצייכנט. דאָס האָט מיר צוגעשיקט דער טערק פאַרינייאַ מיט דעם אויפזעער. איך האָב דאָס פאַר אײַך באַצאָלט און איצט דאַרף איך דאָס אײַנמאָנען. צי עפּשער מיינט איר, אַז איר וועט מיך אָפּפרײַען? מיך!

— אָבער... און דאָס ביכל וואָס מען האָט אונדז געגעבן?

— איך ווייס פון גאָרניט! עפּשער גאָר האָט איר עס אַליין אָנגעשריבן... נאָר דאָ וועט איר באַצאָלן וויפל איר זײַט שולדיק! פאַרשטאַנען? שווער איז זיי אײַנצוהאַלטן דעם אָנגער־צאָרן, וואָס צאַפּלט דאָרט

אינעווייניק באַ זיי אין דער ברוסט, יאָגט דאָס בלוט אין די אָדערן און רייַסט זיך אויפצופּלאַצן מיט עפּעס אַ ווילדער טאַט. זיי כאַפּן זיך שיר ניט אַרויס מיט אַ זידל־וואָרט, וואַרפן זיך שיר ניט אַף די צוויי סאָנים, וואָס לויערן פון יענער זייַט טיש און שפּיאָנירן נאָך ווי זיי וועלן רעאַגירן. שווער זיך איינצוהאַלטן. נאָר זיי האָבן זיך שוין אויסגעלערנט ווי זיך צו מאַסקירן. זיי געלינגט צו פאַרהאַלטן הינטער די ליפּן דעם ניט מעיושעוודיקן פּראָטעסט און זיי בייגן אָן די קעפּ, אַזוי אַז מען זעט אַפילע ניט דעם ווילדן גלאַנץ אין זייערע אויגן. ווען סאַנטאַ קרוס פּרוּווט זיי ווידער דערגרונטעווען, טרעפט ער שוין אָן ניכנעדיקע פּנעמער. נאָר ער לאָזט זיך ניט נאַרן.

— די קאָרענטינער *) — גיט ער אַ זאָג צו סאַנטשעזן, ווי נאָר זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען, — זיינען ווי די פּאַראַגווייַער, מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ געשלאָגענעם הונט; נאָר אַז דו פאַרקוקסט דיך, דערלאַנגען זיי דיר מיטן מעסער אין רוקן.

אַפן וועג צו דעם וויסטן צעפּאָרענעם ראַנטשאָ, וווּ זיי האָבן באַדאַרפט איבערנעכטיקן מיט נאָך אַנדערע מענסוס, טראַכט ראַמאָן מאַריירא מיט אַן עמעסן וועגן דעם פאַרגעניגן, וואָס ער וואָלט געהאַט ווען ער זעט דעם פאַרוואַלטער זיך קאָרטשען מיט זייַן מעסער אינעם רוקן אייַנגעשטאָכן, ווי אַ ניאַנדוריע.**

# XVIII

דער אַלטער סינפּאָריאַנאָ איז אַ געניטער זשערבאַ־ברענער און ראַמאָן איז זייַן אַרויסהעלפער. טאָג ווי נאַכט געפינען זיי זיך אין דעם ניט געטעסעטן שפּייַכלער, ווו עס שטייט דער באַרבאַקואַ. אויב אַ סאַד, שלאָפן זיי צוויי שאָ אין טאָג. דאָס שרעקלעכע מויל פון דעם באַרבאַקואַ פאָדערט אַלץ נייַע זשערבאַ, דער אויוון אַלץ נייַ האָלץ. די זשעדנע פרעסערישע געטער פאָדערן פון די צוויי קנעכט שטענדיקן דינסט צו זיי. טרעפט די לעוואַנע איז שוין אַף איר מיטן וועג ווען זיי ציִען זיך אויס, אויסגעשעפּטע, אַף דעם שטיקל רעדנע. נאָר ניט אַף לאַנג. באַלד טאָקע, ווען אַלע רוען נאָך, מוזן זיי שוין ווידער זייַן אַף די פיס. די היץ איז גרויס און דערדריקנדיק, מען קען זי קוים איבערטראָגן ווען מען גייט אום אינגאַנצן נאַקעט, מיט אַ שטיקל בייַקע פאַראַ אַ פייַגנבלאַט. ראַמאָן מאַריירא מוז דאָרט אַרבעטן אייַנצייַטיק סיי אַלס אַרויסהעלפער און סיי אַלס הייצער. באַטאָג אונטער דער ברענענדיקער זון, באַנאַכט אָן אַ ביסל לופט.

* באַוווינער פון דער פּראָווינץ קאָריענטעס אין אַרגענטינע.

** אַ קליינע זייער גיפטיקע שלאַנג.

ניט געקוקט אַף די שטורעמס, קורצע נאָך העפּטיקע, מוז ער ברענגען האָלץ פונעם דערבייַיקן וואַלד. און ער מוז זיך יאָגן, וואָרעם דער באַרבאַקוואַ שטעלט זיך אַף אַ רעגע ניט אָפּ און מוז שטענדיק האָבן אַ גרויסן פייַער. פריִער מערקט ער אָן די שטאַמען און דערנאָך וואַרפט ער זיך אַף זיי מיט דער האַק. נאָר דאָס ערגסטע קומט נאָכן צעהאַקן: אַריבערטראָגן צום שפּייַכלער. דער רוקן בייגט זיך אים אונטער די זעכציק אָדער אַכציק קילאָ האָלץ. די ערשטע צוויי הונדערט מעטער זייַנען צו דערלייַדן. נאָר אַפּן רעשט וועג מוז ער זיך דרייַ אָדער פיר מאָל אָפּשטעלן. אַנשטאָט אַראָפּליגן די מאַסע אַף דער ערד, שפּאַרט ער זי אָן אין אַ בוים, ביז ער אָטעמט אָפּ און קלייַבט אָן נייַע קויכעס. די שטעכלקעס פונעם האָלץ רייַבן אים די הויט פונעם לייַב און רייצן אים די פריִערדיקע וווּנדן ביז בלוט. ער באַקומט אַ ביישעק אַוועקצופאַלן אַף דער ערד, אָן אַלץ פאַרגעסן און אויסרוען דעם צעווייטיקטן גוף. נאָר ער שפּאַנט ווייַטער, ווי אַ בלינד פערד, צום ציל, מיט דער איינציקער זאָרג, וואָס גיכער צוקומען און אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם מאַטער. מיטאַמאָל דוכט זיך אים, אַז ס'וועט אים קיין קויעך ניט קלעקן דורכצומאַכן דעם רעשט וועג, און ער שפּאַנט און סאָפּעט, מיטן קאָפּ אַף אַ זייַט, און עס דוכט זיך אים די ערד אונטער די פיס דערווייַטערט זיך גאָרניט, ווי ער וואָלט געשטאַנען אַף איין אָרט. נאָר ער קוקט ניט אַף גאָרניט און קומט צו צום ציל. פאַרן שפּייַכלער בלייַבט ער שטיין, דער קאָפּ און דער גאַנצער גוף באַגאָסן מיט שוויס, די ציין פאַרקלעמט, פון דער אָנשטרענגונג וואָס ער האָט געמאַכט, אַזוי אַז ס'איז אים שווער זיי פונאַנדערצועפענען. נאָכן אַרייַנוואַרפן דאָס האָלץ אינעם אויוון, ציט ער זיך אויס אַף דער ערד און בלייַבט ליגן עטלעכע רעגעס, אויב די קאַפּאַטאַסן דרייען זיך ניט אַרום ערגעץ אין דער נאָענט. קוים עטלעכע רעגעס. דער אויוון וואַרט. דאָס פייַער טאָר ניט אָפּגעשוואַכט ווערן אַף קיין איין מינוט, וואָרעם דערפון וואָלט די זשערבאַ אַרויסגעקומען ניט גענוג און ניט גלייַך געברענט. דאָס פאַנעם איז אים באַלויכטן מיט דער בלוטיקער שייַן און ער וואַרפט אינעם שייַטער איין שטיק האָלץ נאָכן צווייטן. ווייַטער אַביסל, אונטער דער נעץ רערן פונעם באַרבאַקוואַ, ציִען זיך פאַמעלעך און ווערן קיינמאָל ניט מיד די צונגען פייַער, וואָס סמאַליען די זשערבאַ. ווי דאָס וואָלט אייביק פאַרליבט געווען, קאָרטעזשירט קעסיידער דאָס פייַער די זשערבאַ און דערלאַנגט צו איר קיינמאָל ניט. און די צוויי קנעכט, באַטייליקטע אין דעם אייביקן קאַמף צווישן דעם זשערבאַ מיט דעם פייַער, שמייַען אום אָן אויפהער אינמיטן, אַזוי טאָג אַזוי נאַכט, ווי די דאַרע קליאַטשעס אונטער דער בייַטש פונעם שמייַסער.

# XIX

דער געשווירענער גייט ראק ארום און שלאגט מענטשן. נעכטן האט ער איינעם, אין דער צווייטער גרופע ראנטשאס, ביז בלוט צעמיימיסט... עפשער פערציק שמיץ האט ער אים געגעבן מיט דעם „טעזשו־רוגואיי״.*

סאנטא קרוס איז נאך ערגער פון אים. אז ער וויל דיך שלאגן, זאגט ער דיר: „קום אהער, טשע ראי״...**

— ריכטיק... און צוויי הירשן־פעלענע בייטשן האט ער, איינע א ווייסע און איינע א רויטע...

— די „בלאנדע״ און די „ברונעטע״ רופט ער זיי. אז ער וויל דיך שלאגן, ווייס, קומט ער צו מיט זיינע טיגער־אויגן, נאכדעם ווי מען האט דיך געבונדן, און פרעגט דיך, ווי ער וואלט בא דיר געבעטן דער־לויבעניש: „מ׳אפא רעפיקאסע׳, טשע ראי?...״.***

— איך וועל מיך אמאל אננעמען מיט מוט און וועל אים אוועק־לייגן א טויטן.

— ס׳קען מיט דיר פאסירן וואס מיט א סאך אנדערע...

— וואס קען זיין?...

עס גייט פארביי א קאפאטאס. ער שפאנט מיט קעציש טריט. אין זיינע גרויסע הענט האט ער גארניט, נאר אין גארטל גלאנצט בא אים א נייינקער רעוואלווער קאלט, א קליינער מאטשעט און הינטן א מעסער מיט א באזילבערטן הענטל. ווען עס פאלט אף זיי זיין לאנגער שאטן, ווערט פון שטאלענעם אויגן־גלאנץ שטילער בליק און די ווערטער שליסן זיך. ראמאן מאריירא האט זיך שוין ניט געקענט דערווייסן וואס מיט אים קען פאסירן.

עמעצער זינגט אויס מיט דעם פולן קאל:

...ווער עס ליבט שטארק גיט פון זיך אלץ אוועק
און דו גיסט מיר גארניט.

די גיטארע באמקעט צו מיט עטלעכע זיסע מעלאנכאָלישע טענער. נאר אויך דאס קאל ווערט פארשטומט. די מענער זיצן אף דעם ברייטן צוגע־דעקטן פלאץ פאר דעם בארדעל. ס׳איז א ראנטשא אביסל גרעסער ווי די אנדערע מיט פיר אדער פינף שער־בעטלעך צעשטעלט אין די ווינקעלעך. איין איינציקן לאנגן צימער האט ער, וואס צווינגט צו ליבע בעכאוורוסע. באנאכט מישן זיך דא קרעכצן, סקריפ פון בעטן מיט ניט דייטלעכע אויס־

* בוכשטעבלעך: אן עק פון א לאגארט. א מין בייטש.
** מיין זון.
*** וועלכע, די „בלאנדע״ צי די „ברונעטע״, מיין זון?

רופן אין גוואראני און פארטוגעזיש. אויך די אטמאספער איז דא א געמישטע: זויערער געשטאנק פון געקנאטענעם לייב, פון ביליקן פודער, פון זערע און פון שווייס. די מענסוס ריידן קוים אויס א ווארט מיט די פרויען. פרויען זיינען דא ווייניק און די מאדאם גיט זיי קיין רו ניט. א צוואנציקסטע קארענטינערן איז זי. זי איז דאס ווייב פון דעם פארשוין, וואס זיינער איז דער זשערבא־וואלד, און זי רעגירט אירע „קעסט־קינדער” מיט דער בייטש. איר אוודע איז אויך איינצוהערן זיך וואס די מענסוס ריידן. זי ווייס, אז זיי זיינען גענויגט צו פארטרוילעכן שמועס נאכדעם ווי זיי באפרייען זיך פון זייער געדיכטער מענערישקייט איבער די אפענע אויסגעטאפטע ווייבערישע לייבער.

— דאס לעבן פון א שמייסער־יונג
איז א לעבן פון א פארליבטן...

ווען ראמאן מארייראַ קומט ארויס און מאכט צורעכט אף זיך דעם גארטל, שטויסט ער זיך אן אף א מענטשן, וואס ליגט אויסגעצויגן אינעם גראז. ער בייגט זיך אן צו אים און עס גיט אים ביזן גארגל א זעץ מיט אן איבלדיקן רייעך פון קאניא.

— באטאג טרייבט ער די פערד
באנאכט גייט ער אום א באטריבטער...

ער דערזעט פלוצים ווי יענער וויינט.
— וואס טוסטו דא? וואס וויינסטו, מענטש!...
דער שיקער וויל זיך אויפהייבן און כאפט אים אן די פיס:
— איי, מארייראַ... דו זעסט איך בין אויסגעטרונקען, נאר וויינען ווייז איך פון פארדרוס, פון הוילן פארדרוס!... דו קענסט דאך מיין ווייב, מיין פלארא, וואס איך האב זי מיטגעבראכט פון פאסאדאס. נו, האט מען זי בא מיר צוגענומען, ברודער, צוגענומען, אניא מעמבו!...
— דערצייל, דערצייל ווי ס׳איז פארגעקומען.
דער מענטש שלוקערצט אליין און קען ניט די פאר ווערטער צונויפבינדן. פונעם צוגעדעקטן פלאץ דערטראגט זיך דאס דערוויטערטע קאל פונעם זינגער. צום סאף נעמט אזשאלא אויסדערציילן זיין אומגליק. ווי נאר זיי זיינען אהער אנגעקומען, האט דער אדמיניסטראטאר געווארפן אן אויג אף דער שיינער פאראגווייערן. איינמאל שיקט ער אים רופן און שלאגט אים פאר פופציק פעזעס ער זאל זי אים פארקויפן. ער האט דעם פארשלאג, מיט גרויס האכנאע, אפגעווארפן. נאר באלד האט מען אים גענומען באלעסטיקן. מיט דעם מינדסטן אויסרייד, האט אים דער קאפאטאס געשלאגן. איינמאל האט מען אים אוועקגעשיקט אין וואלד ער זאל דארט פון א דיקן שטאם אויסדאלבען א קאריטע פאר די מויל־אייזלען.

געיאָגט האָט אים אַ שרעקלעכער פאַרגעפיל און ער האָט זיך געאײַלט מיט דער אַרבעט, און וואָס באַ אַן אַנדערן וואָלט באַדאַרפט נעמען צען לאַנגע טעג, האָט ער געמאַכט אין אַ העלפט דערפון. נאָר געהאַלטן האָט מען אים דאָרט נאָך צוויי וואָכן, אַלץ ווײַט פונעם ראַנטשאָ. מען האָט אים געהייסן קאָרטשעווען ביימער, יעטן און נאָך אַזעלכע אַרבעטן טאָן. ווען ער איז צוריקגעקומען, איז ער שטאַרק צערודערט געוואָרן פונעם קלאַפּ, כאָטש געוועז איז ער ניט קיין אומגעריכטער. די אומאָרדענונג, וואָס ער האָט געטראָפן אין שטוב, די צעוואָרפענע דעקעס און קיילים זײַנען געווען שטומע איידעס פון איר אומזיסטן ראַנגלען זיך. דערנאָך האָט ער זיך דערוווּסט, אַז סאַנטאַ קרוס האָט זי אַרײַנגעגעבן אינעם שאַנד־הויז, נאָכדעם ווי ער האָט זי גענוצט אַ וואָך צײַט. אַזשאַלאַ האָט זיך דערוועגט צו פּראָטעסטירן.

— וואָס גייסטו מיר סטראָיען סקאַנדאַלן, שטיק בעהיימע! — האָט אים יענער דערויף געענטפערט. — ווילסט עפּשער איך זאָל דיך דאָ אָפּשינדן אַ לעבעדיקן? זאָג מיר נאָר, זי איז דען ניט געווען אַ זוינע נאָך אין פּאָסאַדאָס, דײַן פּלאָראַ? וואָס־זשע ווילסטו?...

— אַה, דאָס איז עפּעס אַנדערש, באַלעבאָס לעבן. דאָ איז זי מיט מיר אַליין. ווייסט דאָך וואָס דאָס הייסט אַ ווײַב פאַר אַ...

— אַז עך זאָל עס נעמען! די מינוט זאָלסטו מיר אַרויסגיין פון דאַנען, וואָרעם טאָמער וועל איך דיך נאָכאַמאָל זען אין דער אַדמיניסטראַציע, וועל איך דיך אויספּאַטשן און אַוועקשיקן צום „אַלגעמיינעם ראַנטשאָ"! אַרויס פון דאַנען, קאַראַכאָ! — און האָט אים דערלאַנגט צוויי שרעקלעכע שמיץ מיט דער בײַטש, וואָס טוען אים נאָך איצט וויי.

ראַמאָן ווייס נאָך ניט וואָס אַזוינס איז דער אַלגעמיינער ראַנטשאָ. אַזשאַלאַ גיט עס אים געדולדיק צו דערקלערן. דאָס רעדט זיך פון אַ באַזונדערער אָפּטיילונג, וואָס שטייט אונטער דער אויפזיכט פון אַ געוויסן שרעקלעכן פאַרשוין מיטן נאָמען אַנאַסטאַסיאָ ראַמירעז, וואָס מען רופט אים „פּאָכושי". דאָס אָרט געפינט זיך טיף אין וואַלד, 42 מײַל פונעם האַפן. אַהין שיקט מען די בונטאַרן און קיינער איז נאָך פון דאָרט ניט צוריקגעקומען. די מענטשן ווייסן עס, און ער כאַזערט דערום טאָקע איבער, מיט אַ לײַכטן שווידער אַף זײַן טונקעלער הויט:

— דאָרט שלאָגט מען ניט...

די נאַכט איז ער געקומען צו זען פלאָרען. געטראָגן האָט ער אַ מעסער באַהאַלטן, איר אַרײַנצושטעכן, זי זאָל מער ניט קענען זײַן קיין נעקייווע פאַר יעדן איינעם. נאָר די קאַניאַ, וואָס ער האָט אויסגעטרונקען אַף צוצוגעבן זיך מוט, האָט אים אומגעבראַכט. מען האָט אים געפּאַקט, צוגע־

נומען דאָס מעסער און אָנגעבראָכן די ביינער. איצט ליגט ער דאָ און שלוקערצט אַ געשמיסענער, אַ צעגישטיקטער, און מישט דאָ זײַן בלוט און זײַנע טרערן מיט דעם טוי, געגלעט פון די פלאַנצן, געשיצט פון דער נאַכט און געראַטעוועט פון די נאַטור־עלעמענטן. זיי שווינען זײַן מענטש־ווערדע, וואָס אַנדערע מענטשן האָבן דערנידעריקט. ראַמאָן מאָריירא רוקט אים אַרונטער אַ האַנט אונטער די אַקסלען, נעמט אים אַרויף צו זיך אַף דער ברוסט און טראָגט אים אַוועק ווי אַ קראַנק קינד. זײַן געפיל אַז ער האָט אַ כיילעק שולד אין זײַן כאַוועריס אומגליק, פאַרגרעסערט נאָך מער זײַן זאָרג פאַר אים. וואָרעם ערשט איצט כאַפּט ער זיך, אַז די פרוי, אַף וועלכער ער האָט נעבכטן זײַן לײַב אַרויפגעוואָרפן און קוים אַ קוק געטאָן אַף איר, האָט געמוזט זײַן די פאַראַגווײַערן פלאָראַ.

# XX

דער כיילעק וואַלד ווּהין מען האָט אַוועקגעשיקט אַדאָלפאָן איז זייער ווײַט, טיף הינטער דעם געשעפט־הויז. ראַמאָן רעכנט, אַז מען האָט דאָס געטאָן מיט אַ קיוון. די אַרבעט האָט ניט דאָרט קיין אָפּגעשטעלטע צײַט. מען אַרבעט פון זונטיק ביז זונטיק און אַפילע אין אַ גאָס־רעגן לייגט מען ניט אַוועק די אַרבעט. באַלד ווי ער איז אַהער געקומען, האָט אים אַ גע־וויסער אַלעגרע שטיל געענטפערט אַף זײַנער אַ פראַגע:

— דאָרט ווייס מען ניט, מײַן פרײַנט. אַזוי לאַנג מען איז געזונט, אַרבעט מען, נאָכאַנאַנד. אַזוי לאַנג עס איז ניט פינצטער, אַרבעט מען...

שטענדיק האַלט ער דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען, אָט דער אַלעגרע, ווי ער וואָלט קעסיידער מוירע געהאַט ער זאָל פון ערגעץ באַקומען אַ קלאַפּ. זײַן אַרבעט איז אַוועקפירן צום באַרבאַקואָ די פעק זשערבאַ, וואָס די מענסוס ברענגען צו. ווען די פולע, ביז אַרויף אָנגעהויפנטע וועגענער, קומען צו, שטעקט ער אַרונטער די הענט אונטערן קנופּ, רעכנט אויס דאָס שטיקל וועג וואָס ער האָט צוצולויפן מיט דער מאַסע און וואַרפט זי פון זיך אַראָפּ אַ פאַרסאָפּעטער. נאָר אַזוי ווי דער קאַפּאַטאַס דרייט זיך דאָרט שטענדיק אַרום, קען ער לאַנג ניט אָפּרוען. דאָס מאָל נוצט ער אויס אַ פויזע נאָכן אָפּלאָדן דעם לעצטן אינדערפריאיקן וואָגן. ער זעט קיינער שפּיאָנירט ניט, קומט ער צו צו מאָריירא און פאַלט לעבן אים אַוועק אַף דעם צעשאָטענעם גראָז. ער ווישט זיך קעסיידער דעם שווייס מיט אַ סיטצן טיכל.

— דאָס איז די שקלאַפערײַ, די עמעסע שקלאַפערײַ. נאָר ווען איך זאָל אײַך דערציילן... איך האָב געאַרבעט מיט מאַטיאַוּדאָ אינעם האָפן

פּאראנאמבו. דאָס איז באַם פּאראנגוויַער ברעג. מען האָט אונדז געצאָלט 25 פּעזעס אַ כוידעש. מיר פלעגן מוזן צואַרבעטן אַ שפּאַרע וויַילע נאָך זון־פאַרגאַנג. און אַז מיר פלעגן זיך אָפּשטעלן, פלעגט ער אונדז מעשוגע מאַכן מיט זיַינע גוואַלדן. אַז מיר פלעגן אָװעקלייגן די אַרבעט װען עס איז שוין געווען פינצטער, פלעגט ער שריַיען: „אַזוי לאַנג מען זעט די האַנט וועט איר אַרבעטן..."

דערביַי גיט ער אַ קוק אויף זיַינע הענט און פאַרטראַכט זיך, ווי ער וואָלט זיַינע דערינערונגען געהאַלטן אין די דלאָניעס.

— אַ שלעכמער מענטש געווען, אַ כאַיע...

איבערן באַרבאַקוא הייבט זיך אַרויס די ריזיק אויסגעוואַקסענע געשטאַלט פון דעם אַלטן סינפּאַריאַנאַ, אויף זיַין פּיעדעסטאַל פון װאַרעמער זשערבאַ. ער הערט זיך איַין, נאָר די אַרבעט שטעלט ער ניט אָפּ. אַזאַ איז ער, אַ מעטאַדישער, אַ פּאַראַקשנטער, אַ רויִקער.

— איך האָב באַ אים געהאַט געאַרבעט אַלס פּליטן־טריַיבער, אַניאַ מעמבוי! דעמאָלט טאַקע האָב איך געפּאַקט אָט דאָס שטעכעניש אין די נירן, וואָס לאָזט מיך ניט אָפּ. פּלעגט זיך מאַכן אַ שטורעם, מען קען זיך אָפּן וואַסער ניט רירן און די קלעצער ניט טריַיבן, כאָטש נעם און אַנטלויף, און ער, דער מאַטיאַודאַ, שטייט באַם ברעג מיט דער ביַיטש אין דער האַנט: „היי, אַזוי לאַנג עס רעגנט בלויז, איז ניט געפערלעך". און אַזוי קעסיידער.

ראַמאָן איז שוין צוגעוווינט אַרבעטן שנעל מיט דער ווילע. ער כאַפּט אָן אַ גרויסן בינט זשערבאַ, ראַזמאַכעוועט זיך און וואַרפט אים צו צום באַרבאַקוא, ווו סינפּאַריאַנאַ וואַרט שוין אים פונאַנדערצושאַרן. ער פרעגט:

— האָסט לאַנג דאָרט געאַרבעט?

יענער טוט אַ שאָקל מיטן קאָפּ:

— אַ יאָר אַנדערטהאַלבן אויב ניט מער. איך בין אַריבער אויפן אַרגענטינישן ברעג און בין צוגעקומען ביז פּוערטאַ סעגונדאַ. איך בין שוין שיר ניט געווען אין וואַלד, נאָר אַ קאַפּאַטאַס מיט צוויי מענסום האָבן מיך געפּאַקט. וויַיזט זיך אַרויס, אַז פון פּאַראַנאַמבו האָט מען זיי צו וויסן געגעבן: „באַנאַכט זיַינען מיר צוויי מיַינע אַנטלאָפן. אויב איר טרעפט זיי דאָרט, שיסט".

ער בליַיבט שטיין אויף דער טיר און קוקט אַרויס אין דרויסן. פונעם פאַרשאָטנטן אָרט, ווו ראַמאָן געפינט זיך, זעט ער אַלעגרען אַז איַינגעשרומפּענעם, ווי אַ גרויסער שפּין וואָלט געהט אויף איר שפּינוועבס, אַ גליַיכגילטיקן צו אַלץ וואָס אַרום אים, מיד פון די קעסיידערדיקע אַלץ די זעלבע פּאַסירונגען וואָס ער האָט געזען פאַרביַיגיין, פון די אַלע פּכאַדים

און ווילדקייטן. אזוי שטייט ער און שווייגט, אז איינגעפלאנטערטער אין זיינע פארלוירענע מאכשאוועס.

— און דערנאך?

דער מענטש האט א לייכטן שוידער געטאן, ווי דעם ארויסהעלפערס נייגעריקייט וואלט אים שוין צו לאסט געווען. ער דרייט זיך אויס מיטן רוקן צו דער זון:

— איך האב מיך מיט ניסים גערא‌טעוועט. איך האב ניט געוווסט, אז אין איין צייט מיט מיר איז אנטלאפן נאך איינער. אים האט מען געפאקט די אייגענע נאכט, ווען ער איז שוין געווען קימאט צוגעשוווּמען צום ארגענטינישן ברעג. אים האט מען אריינגעשאסן דריי קוילן און פארטיק. נאר די וואס האבן מיך געפאקט, זיינען געווען ווילע מענטשן. זיי האבן מיך אפגעלאזט און איך בין אוועק ווייטער. וואס איך האב דעמאלט איבערגעליטן, פריינט מיינער!... דערצו נאך ווען איך זאל אייך דערציילן וואס דא קומט פאר...

דערביי איז ער מיטאמאל שטיל געבליבן. ער האט דערזען פון ווייטנס א קאפאטאס צוקומען און א פלוצימדיקע שרעק האט אים ארומגענומען. ער האט נאך טיפער אריינגעצויגן דעם קאפ אין די אקסלען, ווי זיך אונטערצוטוקן אין דער זון, און איז אוועק, פלאנטערנדיק מיט די פיס.

קיינער שטערט ניט מער די שטילקייט אינעם שפייכלער. א שטילקייט, ווי עס טרעפט אין די טראפישע פרימארגנס, וואס איז מיט איר דריקנדיקער מאסע גוויווער יעדן גערויש. פון צייט צו צייט טוט א קנאק א שטיקל זשערבא, ס'קרוכעט ארויס א לייכטן פראטעסט, ווען דער אלטער סינפאיאנא טרעט אף איר ארויף מיט זיינע בארוועסע צעקארבטע פיס. נאר דער שטילער גערויש העלפט נאכמער אונטערצושטרייכן דאס ארומיקע שווייגן פון די זאכן און די מענטשן. ראמאן באקומט א ביישעק אויסצוריידן זיך פאר דעם זשערבא־ברענער. נאר אים דוכט זיך, אז ער קען נישט דורכברעכן אט די שטילקייט. אגעוו, האט דער אלטער סינפא־יאנא ליב צו ארבעטן א פארטיפטער איז זיך, מיט סטאישער אקשאוים. ווי ער וואלט זיכער געווען, אז ווען ער שטעלט אפ אף איין מינוט די ארבעט, וואלט ער שוין צוריק ניט געקענט אנהייבן. מיט געמאסטענע, ריטמישע און אלצאיינע באוועגונגען, פירט ער פעסט די לאפעטע, שארט פונאנדער די בינטן גרינע בלעטער, גיט אכטונג אף די געגונג שוין צוגעסמאליעטע און באוועגט זיך ווייטער אין דעם ענגן רוים ווי א געפאנגענער וואלד־קאטער, וואס טאפט ראק די גראטעם פון זיין טפיסע, פארקשנט אף זיין אוממעגלעכער פלייטע. ראמאן קוקט אף אים א פאר מינוט און צום סאף לאזט ער אראפ די ווילע. ער צעשפיליעט דעם ראספער

און שטעלט זיך גלײַכגילטיק מאַשטין זײַן אַף דער זשערבאַ, וואָס מען האָט באַלד באַדאַרפט נעמען צום ברענען. די פּליסיקייט צעגלאַנצט זיך אַ ווײַלע אַף די בלעטלעך, רינט אַראָפּ איבער די קורצע שטענגלעך און לאָזט זיך אַרונטער באַנעצן די אונטערשטע. דורך דער עפענונג אינעם שפּײַכלער, וואָס דינט פאַר אַ טיר, גיט אַ בלענד די זון און מיט דער זון רײַסן זיך אַרײַן די קאָמאַרן און איינע אַ גרויסע בלויע פליג. זי זעצט זיך אַוועק באַ אים אַפן שטערן און ער גיט זיך אַ פּאַטש און צעקוועטשט זי. ער טוט אַפילע ניט אַ קוק אַף איר און איז ווײַטער מאַשטין.

# די דעראָבערונג

„מיר האַקן די אור־אַלטע וועלדער.  
מיר שווימען אַרויף די טײַכן, מיר פּײַניקן די ערד,  
מיר עפענען מינעס אין איר טיף,  
מיר צעמעסטן די ברייט, מיר צעגראָבן די בסולעדיקע ערד,  
פּיאָנערן! אָ, פּיאָנערן!"

וואָלט וויטמאַן.

ווער זײַנען זיי? וועלכע איבערמענטשלעכע מוטער האָט זיי באַשאַנקען מיט דעם וווּנדערלעכן קוראַזש, מיט דעם אומדערהערטן מוט, מיט דער אַקשאָנעס און אונטערנעמונגס־גײַסט, וואָס קען אַריבער און גיווער זײַן די אָן שיר סאַקאָנעס פון דער ווילדעניש? ווער גיט זיי דעם אויסדויער זיך אײַנצוקלאַמערן אין אַן אונטערנעמונג, וואָס איר מעגלעכער אויסגאַנג איז דורכפאַל און טויט און נאָר זייער זעלטן האַצלאָכע און רײַכקייט און פאַרגעניגנס אָן שיר. פון אַן אײַזן־פעסטן מאַטעריאַל זײַנען זיי געמאַכט. דערנאָך רופט מען זיי העלדן, פּיאָנערן, אויסדערווײלטע זין פונעם פאָטערלאַנד. אַנדערע רופן זיי באַנדיטן, נאָר זיי נעמען זיך דערפון ניט צום האַרצן. זיי גייען אַלץ ווײַטער, מאַרשירן אַלץ פאָרויס, עפענען זיך קעסיידער אַ וועג, האַרטע, אומפאַרמײַדלעכע, מיט אַ פלעמל אין די אויגן, אַן אויסדרוק פון זייער מאַסיוון ווילן. זיי זײַנען די ריטער פון אַן אָרדן אָן מעדאַלן, אָן נאַציאָנאַליטעט און אָן אַלגעמיינער שפּראַך. אַ האָריזאָנטאַלער באָוול־טורעם, אין וועלכן עס זײַנען באַטייליקט אַלע ראַסן. אַן אַרמיי אָן דיסציפּלין און אָן באַפעלן, מיט אַ פּרימיטיווער טאַקטיק, וואָס באַשטייט פון איינאיינציקן לאָזונג: פאָרויס. אַ כעוורע קאַטאָרזשניקעס, קען מען זאָגן, געוויסנלאָזע, אומדערזעטיקטע, וואָס האַסן זיך איינער דעם צווייטן. פון פאַרשיידענע לענדער קומען זיי. אייסקאַרן, גערמאַנער, בראַזיליענער, פראַנצויזן און פאַראַגוויײַער, און אויך איטאַליענער, ווו ניט ווו אַן ענג־

לענדער, אַרגענטינער. קימאַט אַלע זייַנען זיי קרעפּטיקע מענער, מיט צעקאַרבטע פּענעמער, מיט אַ היפּשן אַפּעטיט, מייַסטערס אַף טרינקען. דער איז אַן אינזשעניער, יענער אַ באָטאַניקער, אַ דריטער איז אַ יאַם-אָפיציר. נאָר מיינסטנס האָבן זיי ניט קיין באַשטימטן פאַך און אויך ניט קיין באַשטימטע באַשעפטיקונג. זיי זייַנען גרייט אַף אַלץ, אַבי אַ פאַרמעגן צו מאַכן. זיי ווילן זייַן רייַך און מעכטיק. זיי כאַפּן זיך דערום צו יעדער מין אַרבעט און ווערן פּראַקטיש אין יעדן פאַך. הייַנט האַקן זיי וואַלד, מאָרגן ווערן זיי יעגער, פאָרשן, גרונטעוועץ, מעסטן, בויערן, קעמפן קעגן אינדיאַנער, קעגן ווילדע כאַיעס, קעגן פיבער. זיי זייַנען מעדיצינער און קריגס-פירער, דיפּלאָמאַטן און שמוגלער. זיי שטיצן זיך אַפן געזעץ קעדיי צו אָפּערירן אויסער יעדן געזעץ. גיט זיך זיי אייַן, טרעפן זיי אָן אַף ריזיקע שטרעקעס בסולעדיקן זשערבאַ-וואַלד, שטעלן זיי באַלד אַוועק אַ מעכטיקע אינדוסטריע, עקספּלואַטירן זיי טויזנטער באַטראַקעס, ווערן זיי מאָדערנע, ראַפינירטע שקלאַפן-האַלטער, באַקומען זיי געזעלשאַפטלעכן און פּאָליטישן איינפלוס, נעמט מען זיי אויף אין די סאַלאָנען, קומען זיי אין געזעלשאַפט פונעם גובערנאַטאָר און האָבן פאַרבינדונגען מיט די אָפיציעלע קרייַזן פון בוענאָס-אייַרעס, אַסונסיאָן און ריאָ דע זשאַנייראָ אָדער פון די שטאַטן פּאַראַנאַ, ריאָ גראַנדע דאָ סול, סאַנטאַ קאַטאַרינאַ. דערווייַל זייַנען זיי פּאַשעטע אַוואַנטוריסטן, גליקן-זוכער, ניט דערעסענע, ניט דערשלאָפענע, זשעדנע, גיריקע מענטשן, געיאָגטע פון איינאיינציקן יאָגנדיקן פאַרלאַנג: רייַך ווערן; פון איינאיינציקן גרויסן לאָזונג: פאָרויס. דאָס זייַנען דירעקטע אָפּשטאַמער פון יענע קאָטאָרזשניקעס וואָס האָבן דעראָבערט אַמעריקע. דאָס זייַנען, קורץ גערעדט, די „פּיאָנערן“. קיינער ווייס עס נאָך ניט. נאָר דאָס מאַכט ניט אויס.

*

זיי יאָגן זיך נאָך די **מינעס**, וואָס צאָלן זיך אַף דער בערזע, נאָר אויסן זייַנען זיי ניט דאָס שפּיגלדיקע זילבער, ניט דאָס גאָלד, וואָס באַווייַזט זיך אינעם קויט פון די זאַמדן, ניט דאָס אייַזן, וואָס איז פאַרזונקען אינעם שלומער פון יאָרהונדערטן. אויך ניט קופער און צין רייצט זיי. זיי זייַנען פּראַקטישע מענטשן. זיי ווייסן, אַז אין אונדזערע אָפּגעשטאַנענע לענדער גיט ניט קיין רעוואָכים די עקספּלואַטאַציע פון די שטאַרקע מעטאַלן. און פון די טייַערע האָבן זיי ניט קיין זיכערע יעדיִעס. די מינעס, נאָך וועלכע זיי יאָגן זיך, געפינען זיך ניט אונטער דער ערד, זייַנען ניט באַהאַלטן צווישן די

פעלדזן און עס פירן ניט צו זיי קיין גרויליקע אונטערערדישע געגנ. יאָ, זיי זײַנען באַהאַלטן, נאָר אינמיטן דער ווילדעניש. זיי וואַקסן אַף דער פרײַער לופט, שעפעדיק און ווילד, פון דער זון געצירטלט, דאָרט הינטער דער פלאַנצן־געדיכטעניש. מען דאַרף זיך בלויז אַריַענטירן, אַ וועג זיך עפענען מיט דעם וואַלד־מעסער, אויסהאַקן וועגן קילאָמעטער נאָך קילאָמעטער, ביז מען קומט צו צו זיי, צו די ווילדע זשערבאַ־וועלדער. דאָס איז אַ געיעג אַף די הויכע עלעגאַנטע ביימער מיט דער ווײַסער קאָרע, וואָס לויט מען רעכנט, זײַנען זיי שוין קאָרעוו הונדערט יאָר אַלט. לויט זייער הייך פון צוואַנציק אָדער דרײַסיק מעטער, מיט וועלכער זיי הייבן זיך אַרויס איבער די ווילדע געוויקסן קעדיי אַרײַנצופאַלן אין די הייסע אָרעמס פון דער זון, קען מען מיינען דאָס זײַנען אומגעוויינלעך גרויסע אָראַנזשן־ביימער. נאָר דער בלאַט זייערער איז גאָר אַן אַנדערער, ווען מען באַטראַכט אים פון דער נאָענט. ער דערמאָנט דעם בלאַט פונעם האָרטן דעמב. אַז מען צערײַבט אים, גיט ער פון זיך אַרויס אַ טערפּקע שאַרפן רייעך.

אָט דער בוים רויבט דעם שלאָף בײַ די דערוועגטע און אומדערשראָקענע מענטשן. צוליב אים שנײַדן זיי דורך הונדערטער מײַלן, קרייצן זיי דורך די אַרגענטינישע, בראַזיליענישע און פּאַראַגווײַער טײַכן, טאָלן און וועלדער. צוליב אים קומען זיי צו ביז אָט דער קישעפדיקער געגנט — דער אייבערשטער פּאַראַנאַ. זיי שווימען איבער דעם גרויסן גײַענדיקן וועג, אויב דער אָפּיפּער ברויזנדיקער וואַסערפאַל אָדער דאָס איטוסאַינגער פלאַכוואַסער דערלויבט זיי. זיי עפענען זיך שווער אַ וועג דורכן וואַלד, טראָט נאָך טראָט. טרעפט זיי מאַכן דורך ניט מער ווי איין מײַל דורכן טאָג. טרעפט אַז נאָך ווייניקער. צופוס מוז מען גיין, איינציקווײַז, איבער שטאָלפעריקע שטעגן. קיינער פאַר זיי איז דאָרט ניט אַדורך. דאָס זײַנען די פּיאָנערן. די בלאַטע קלעפּט זיך צו די שטיוול און מאַכט פון זיי צוואַנגקלעצער. די צווײַגן פלעכטן אויס אַ געדיכטן צוים, צעדראַפּען די פּענעמער און פאַרהאַלטן די מענערישע ברוסטן. די שטיינער מאַכן וואַקלדיק דעם וועג, די דערנער פון די טאַקואַרעמבאַ־רערן רײַסן דאָס אַנטאָן, דערקלײַבן זיך צום פרעמדן מענטשנס לײַב. נאָר צוריקגיין קען מען ניט, מען מוז ווײַטער גיין. גיין ביזן סאָף. ביז דער גליקן־זוכער ווערט מעשוגע, ווי עס האָט פּאַסירט מיט זשאָאַ ברײַטאָס. אָדער ער קומט אום פון פיבער, ווי סאַנטאָס גאָנסאַלעז און נאָך אַזעלכע. אָדער מען ווייס ניט ווו ער איז אַהינגעקומען, ווי

כּוּאַן מאַסענאַ, וואָס די טופּים, מעגלעך, אָדער די בוגרעס האָבן אים געכאַפּט. אַנדערע וועלן ווײַטער גיין: כּוּאַן און פראַנציסקאָ גאַיקאָטשעאַ, פּעליפּע טאַמאַרע, לויִז אַרעטשעאַ, קאַרלאָס באָסעטי, דזשאָן בראַיז, מאַרסעלינאָ בוּיקס, כּוּאַן אַנטאָניאָ אוריבע, לעדעסמאַ, מאַלעראָ. נאָר די מערסטע גייען פאַרלוירן, טייל ווערן געבראָכן און קומען אום, נאָר לאָזן נאָך זיך איבער אַ געדעכעניש, וואָס וועט ניט אָפּגעמעקט ווערן, ווי באָסעטי, וואָס איינער פון די איגוואַסו-אינדזולען טראָגט זײַן נאָמען. אַנדערע גיבן מיטאַמאָל אַ וואַקס אויס, שנעל און געוויסנלאָז, און אַ סאַך פון זיי בלײַבן נאָר אינעם געדעכעניש פון די געפּײַניקטע, ווי אַ בליציקער גרויל. טייל פאַרגייען און אַנדערע בלײַבן.

# XXI

באם באַלעבאָס איז געבורטסטאָג און ער פּראָוועט פאַר זיי אַ יאָנ־טעוו. דער ערשטער יאָנטעוו זינט ראָמאַן ארבעט אַף דער אונטערנעמונג. דער נאָכמיטאָג איז אַ הייסער און אַ שווערער, פול מיט זשומענדיקע מאָס־קיטן און גרויסע לויכטנדיקע באַבעלעד, פון אַלערליי פּריילעכע און געלע קאָלירן. דאָס פּרעכטיקע פּעדערגראָז בייגט זיך צו דער ערד, ווי דאָס כאַ־לעשט אַ טרונק איידער דאָס גיט זיך איינגאָנצן אונטער.

ער שפּאַנט אַ צעטראָגענער, מיטן קאָפּ אַראָפּ און ער זעט ניט, אַז ער געפינט זיך עטלעכע טריט פון גאַלאָרסאָס ראַנטשאָ, ביז ער דערהערט עמעצער לאַכט. די פּאַלמען־בלעטער וואָס דינען דעם ראַנטשאָ פאַר אַ דאַך, הענגען אַראָפּ ביז דער ערד. אַ סאַך בלעטער זיינען געל, פאַרטריקנט. נאָר אויבן איז די שטרוי פּריש, ערשט אַרויפגעלייגט קעדיי דער רעגן זאָל ניט אַריינגיסן. ווייטער אַביסל שטייען עטלעכע פּי־טרייבער, זשערבאַ־טרייסלער און שמייסער־יונגען און לאַכן פון די וויצן, וואָס אַנאַסטאַסיאָ, איינער פון די גרעסטע וויצלער, בראָקט דאָרטן. דאָס מאָל איז זיין קאָרבן אַ יונגער יאַט, אַ שמייסער, וואָס דער הינטן זעט זיך באַ אים אַרויס פון די צעריסענע אַלטע הויזן.

— היט דיך, ס'קען נאָך עפּעס געשען... — זוכט ער אַלץ צו קוקן יענעם אין פּאָנעם און יענער הייבט זיי ניט אויף און קלייבט אין זיך פאַרדרוס.

— אַוואַדע, גייסט אַרום און רייצסט מענטשן. — האַלט אים אונ־טער סיריאַקאָ קינטאַנאַ און די איבעריקע טרייסלען זיך אַזש פאַר גע־לעכטער.

— קענסט נאָך אַמאָל ברענגען אַ צווילינג, ווי די שווארצע פּאַולאַ...

— וויצלט זיך ווייטער אַנאַסטאַסיאָ.

נאָר איידער ער פאַרענדיקט, שרייט שוין עמעצער:

— היט אייך! האַלט אים!

ווי אַז אַקס טוט זיך דער יאָט אַ לאָז אויף זײַן פּײַניקער. אין זײַן קוויטיקער האַנט באַוויַיזט זיך אַ שאַרף מעסער מיט אַ ביינערן הענטל. נאָך איין אויגנבליק און ער וואָלט עס אַרײַנגעשטאָכן אַנאַסטאַסיאָן אין בויך. נאָר עטלעכע הענט האַלטן שוין דעם שמײַסער־יונג, וואָס האָט באַקומען אַ נערוון־אַטאַקע און וואַרפֿט זיך אויף דער ערד מיט שוים אויף זײַנע אײַנגעשפּאַלטענע ליפּן.

— דערלאַנגט אים אַ פּאָר קלעפּ, וועט ער ניט זײַן אַזוי היציק, — רופֿט זיך איינער אָן.

עטלעכע פּאַטאַקעווען:

— גוט אַזוי. מען דאַרף אים אָנלערנען, דעם קרעציקן יונג.

אַביסל ווײַטער זיצט דאָן סינפּאָריאַנאָ אויף אַ מוראַשניק און רופֿט זיך אָן:

— לאָזט צו רו דאָס ייִנגל... שוין גענוג געכוויזעקט. קיינער פֿון אײַך וואָלט ניט וועלן מען זאָל פֿון אים ריידן ווי פֿון אַ נעקייווע...

פֿאַר דעם ברענער האָבן די מענטשן דערעכערעץ און זיי פֿאָלגן אים. מען האָט געבראַכט וואַסער און אַ גאַנץ געטאָן דעם יאָט אָפּן קאָפּ. אַ צווייטער רופֿט זיך אָן: „מיט קאַניאַ איז בעסער" און שטעקט אים אַרײַן צווישן די ציין דאָס פּיסקל פֿון אַ פֿלאַש. ער קומט באַלד צו זיך און הייבט זיך אויף.

— גיט מיר אַהער ס'מעסער — זאָגט דער אַלטער און דרייט זיך אויס צום ייִנגל: — איכל עס דיר שפּעטער אָפּגעבן.

און ווידער בלײַבט ער זיצן שטיל, מיט זײַן צעקאָרבטן פּאָנעם און קלוגן מויל, וואָס רעדט בלויז דאָס נייטיקע, מיט זײַן אויסזען פֿון אַן אייביקן קאָרטשיקן בוים.

ראַמאָן שפּאַנט צו צום ראַנטשאָ. אויף דער ערד, אויף אַ מאַטראַץ פֿון בלעטער און פֿאַרשפּרייט מיט דעקעס, ליגט גאַלאַרסאַ אין גסיסע. די אויגן פֿאַרגלעזערט, דאָס פּאָנעם אָפּגעצערט, דער גוף פֿון צײַט צו צײַט אויפֿגעטרייסלט.

— שוין דרײַ טעג ווי ער ליגט אַזוי. ער דערקענט מיך שוין אַפֿילו ניט... — מורמלט אַרויס זײַן ווײַב, אַמעליאַ.

זי זיצט אויף די שפּיץ פֿינגער און וואַרעמט עפּעס אַ געטראַנק אין אַ בלעכל. ראַמאָן האָט זי ניט געהאַט געזען זינט יענעם טאַנץ־אָוונט אין דער פֿאַרוואַלטונג. ער דערפֿילט אַ ווייטיקלעכן שטאָך ווען ער דערמאָנט זיך, אַז ער האָט זי געזען אַרײַנגיין צו פֿאַליירראָן אינעם ראַנטשאָ. אַ געפֿאַלענע באַ זיך, לאָזט זי אַראָפּ די אויגן, ווי זי וואָלט זיך אויך דאָס

אייגענע דערמאָנט. ער וויל איר עפּעס זאָגן, אַ שמועס אָנצובינדן, נאָר איִם פעלט קיין זאַך ניט אײַן און ער גייט אַרויס פונעם ראַנטשאָ.

דער נאָכמיטיק דריקט נאָך אַלץ אויף די מענטשן מיט זײַן שלעפעריקייט. די זון הויערט אויפן וועג, זעצט זיך אָן אויף יעדן שטיין, אויף יעדן טרוקענעם און פאַרלאָזטן שטיק האָלץ, אויף יעדן שטיק רויטן ליים, וואָרעם מענטשן לייגן זיך ליבערשט אַוועק אונטער די הויכע „קורופּיקײַען" אָדער אונטער די ברייטע „מאַרזאַ פּרעטאַס". די וועש־מאַנועלאַ גרייט מאַטע פאַר אַלעמען און איר טאָכטער ווירכיניאַ סערווירט. פון אַלע אירע קינדער איז גראָד זי, אָן אידיאָטקע, לעבן געבליבן. זי פאַרגאַפּיעט זיך און, ווי אַ באַשערטע זאַך, גיסט זי שטענדיק איבער די וואַסער. די מאַטע קומט שטענדיק צום טרינקער אַ פאַרגאַסענע. יעדער איינער טרינקט אויף זײַן שטייגער. דער אַלטער סינפאָריאַנאָ זופּט פילאָזאָפיש, ווי ער וואָלט געהאַט פאַר זיך יאָרן לאַנג זי אויסצוזופּן. באַם סאָף וואַרטשעט ער אַ לאַנגע ווײַלע. אַנדערע טרינקען געאײַלט, קימאַט ניט פילנדיק דעם טאַם. טייל האַלטן זי נאַשעריש אין דער זשמעניע ווי זיי וואָלטן געהאַלטן אַ מעכאַיעדיקע פרוכט און גיבן זי צוריק ווי עס וואָלט זיי אַ שאָד געווען. ראַמאָן איז דערהיצט און דורשטיק און איִם קומט גוט צונויף די שוין אויסגעוואַשענע מאַטע, וואָס מען דערלאַנגט איִם. דער מולאַט קאַרדאָסאָ זיצט צעלייגט אויף אַ שטאַם מיט דער גיטאַרע אין דער האַנט. זײַן מענעריש קאָל הייבט זיך ביז די שפּיצן ביימער, פון דער זון פאַרברוינטע:

— איך בין אַן אָרעמער מענטש
געקומען פון פּאַראַנאַמבו,
איך בין געקומען זיך פאַרווײַלן
און בין אַן אָרעמער מענטש . . .

מען ווייס, אַז די קאַפּלאַ האָט ער אַליין פאַרפאַסט און מען באַוווּנדערט איִם. די מאַטע גייט אום פון איינעם צום צווייטן, אָן אָנגעלאָדענע ווי דער נאָכמיטאָג, און ברענגט מיט זיך דערינערונגען, פאַרטראָגט ערגעץ און טרייסט.

ראַמאָן ליגט אויסגעצויגן אויף דער ערד און קוקט אויף דער רויטער סטענגע וועג, וואָס האַקט זיך אָפּ באַלד הינטערן בערגל. אויך די מערעשקע, וואָס שלעפּט זיך עטלעכע צענטימעטער פאַר זײַן נאָז, איז רויט. ער קוקט אויף איר גרויסן הינטן און קליינעם נײַגעריקן קעפּל, וואָס פאַרנעמט דעם וועג און איז, אַזוי הויך ווי די ווײַטע ווײַרעד־ביימער און פעטריבים, אַזוי גרויס ווי דער אָפּגעבונדענער מויל־אייזל, וואָס שטייט ווײַט אינעם שאָטן. זי קריכט און פאַרשטעלט, דוכט זיך, דעם גאַנצן האָ־

ריזאַנט. מיטאַמאָל נעמט קריכן אַפּן וועג עפּעס אַנדערש. דאָס וואַקסט זייער שנעל. אַט איז עס שוין אַ פּאָר פאַרשטויבטע שטיוול. ראַמאָן הייבט זיך אונטער אַף אַן עלנבויגן, זיך איַינצוקוקן. איצט איז שוין די מערעשקע ניט מער ווי אַ נישטיקער פּינטל. דער וועג, ווידער, איז אויסגעוואַקסן און האָט צוריקבאַקומען זיַין פריַערדיקע גרייס, און ער דערזעט דעם קאַפּאַ מיט די געגריַיזלטע האָר, פּאַליירא, צוריַיטן צו דער גרופּע מענסום. קימאַט אַלע שטעלן זיך אויף, קאַרדאָסאָ הערט אויף זינגען און בליַיבט אַזוי אומהיימלעך אָנגעשפּאַרט, מיט די פינגער אַף די סטרונעס, וואָס ברענגען קיין קלאַנג ניט אַרויס. פּאַליירא האַלט זיך זייער פריַינטלעך, גריסט אַלעמען און פּרוּווט שמייכלען. נאָר דער אוילעם איז מיט זיַין צוקומען שטום געבליבן.

— ווי גייט עס דיר, ווירכיניאַ? — האַלט ער אָן דעם פריילעכן טאָן און לייגט אַרויף די האַנט דער אידיאָטקע אַף דער פּלייצע.

נאָר שוין לאַנג אַז זי האָט מוירע פאַר אים. געווען איז עס ווען ער האָט זי איינמאָל באַם טיַיך אומגעוואַלגערט. פאַר ווירכיניאַן איז עס קיין גיַים ניט. פון ציַיט צו ציַיט באַהערשט אַ באַטראַק דעם עקל, וואָס ער פילט צו איר אַראָפּהענגענדיקער ליפּ, צו איר פאַרלוירענעם בליק, צו אירע מאָדנע טנועס און זוכט צו שטילן באַ איר זיַין נאָגנדיקן באַגער. אוואַדע זיַינען זיי גאַנץ ווייניק פּויעל־יוצא. „מיט איר איז קיין פאַרגע־ניגן ניט” — זאָגן זיי דערנאָך. דאָס זאָגן זיי ווען זיי הייבן זיך אָן שע־מען דערמיט וואָס זיי האָבן זיך אויסגענוצט מיט דער אָרעמער אידיאָט־קע. נאָר זי מערקט דאָס ניט, וואָרעם די מענסום באַמיִען זיך איר ניט וויי צו טאָן. ניט אַזוי פּאַליירא. וויַיל אינסטינקטיוו ווערט זי זיך און ער שלאָגט זי, ער שלאָגט זי ביז זי הערט אויף שטעלן אַ ווידערשטאַנד. זי האָט זיך דעמאָלט שטאַרק דערשראָקן און דער דערשרעק איז איר פאַרבליבן ערגעץ אין אַ ווינקעלע באַ איר אינעם אָרעמען מויער. ווען זי דערזעט פּאַלייראָן דערשרעקט זי זיך. ער וויל זי איצט אַ גלעט טאָן, נאָר זי קאָרטשעט זיך איַין און באַהאַלט דאָס פּנים אין די שאָרסטקע הענט. דער אוילעם אַרום דערפילט זיך אומבאַקוועם. ער אַנטשליסט זיך צו פרעגן:

— און גאַלאָרסאַ?

אים ענטפערט דאָן סינפּאָריאַנאָ:

— ער ליגט דאָרטן. אים איז ערגער געוואָרן.

— מירן אַ קוק טאָן, — נעמט ער שפּאַנען צום ראַנטשאָ, צופרידן וואָס ער איז איבערגעקומען דעם שווערן מאָמענט. ער איז אַזוי צוגעַ־וווינט זיך צו שאַפן מיט געשריי און מיט קלעפּ, אַז ער פילט זיך אומ־

באַקוועם אַנדערש זיך צו באַגיין מיט די מענטשן. אין ראַנטשאָ איז שאַטנדיק טונקל. ער בלײַבט שטיין אױף דער שוועל ביז די אויגן געוווינען זיך צו און ער טרעט אַריבער.

ביסלעכווײַז גייט זיך דער אוילעם פונאַנדער. עטלעכע זייערע גייען אַוועק מיט קאַרדאָסאָן שפּילן פֿאַר די ראַנטשאָס, וואָס שטייען מיט אַ קי־לאָמעטער ווײַטער, ווו די וועגענער שטייען. דאָן סינפּאָריאַנאָ איז אײַנ־געשלאָפֿן. דאָניאַ מאַנועלאַ מיט דער אידיאָטקע גייען צום טײַכל מיט פּעק קויטיקן וועש. קיינער קימאַט בלײַבט ניט. ראַמאָנען גייט אױף דער כיישעק צו ליגן און גאָרניט טאָן. ער גלײַכט זיך פֿאַמעלעך אויס די ביינער און נעמט דאָס אויג ניט אַראָפּ פֿונעם קראַנקנס ראַנטשאָ. ניט לאַנג ערשט איז אַהין אַרײַן פֿאַלייראַ, נאָר אים דוכט זיך, אַז שוין צו לאַנג. ער וויל זיך צעשטרײַען מיט עפּעס אַנדערש און קען ניט. ער לאָזט זיך דעריבער צוגיין צו דער פֿאַלמען־סטריכע, וואָס הענגט ביז דער ערד אַראָפּ. ער שפּאַנט מיט אַ קיוון פֿאַמעלעך, נאָר סאָפּקאָלסאָף איז ער באַם ראַנטשאָ. ער דאַרף גאָרניט אַרײַנגיין, פֿון דעם אָרט ווו ער שטייט זעט ער גאַלאַר־סען ווי פּרוּער זיך קאָרטשען און ריידן אומפֿאַרשטענדלעכע רייד אין גוואַראַני און די ווערטער בלעזלט ער אַרויס מיט געדיכטן טונקעלן שפּײַעכץ, ווי דאָס וואָלט זײַן לעבן געווען. לעבן אים, קימאַט אױף אַמעליען אַרויפֿ־געוואָרפֿן, שטייט יענער און קושט זי און דריקט קרעמפּיק אירע אַ ברוסט אין זײַן גרויסער זשעדנער האַנט. אומדרײַסט פּרוּווט זי אויסמײַדן דאָס בעטלענדיקע מויל און אָפּטרעטן פֿון דעם שווערן מאַנספּאַרשוין, וואָס בייגט זי צו דער ערד. מיטאַמאָל דערזעט זי ראַמאָנען. פֿאַליירא פֿאָלגט נאָך דעם בליק פֿון אירע דערשראָקענע אויגן און שפּרינגט אױף. ערשט נאָכדעם ווי דער מענטש איז זיכער, אַז מען האָט אים געזען, פֿאַרנעמט ער זיך אָן אַ זײַט און שפּאַנט פֿאַמעלעך אַוועק, מיט די הענט אין די הויזן־קעשענעס. ער האָט קיין נויט ניט זיך אומצוקוקן. ער ווייס, אַז אויך דער קאַפּאַ איז אַוועק פֿונעם ראַנטשאָ, ווו דער גויסעם ליגט. די רויטע סטענגע וועג איז איצט ווידער אַ פֿאַרשלונגענע.

# XXII

איך בין נאָך דעמאָלט געווען אַ יִנגל, אָבער אַ גרויסער שטיפֿער, אַ טײַוול. איך בין קיינמאָל אין דער היים ניט געווען. נאָר קיינעם איז עס ניט אָנגעגאַנגען. געוווינט האָבן מיר דעמאָלט אינעם האַפֿן לאַס מי־נאַס, לעבן קאַנדעלאַריאַ. דאָרט אויבן, זעסט, איז סאַן איגנאַסיאָ. קענסט עס? איצט זײַנען דאָרט פֿאַראַן געפֿלאַנצטע זשערבאַ־וועלדלעך און זאַ־

וואדן, וואס האבן א שלאל מיט פלאנצן. ניט אזוי ווי דא אינעם וואלד, פארשטייסט ?, ס'איז א גרויסער כילעק. קוקסט און ווערסט מיד קוקנדיק אף די שורעסביימער איבער דעם גוט אויסגעיעטן באדן. נאר דעמאלט האט מען נאך ניט געהאט אנגעהויבן...

לארענסאס קאל לעכערט דעם טויער פון שאטן און שטילקייט, וואס שטייט צווישן זיי און מאכט זיך א וועג צו ראמאנס אויערן. ס'איז קיל געווארן און ער קארטשעט זיך איין ווי ווייט ער קען אונטער דער קאלדרע. נאר א קיל לופטל רייסט זיך, פונדעסטוועגן, אריין אינאיינעם מיט יענעמס שטראם פליסטערנדיקן קאל:

— איך פלעג ראק סקאנדאלעווען. כ'פלעג פארהייבן די קליידלעך בא די מיידלעך און זיי טאפן. כ'פלעג גאנווענען הינער און וואס נאר כ'האב געקענט. נאר מיין בעסטער פארגעניגן איז געווען קוקן ווי די זשערבא־שניטער גייען פארביי. האסט זיי באדארפט זען. פריילעכע פלעגן זיי פארבייגיין, מיט דעם נייעם געלט וואס די קאנטראקטיסטן האבן זיי געגעבן. איך פלעג זיי זען פארבייגיין מיט די רויטע טיכלעך אפן האלדז, נייע שטיוול, א פאנטשעלע, א קאפעליושל „בעבע" און ווער ווייס זיי דארט נאך אזעלכע מינים זאכן און זיך אויספיינען פאר די ווייבער... דעמאלט איז מיר אנגעקומען דער כיישעק צו ווערן א מענסו. איך האב איינעם א פרעג געטאן, האט ער מיר געענטפערט: „מיר הוליען, מיר פארדינען געלט און מיר לעבן א גוטן טאג". דאס האט מיך באגייסטערט. אזוי אז צו די צוועלף יאר בין איך אנטלאפן פון דער היים...

ראמאן קען ניט אויסמיידן דאס לופטל און ניט דאס קאל. אים איז א ווונדער וואס אט דער ריז, וואס שטענדיק שווייגט ער, האט זיך איצט אזוי צערעדט, ארויס פון די ברעגעס. טעג גאנצע גייען אדורך און ער זאגט קיין ווארט ניט אכוץ גוט־מארגן, און ניט איעדן. ער איז גרויס און שטאלטנע ווי א לאפאטשא־בוים און שווייגט, ווי ער וואלט ראק פארטאן געווען אין זיין ריזיקן קויעך.

— ...איך האב מיך צעפרעגט וויאזוי באקומט מען געלט. געענטפערט האט מען מיר: „דער באלעבאס גיט". בין איך אוועק צו אים און ער האט מיך געשיקט קיין טאקורו־פוקו. א ריזיקער וואלד איז דאס געווען, בלויז סאסנע און זשערבא. געצאלט האט מען מיר 30 סענט פונעם קארעץ און 20 האב איך באדארפט צאלן פארן עסן. געווען בין איך א קליינער און די בינטן זשערבא האבן מיר די פלייצעס צעריבן און די ביינער געבראכן. האב איך גענומען פאלשעווען און געשניטן די גאר יונגע זשערבא, די ווייכסטע בלעטלעך; נאר באלד האט מען מיך געפאקט און איך האב א סאך געליטן און ווייניק טרייסט געהאט...

דאָס קאָל, דוכט זיך, גייט אָפּ, זינקט איין בא לאָרענסאָן אין מויל. עס ווערט שטיל און אין דער שטילקייט הערט זיך דיטלעך לעאַנדראָס שנאָרכען און דאָס רווישיקע אָטעמען פון די אַנדערע צוויי באַטראַקעס, וואָס שלאָפן מיט אים אינעם ראַנטשאָ.

— ... אין וואַלד זיינען געווען אַ סאַך טיגערס און איך האָב שטאַרק מוירע געהאַט. איך פלעג מיך דערום שטענדיק האַלטן נאָענט צו די אַנדערע. כ'פלעג איינבינדן די זשערבאַ אין מיין גרויסן טוך און ווען איך פלעג האָבן אָנגעקליבן אַ צען אָדער פופצן קילאָ, פלעג איך צוריקגיין. געדויערט האָט דער שניט... לאָמיר נאָר זען... נו, ניין כאָדאָשים. מען האָט אַלעמען געמאַכט דעם כעשבן און מיר אויך. ווייסט איר וויפל מען האָט מיר געגעבן? פיר פעזעס! דאָס אינגאַנצן איז מיר אַרויסגעקומען פאַר דער גאַנצער צייט. אַלע זיינען אַוועק אין שטעטל זיך פאַרווייַלן. איך האָב אויך געוואָלט גיין און האָב געבעטן אַז אויפגאַב. אַזוי ווי איך בין שוין אַלט געווען פערצן יאָר און בין געוואָרן אַ קרעפּטיקער יאַט, האָט מען מיר געגעבן 500 פעזעס. אַך, ווי מיר האָבן דעמאָלט געהוליעט!...

דאָס קאָל באַקומט איצט אַ פריילעכערן טאָן. ער פאַרגעסט זיך אַז יענע שלאָפן און הייבט עס אַלץ העכער און פאַרטראַגט זיך צו די אַמאָליקע שיינע צייטן:

— איך בין דעמאָלט ווילד מעשוגע געווען. אַ קנאַפּע וואָך בין איך דאָרט געווען און האָב אויסגעגעבן אינגאַנצן וואָס איך האָב געהאַט. יעדן טאָג האָב איך מיך געלייגט מיט אַן אַנדערער. מיר זיינען געווען געפעלן די גרויסע, די דיקע, און זיי האָבן זיך פאַרווייַלט מיט מיר. דערנאָך האָב איך מיר איינגעקויפט אָנטאָן און האָב צעשענקט זאַכן די מענסוס, די מיידלעך, די ווייבער... נאָר געמוזט האָט מען זיך אומקערן צוריק אין וואַלד. ס'איז מיר דעמאָלט גאָרניט גוט געווען.

ראַמאָן כאַפּט זיך מיטאַמאָל פון וואָס עס נעמט זיך לאָרענסאָס באַריידעוודיקייט, דעם זונטיק האָבן זיי געהאַט געטרונקען און ווען זיי זיינען אַהיימגעגאַנגען שלאָפן, האָבן זיי געהאַט אויסבאַהאַלטן יעדער איינער אַ פלאַש קאַניאַ. און איצט גראָד טרינקט ער, דער ריז. דאָס גולגען זיינס הערט זיך ווי עמעצער וואָלט אין דער ווייַט געשליאָפּעט אינעם וואַסער. ער איז זיך אין אים מיסקאַנע און נעמט אויך טרינקען.

— ווייַזט זיך אַרויס, אַז מען האָט אָנגעשטעלט אַ קאַפּאָ אַן אינדיאַנער; קאַאַזאַפּאַ האָט מען אים גערופן. איכל עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. געווען איז ער אַ שלעכטער מענטש. ער האָט אונדז שיר ניט מעשוגע געמאַכט מיט זיין יאָגן מיר זאָלן מאַכן וואָס מער אַרבעט. מיר זייַ־

נען שוין די הענט געווען צעהאַקט פֿון האַקן. דעמאָלט האָב איך מיך אַנטשלאָסן פֿליִטע צו מאַכן. געווען איז עס די ערשטע... די ערשטע פֿון די צוועלף פֿליִטעס, וואָס איך האָב אַף מײַן צעטל. דאַרפֿסט וויסן, אַז ביז איך וועל ניט מאַכן די דרײַצנטע, וועל איך מיך ניט אײַנשטילן...

ראַמאָן וויס, אַז זײַן גוטער ברודער האָט אַ שראַם אַף דער רעכטער זײַט מויל. ס'איז פֿון אַ קויל, וואָס האָט אים אויך אויסגעזעצט די אייבערשטע ציין. ווען זיי זײַנען שוין געווען באַקענט, האָט ער אים געפֿרעגט ווי אַזוי דאָס איז געווען און לאָרענסאָ האָט דעמאָלט קורץ געענטפֿערט: מען האָט אַף מיר אויסגעשאָסן פֿון אַ זײַט. די צונג אַפֿילע האָט מיר די קויל פֿאַרטשעפּעט. נאָר איך בין אַזוי ווילד געוואָרן, אַז פֿאַרהאַלטן האָט מען מיך ערשט ווען איך האָב אים צוגענייט מיט זיבן מעסער־שטעך...
ראַמאָנען דוכט זיך ווי ער זעט דעם שראַם, אַ ווײַס־רויטלעכן, וואָס פֿינקלט ווי אַן איינציק פֿײַערל אין דער נאַכט אינמיטן וואַלד. דער שראַם רירט זיך און קרימט זיך אַוואַדע ווען יענער לאַכט אָדער וויינט. נאָר דאָס נאַטירלעך איז אַ ליגן. לאָרענסאָ וועט ניט וויינען ווי לאַנג ער וועט לעבן. דער שראַם האָט זײַן אייגן און מעכטיק לעבן אַף לאָרענסאָס פּאָנעם. עפּשער גאָר נעמט זיך דערפֿון זײַן קויעך. איצט, ווען ער רעדט וועגן זײַנע צוועלף פֿליִטעס, מיט אַ ניט פֿאַרבאָרגענעם שטאָלץ אינעם קאָל, מוז אויך דער שראַם זײַן גאַדלעסדיק צעלייגט אַף דעם מענסוס אייבערשטער ליפּ. ראַמאָנען דוכט זיך ווי דער שראַם גופֿע עפֿנט אים די ניט גלײַכע טראַגישע ליפּן ער זאָל ווײַטער דערציילן.

— איך האָב פֿאַרגרייט אַ קלומעק און פֿאַרטאָג בין איך אַנטלאָפֿן. געהאַט האָב איך אַ קאָלדרעבל און דערין טרוקן פֿלייש, אַ פּאָר הויזן און צוויי העמדער. געדאַרפֿט האָב איך מיך אַראָפּלאָזן איבער אַ שטיינערנעם באַרג. איך האָב גענומען דעם קלומעק אַפֿן רוקן און האָב מיך אַראָפּגעלאָזט מיטן וואַלדמעסער אין דער האַנט. געזאָגט האָט מען, אַז דאָרט גייט אום אַ שוואַרצער טיגער און איך האָב מוירע געהאַט. נאָר דער עמעסער טיגער איז גאָר געווען קאַזאַפּאַ, וואָס האָט געוווינט אין עק וועג. איך האָב עס ניט געוווּסט און בין שיִר ניט אַרײַן גלײַך צו אים אין מויל...

פֿון וואַנען נעמט זיך עס, וואָס קוים טרעפֿן זיך אַן צוויי מענסוס, ריידן זיי פֿון אַנטלויפֿן? ס'איז אומפֿאַרמײַדלעך. ראַמאָנען דוכט זיך, אַז דאָס גייט אים נאָך פֿון זינט ער איז אָנגעקומען אַפֿן אייבערשטן פּאַראַנאַ.

— קעגנאיבער דעם קאַפּאָס ראַנטשאָ איז געווען אַ דעפּאָ מיט אַ קאָרידאָר. פֿאַרשטאַנען? דאָרט האָב איך איבערגענעכטיקט. פּונקט קעגנאיבער זײַן שטוב. נאַטירלעך, האָט ער ניט געוווּסט אַז איך בין אַנטלאָפֿן, און איך האָב אויך ניט געוווּסט אַז דאָס איז זײַן ראַנטשאָ. נו גוט,

בין איך שוין גאַנץ פרי געווען אין וועג און ער נאָך מיר, מיט נאָך צוויי מענטשן. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן דאָס געיעג. איך האָב געמיינט אַז אַט טרעפן מיר זיך אָן און עס וועט זיכער זײַן אַ שכיטע. געגאַנגען בין איך אין וואַלד און זיי מיטן וועג. און ווײַל געגאַנגען זײַנען זיי באַרג אַראָפּ, האָב איך זיי געקענט נאָכשפּיאָנירן. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט עסן און שלאָפן אַ ווײַלע, און איך דערווײַל בין מיר אַוועק אַפּריִער. דרײַ טעג איז שוין געווען ווי איך האָב אין מויל ניט געהאַט. געווען בין איך דערשעפּט; איינמאָל האָט זיך מיר פאַרגלוסט אַרויסגיין פונעם וואַלד און האָב מיך שיר ניט אָנגעטראָפן מיט זיי פּאָנעם על פּאָנעם, בעיים זיי זײַנען געגאַנגען און גערעדט צווישן זיך. איך האָב מיך אַפילע ניט דערשראָקן, נאָר גענומען האָב איך מיך מער היטן, און אַזוי זײַנען מיר אָנגעקומען צום טײַך. איך האָב געבעטן אַ מענטשן ער זאָל מיך אַריבערפירן אַף זײַן שיפל. ווען איך טרעף אָן אַז אַף אַן אַנדערן, וואָלט ער מיך איבערגעגעבן. נאָר איך האָב געמוזט אײַנשטעלן. נו, האָט ער מיך מיטגענומען און דערצו נאָך, ווען קאַאַזאַפּאַ איז צוגעקומען און האָט אים געפרעגט, האָט ער אים געזאָגט אַז ניין. אַזוי האָב איך מיך געראַטעוועט, וואָרעם דער אינדיאַנער וואָלט זיכער אַריבערגעקומען מיך זוכן אַף דער צווייטער זײַט. איך בין דעמאָלט אַלט געווען 16 יאָר. דאָס איז געווען די ערשטע... וואָס, דו שלאָפסט גאָר, טשע כאַווער?...

ניין. ראַמאָן שלאָפט ניט. ער טראַכט נאָר, אַז דער ריז האָט אַ סאַך געלייענט און ווייס אַ סאַך. ער וואָלט ניט געקענט אַזוי דערציילן... אַז מען הערט אים ריידן, מיינט מען אַז מען לעבט דאָס אַלץ איבער.

— אַ צווייטן מאָל בין איך געווען אין פּאַראַנאַמבו, מיט מאַסעדאָן. האָסט אַמאָל געזען פון דער נאָענט די אויגן בײַ אַ גיפטיקער שלאַנג? נו, האָט ער געהאַט אַזעלכע אויגן. קאַלטע און בייזע. בלײַבט ער אויג אַף אויג מיט זײַנעם אַ קעגנער, איז דער שוין אַ פּאַרטיקער. אַלע האָבן מיר געוווּסט, אַז פּאַראַן זײַנען אין וואַלד אַ סאַך טויטע. מיר פלעגן מוירע האָבן גיין אַהין אַליין, איבער די מייסים. איינמאָל בין איך געגאַנגען אין וואַלד רײַסן פינדאַ־בלעטער און פון איין אויסגעהאַקטן וועג צום צווייטן בין איך, ניט ווילנדיק, ווײַט פאַרגאַנגען. ס'איז מיר נאַכט געוואָרן און איך בין אַרויף שלאָפן אַף אַ בוים. איך האָב ניט געוווּסט ווו איך בין ערגעץ און האָב אויסגעוואַרט עס זאָל טאָג ווערן. ווי איך גיי אַזוי און מאַך מיר אַ וועג מיט דעם וואַלד־מעסער, הער איך עמעצער שרײַט. איך קום צו, און וואָס זע איך? אַ באַטראַק געקרייציקט אַף אַ טימ־באָ־בוים. מען האָט אים געלעכערט די הענט און די פיס קעדיי אים צו־צובינדן מיט דראָט. צוויי טעג איז ער אַזוי געהאַנגען, שיר ניט אַ טויטער

פֿאַר ווייטיק, פֿון דעם בלוט וואָס איז אים אָפּגעגאַנגען און פֿאַר שרעק. דערנאָך האָט ער מיר דערציילט, אַז דאָס האָט אים געקרייציקט מאַסעדאַ, קעדיי צוצונעמען בײַ אים זײַן ווײַב. און איך זאָג: פֿאַרוואָס האָט ער אים ניט אַ קויל אַרײַנגעשאָסן און פֿאַרטיק? אָבער, ניין: געלאָזט האָט ער אים דאָרט לײַדן ער זאָל פּאַמעלעך אויסגיין. אַ ווילדע אַכזאָריעס. צוויי וואָכן האָב איך אים געהאַלטן אַן אויסבאַהאַלטענעם און ווי נאָר ער האָט זיך אַ ביסל צוגעהיילט, איז ער אַנטלאָפֿן. אַזוי דערשראָקן איז ער געווען. מער האָב איך׳ אים ניט געזען און ניט געהערט פֿון אים. נאָר מאַסעדאַ האָט אױף מיר געוואָרפֿן אַ כשאַד און איידער ער זאָל מיך אַוועקפּאַטערן, בין איך אַוועק. ער האָט אָבער געשיקט מענטשן מיך צו כאַפּן, דער מאַמזער...

ראַמאָן טראַכט וועגן אַמעליען. ער מוז זי באַקומען, אױף יעדן פֿאַל. אויב ער וועט זיך ניט אונטעראײַלן, וועט זי פֿאַליראַ צונעמען. ער וויל זיך פֿאָרשטעלן זײַן געגרײַזלטן קאָפּ ווי בײַ אַ לאַם, קעדיי אים נאָכמער צו האַסן, אין דער פֿאָרשטעלונג. נאָר זײַן גוטן ברודערס קאָל שטערט אים דערין.

גראָד איצט זעט ער דעם ריז לאָרענסאָ צוקומען צום פּאַראַנאַ. ער איז אַ ביסל דערשראָקן און קוקט זיך אָפּט אום אױף הינטן. אױף די אַקסלען טראָגט ער אַ קופֿערטל און צוגעבונדן אַ גיטאַרע. ער באַהאַלט עס צווישן ווילדגראָז און אַליין לייגט ער זיך אַוועק שלאָפֿן אױפֿן ווײַסן זאַמד. נאָר ער שלאָפֿט ניט. דער טונקעלער גוף טיילט זיך דײַטלעך אויס אױף דעם זייער ווײַסן זאַמד. פּלוצים שטעלט ער זיך אויף. ער האָט דערהערט אַ גערודער אין דער ווײַט. ער לויפֿט צו צום וואַסער, טוקט זיך אונטער און פֿאַרשווינדט. דערנאָך צענעמט ער פּאַמעלעך די טשערעטן און לויערט פֿון דאָרט. עס באַווײַזן זיך עטלעכע מענטשן, אַלע גוט באַוואָפֿנטע. ראַמאָן דרייט זיך נערוועזיש אױפֿן בעטל און די יעגער דאָרט באַקוקן דאָס פּלאַץ, קוקן אױפֿן טײַך. נאָר דאָס קאָל שטילט זײַן אַנגסט. די מענטשן זײַנען מיד געוואָרן צו זוכן און גייען אים זוכן ערגעץ אַנדערש.

— געמאַכט האָב איך מיר דעמאָלט אַ פּליט און האָב מיך אַוועקגעלאָזט שווימען מיטן טײַך. נאָר געווען איז דאָס וואַסער אַ ביסל ברויזיק. דער קופֿערט איז געשטאַנען באַם עק און ווען ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט האָב איך מיך אויפֿגעהויבן, אַז ניט, וואָלט איך מיך אינגאַנצן אײַנגענעצט און אַ היפּש ביסל וואַסער אײַנגעשלונגען. אַ שווער שטיקל אַרבעט געווען. נאָר די נאַכט איז געווען אַ פֿינצטערע און איך האָב פֿאַרטראַכט אַריבערצוקלײַבן זיך אױפֿן אַרגענטינישן ברעג אומבאַמערקט. אַזאַ געלעגנהייט האָט מען ניט געטאָרט צעפּאַטערן...

פּאַליראָס האָט דריקט אַלץ אַמעליעס בריסטן ווי זיי וואָלטן געווען אַפּעפּו־פּרוכטן, נאָר פּלוצים גיט זיך לאַרענסאָ אַ וויג אַפן פּליט און די אַנדערע בילדער פאַרשווינדן. איצט זעט ער בלויז דעם ריז זיך ראַנגלען איבערן צעבראָכענעם וואַסער, צווישן די באַנאַכטיקע שאָטנס, וואָס ווייסן ניט צי זאָלן זיי אים שיצן אָדער איינגאַנצן אים אונטערטונקען אינעם זיסן וואַסער. דער שטראָם טראָגט די שוואַכע שטעקענעס מיט אַ שרעקלעכער קראַפט אַראָפּ דעם וואַסער. דער מענטש דרעמלט איין פון צייט צו צייט, נאָר אַ פּליוך וואַסער וועקט אים אויף. אים איז קאַלט. מיטאַמאָל כאַפּט ער זיך, אַז ער איז נאָענט צום ברעג און שווימט אַ פאַרצווייפלטער מיט־שלעפּנדיק מיט זיך דעם פּליט, און אַט טאַפּט ער שוין אַן מיט די פיס די ערד. איצט נעמט ער אַרויס פונעם קופערט אַ קאָלדרע און אַ פּאַנטשאַ טשאַראַ. נאָר אַלץ איז נאַס. די שוועבעלעך אויך. ער איז דערשעפּט און לייגט זיך אַוועק אויף דעם נאַסן אַנטאַן. באַלד שלאָפט ער איין. און ראַמאָן, אַ פאַרטראָגענער, הערט זיך אַליין אָטעמען אין טאַקט מיט דעם אָטעמען פונעם דערשעפּטן ריז, וואָס זיין טריפנדיקער קאָפּ וועקט דעם נייגער פון די וואַלד־פייגל, איבעראַשטע פון דער פרימאָרגנדיקער דערשיינונג.

— דאָס ערגסטע איז געקומען דערנאָך, ווען איך האָב מיך אויפ־געכאַפּט . . .

געערעכנט האָט ער, אַז ער מוז זיך געפינען אויף דער הייך פון אַנ־טיגואַ פאַרעהאָ אָדער קאַראַגואַטיי, פערציק אָדער נאָך מער קילאָמעטער פון זיינע יעגער. גענומען האָט ער גיין מיט דעם ברעג ביז ער האָט אָנ־געטראָפן אַ קאַפּאַטאַס מיט עטלעכע פּליטן־טרייבער אַראָפּלאָזן קלעצער אינעם וואַסער. ער האָט זיך באַ זיי פונאַנדערגעפרעגט און האָט ניט גע־וואָלט גלייבן וואָס זיי האָבן אים געענטפערט. געווען איז ער אינעם האָפן ניאַנקודיי, קנאַפּע צוויי קילאָמעטער פון דעם אָרט פונוואַנען ער איז אַנטלאָפן! זיין אומרויִקע באַנאַכטיקע נעסיִע מיטן וואַסער האָט אים צוגעפירט ניט ווייט פון זיינע יעגער!

— זייט מיר מוחל, באַלעבאָס — האָט ער געזאָגט דעם קאַפּאַטאַס, — דאָס קען ניט זיין. נו, האָבן זיי גענומען לאַכן פון מיר ווי די מעשו־גאָים . . . איך האָב מיר ניט געקענט גלייבן, אַז נאָכדעם ווי איך בין געשוווּמען די גאַנצע נאַכט אַראָפּ דעם וואַסער, זאָל איך זיין אַזוי נאָענט און דערצו נאָך אַפן פאַראַגווייער ברעג . . .

— און דערנאָך? — ראַמאָן לאָזט זיך אַריינצוזען אינעם קישעף פון דער אַוואַנטורע און ער לעבט זי אַנגסטלעך מיט. — און דערנאָך?

— איך האָב זיי אָפּגענאַרט, אַז איך קום פונעם האָפן טרעס די־מאַזשאַ, אין בראַזיל, פאַרשטייסט? וואָרעם איך האָב מוירע געהאַט זיי

זאָלן מיך ניט איבערגעבן צו מאַסעדאָן; זיי האָבן צווישן זיך אַן אָפּ־מאַך, די לײַט.

ראַמאָן זיפצט אָפּ. זײַן גוטער ברודער איז שוין אַ גראַטעװעטער און ער קען זיך אין געדאַנק איבערטראָגן צו אַמעליען. נאָר דאָס בילד װערט זיך, אָדער גאָר באַװײַזט זי זיך לעבן פּאַלייראָן אין יענער העסלע־כער סצענע אינעם ראַנטשאָ. ער גיט ליבערשט אַ פֿרעג:

— און... ביסט דאָרטן פֿאַרבליבן?...

— ניין, צו װאָס בלײַבן? דערנאָך...

דערנאָך זײַנען געקומען אַנדערע קאָנטראַקטירונגען און אַנדערע לײַדן, אַנדערע אומגערעכטיקייטן און אַנדערע פּלייטעס. צוועלף האָט ער שוין אויף זײַן כעשבן. און ער האָט אַ ניידער געטאָן צו אַנטלויפֿן פֿון דרײַצן האַפּנס. דוכט זיך אַ קאַפּריז אַזאַ, אָבער ער פּירט אים אויס. קיין איינע ניט װייניקער. דאָס עטװאָס פֿאַרמאַטערט געװאָרענע קאָל, ניט געקוקט אויף דער קאַניאַ, װאָס העלפֿט אים צו, רעכנט אויס דאַטעס, האַפּנס, מענטשן, קלאָלעס, העלדישקייטן...

— געװען איז עס אין איסטועטאַ, פּאַראַיאָרן װינטער... צוריק מיט דרײַ יאָר, אין פּוערטאָ סעגונדאָ... אַ שרעקלעכע פּלייטע האָט ער גע־מאַכט פֿון פּאַראַניי... יענער מאַזשאַרדאָמאָ איז געװען דאָס װאָס מען רופֿט אַ בייזע כאַיע; גערופֿן האָט מען אים „די פּעסט"...

געלאָפֿן איז ער פֿון אומעטום, אויף אַלע מעגלעכע אופֿאַנים. אין אַ װאָגן צווישן זעק מיט זשערבאַ, איינמאָל; אָפּט צו פֿוס, אין שיפֿלעך, געשװוּמען, געמאַכט זיך אַ װעג דורך דער װילדעניש איבער נײַע אומ־באַקאַנטע װעגן. אויסגענוצט האָט ער דעם שוץ פֿון די שאָטנס און איינ־מאָל אינמיטן העלן טאָג, די קאַפּאָס אויף די אויגן. ער האָט גענאַרט די יעגער אויף דער גאַנצער לענג פֿונעם אייבערשטן פּאַראַנאַ, געביטן דעם נאָמען, איז אַריבער קיין בראַזיל פֿון די אַרגענטינער באַלעבאַטים, זיך אויסגעדרייט פֿון די מינייראָס און אַריבער קיין פּאַראַגוויי; צוריקגעקומען קיין מיסיאָנעס װען די פּאַראַגווייער באַלעבאַטים האָבן אים ענג געמאַכט דאָס לעבן דאָרט. ער פֿילט זיך אומבאַזיגלעך. די זיכערקייט, אַז ער קען אַנטלויפֿן װען אים פֿאַרװילט זיך, מאַכט אים גליקלעך. צוועלף מאָל.

— אַז איך װעל האָבן אַנטלאָפֿן פֿונדאַנען, װעל איך האָבן געהאַלטן מײַן װאָרט. דעמאָלט װעל איך אַװעק ערגעץ ניט װײַט פֿון פּאָסאַדאָס, אויף איינער פֿון די נײַע אונטערנעמונגען מיט געפּלאַנצטע זשערבאַ־װעלד־לעך, און דאָרט פֿאַרבלײַב איך שוין אַ רויִקער. איך בין שוין מיד פֿון אומבלאָנקען. נאָר פֿריִער מוז איך אַװעק פֿונדאַנען.

ראַמאָן פֿאַרשטייט אַז ער פּלאַנעװעט אַ פּלייטע. אויך ער האָט כיי־

שעק צו אנטלויפן. מיט זיין פארטרויען זיך, האט יענער אים פארשטעלטערהייט פארבעטן מיטגיין. דאס איז דער בעסטער סימען פון דעם צוטרוי וואס ער האט צו אים. ראמאן זיפצט אפ. גראד איצט איז ער באזארגט וועגן אמעליען. ער וויל זי באקומען פאר זיך, צונעמען זי בא פאליראן. דעריבער שווייגט ער, לאזט דורך די געלעגנהייט. זיי האבן צווישן זיך קיין איין ווארט ניט ארויסגערעדט דערוועגן, נאר שווייגנדיקערהייט האט איינער געמיינט צו זאגן: „וועסט גיין מיט מיר?״ און דער צווייטער: „איך דאנק דיר, ברודער, איצט קען איך ניט״. אזוי אז רייד זיינען איבעריק. ווען צוויי מענטשן ווילן זיך צוזאמענריידן, זיינען ווערטער איבעריק.

פאר דעם ווי ראמאן שלאפט איין, פרוווט ער אויסצייטיקן א פלאן. ער זאגט זיך אליין צו: „מארגן גיי איך אוועק...״ נאר די פארמאטערטקייט איז גוויווער. און אים כאלעמט זיך א שרעקלעכער כאלעם: שיקערע קאפאס באשיסן האפענונגסלאז א שיפל, אין וועלכן ער, אמעליע און לארענסא אנטלויפן. זיי רודערן שנעל, נאך שנעלער, דאס וואסער פארשלעפט זיי, זיי שלאגן זיך אן ערגעץ בא א פעלדזיקן ברעג. ער האלט זיך אן אן אמעליען; זיי דריקן זיך שטארק, שטארק...

דערוווסט האט ער זיך ערשט מיט עטלעכע טעג שפעטער. געווען איז עס אט ווי: די צוויי וואס זיינען מיטגעלאפן מיט לארענסאן זיינען געבליבן פון הינטן. ער האט זיך אומגעקערט זיי ארויסצוהעלפן. דעמאלט האבן די יעגער זיי אלע דריי ארומגערינגלט. דער ריז האט באקומען צוויי קוילן אין קאפ און נאך עטלעכע, אויך פון א ווינטשעסטער, אין דער ברוסט און אין די פיס. נאר ביז דער לעצטער מינוט האט ער געהאלטן אין דער האנט דאס וואלד־מעסער זיך צו פארטיידיקן. דריי „הינט״,* אלנפאלס, זיינען לעבן אים געפאלן. אינעם קלומעק האט מען בא אים געפונען, מיט א שפאגאטל ארומגעבונדן, די דרייצן ביכלעך. ראמאן האט זיך דערמאנט, אז לארענסא האט גערעכנט זיך איינצושטילן נאך דער לעצטער פליטע. זיינע האפענונגען זיינען ניט מעקויעם געווארן. אלנפאלס, איז ער שוין איינגעשטילט, אף אייביק איינגעשטילט, מיט צוויי קוילן אין קאפ.

* שפיאנען פון דער אונטערנעמונג.

# די דעראָבערונג

„...אַזוי ביז דער מילכאָמע פון די דרײַ מעלוכעס מיט פּאַראַגוואַי האָט זיך פאַרענדיקט און עס האָט אַ סאָף גענומען צו דער שטרענגער וואַך, וואָס די פּאַראַגווייער האָבן געהאַט אײַנגעשטעלט צווישן ענקאַרנאַסיאָן און טאַקורופּוקו. אויפגעקומען איז דעמאָלט אַן ענטוזיאַסטישע באַוועגונג פון שטאַרקע און אונטערנעמערישע מענטשן, וואָס האָבן, קעגן אַלע מינים סאַקאָנעס און מאַנגלען, אומדערשראָקן אַרײַנגעדרונגען..."

„מיסיאָנעס האָט אַ סאַך צו דאַנקען דעם פערזענלעכן אָנשטרענג פון יענע קרעפטיקע „פּיאָנערן" פון אַרבעט..."

(פון אַ כראָניק)

איצט אָבער מוז מען צוקומען. נאָך דעם לאַנגן לײַדן — דער ניצאָבן. דאָס הייסט, די ווילדע זשערבאַ-וועלדלעך. זיי שפּאַנען דערום ווײַטער, די אַקשאָנים „פּיאָנערן", איבער די פלאַנצן-דורכגענג, ווי צוועלף אַזייגער באַטאָג איז פינצטער און נאָר יעדע פופציק אָדער הונדערט טריט מערקט מען אַ שוואַכן שטראַל, וואָס די זון שפּאַרט דורך מיט גרוים מי צווישן די געדיכטע צווײַגן. דערום לייגן זיי ניט אַוועק פון דער האַנט דאָס וואַלד-מעסער, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ יעדן מאָל מיט פרישן קויעך און עס שפּריצט פון אונטער אים דער זאַפט פון די איבערגעפאַלענע שטענגלעך. טרעפט מען קומט צו צום געזוכטן און געגאַרטן אָרט. אָט זײַנען זיי די טונקל-גרינע ריזן. דער מאַטער, די הויצאָעס, די אַרבעט וועלן איצט ווי געהעריק באַלוינט ווערן. דאָס איז דער געגאַרטער לוין פאַר דעם גרויסן אָנשטרענג. דאָס איז דאָס גליק און דאָס רײַכטום. דער געווירבל! די סאָכרים פון פּאָסאַדאַס, פון אַסונסיאָן, פון אומעטום,

עפּענען ברייטע קרעדיטן. די שענסטע און די טײַערסטע פּרויען באָטן זיך אָן דעם נײַעם האַר. נאָר אָנגעהויבן האָט זיך די עקספּלואַטאַציע און אָט אָן אַנטווישונג. דער אויסגעפּינענער „אָדער" ציט זיך ניט מער ווי אַף עטלעכע הונדערט ביימער. צוויי וועגן האָט ער פאַר זיך, דער דורכגעפאַלענער: פּליטע און זעלבסטמאָרד אָדער ווײַטער זוכן. דאָס לעבן הייבט זיך אָן מיט יעדן נײַעם טאָג.

אַנדערע ווידער טרעפן אָן בעעמעס רײַכע „מינעס", וואָס ציִען זיך אַף צענדליקער קילאָמעטער. און עס הייבט זיך אָן די צווייטע טייל פון דער עפּאָפּעע. דער גליקלעכער גליקן־זוכער גרייט זיך. ער ברענגט טויזנטער אַרבעטער. ער האַקט דורך לאַנגע וועגן אין וואַלד פאַר מויל־אייזלען און וועגענער. ער קויפט שיפן, וועגענער, לאַסט־בעהיימעס. ער גיט אויס דערויף טויזנטער פּעזעס. נאָר דערווּסט האָט זיך דערפון אַן אַנדער „מינען־גרעבער" און ער וואַרפט זיך אַף דעם אייגענעם ווילדן זשערבאַ־וואַלד, פון אַן אַנדער זײַט. ער האַקט וועגן פון אַן אַנדער פּונקט אין אַן אַנדער ריכטונג. צום סאָף באַגעגענען זיי זיך, די קאָנקורענטן. אינאיינעם מיט דער האַק און דער קירקע טראָגן מיט זיך די באַלעבאַטים, די קאַפּאַטאַסן און די באַטראַקעס די מאַטשעטן, דעם רעוואָלווער און דעם ווינטשעסטער. דער סמיט וועסאָן קנאַלט הייזעריק און אומפאַרפעלט. טייל פאַלן. איינער דעם אַנדערן שטעלט אונטער אַ פוס, לייגט אים אונטער אַ פּאַסטקע. מענטשן — ווײַסע, מישלינגען און אינדיאַנער — לאָזן דאָרט איבער זייערעביינער, שפּורן פון דעם רויבער־שטרײַט. נאָר די באַלעבאַטים גיבן ניט נאָך. קיינער האָט ניט קיין באַווײַזן וועגן זײַן רעכט, ניט אַף דער „מינע" און ניט אַף דער ערד. ניטאָ קיין רייסטער און קיין אײַנשרײַב. ניטאָ גאָרניט. וואָס געווען איז פאַרפאַלן, וואָס ווײַטער וועט מען אַוואַדע ניט. מען דאַרף נאָר געווינען צײַט. אין די פאַרפירערישע וועלדער איז דאָס איינציקע פאַרטל דער שטראָמיקער הײַנט. די צדאָדים אַרבעטן שנעל, מען מוז פאַרכאַפּן וואָס מער זשערבאַ, וואָס גיכער זי אָפּרײַסן, אַוועקנעמען זי באָס אַמביציעזן קעגנער. קיינער קלעטערט ניט מער אַרויף אַראָפּצורײַסן בּאַ די ביימער די טײַער געשאַצטע שטענגלעך. דאָס נעמט צו פיל צײַט. שנעלער איז די ביימער אומצוּוואַרפן. מען אַרבעט פיבערדיק, מען אײַלט זיך, מען יאָגט זיך. אַף צו פאַרדינען עטלעכע טויזנטער, פאַרשווענדט מען מיליאָנען, מיט פלאַנצן־לעבנס און מיט מענטשלעכע. די נאַטור־וועלדער פאַרשווינדן. די אַרבעטסמענטשן דאָס זעלבע. וועגענער, מויל־אייזלען און מענטשן פרײַכן

אונטער די שווערע זעק מיט זשערבאַ. פּאַראַגוויי, בראַזיל, אַרגענ־טינע, ווערן פּאַרפּלייצט מיט דעם אַראָמאַטישן פּראָדוקט. אין איי־ראָפּע הייבט מען אָן ריידן וועגן דעם זעלטענעם אַרטיקל פונעם „ווילדן" קאָנטינענט. דער מין קומט פון דאָרט, פון דער געדיכטער ניט דורכדרינגלעכער ווילדעניש, ווו פּאַרווילדעטע מענטשן פירן מילכאָמע מיט דער צייט אַף צו שאַפן רייכטום פאַר פיר אָדער פינף אַוואַנטוריסטן. די גייציקייט איז דאָ אַריבער די ברעגעס. ס'איז דער געווירבל! קורץ, ס'איז די הערשאַפט פון דער זשערבאַ־מאַטע.

# XXIII

פון אָנהייב אַ קליינינקער ליכט־שוועמל, וואָס מאַכט זיך אַ וועג צווישן די פּאָרעס; ער פּאַראייניקט זיך דערנאָך מיט נאָך אַזעלכע ווי ער, און אַפן סאַמע שפּיץ שטערן, פּונקט דאָרט וווּ דער טשוב הייבט זיך אָן, טרעט אַרויס דער גרויסער קיַילעכדיקער און פעטער טראָפּן שווייס. ער יִשעווט זיך אַ ווײַלע. נאָר זײַן אייגענע וואָג וועגט איבער און ווי אַ פּליסיק בלעטעלע בראָדיעט ער שטיל דורך די ווּיִע ביז דער שטויביקער באַק, ווּ זײַן ווײַטערדיקער גאַנג פאַרהאַלט זיך איבער די הויט־קנייטשן. ער באַקומט אַ שטויס פון ווײַטערדיקע טראָפּנס און, ווי איבער אַ ניט אָנגעזעענעם קאַנאַל, רינט ער שנעל אַראָפּ איבער ראַמאָנס קין ביזן האַלדז און ביז זײַן נאַקעטער ברוסט. פון מאָל צו מאָל ווישט אָפּ ראַמאָן אָט די פײַכטקייט מיט זײַן גרויסער קאָלירטער פאַטשיילע. נאָר דערעסן ווערט אים דער קעסיידערדיקער אַלצאיינער באַוועג און ער בלײַבט אַזוי שטיין, אַ לעבעדיקער פעלדז, געפורעמט פון דעם שווייס, פון דעם שטויב און פון די שפּליטערס, וואָס די זשערבאַ שפּרייט אַרום זיך בעיס מען צעשאַרט זי. פון צײַט צו צײַט שווינדלט אים אין קאָפּ פון שלעפּעריקייט. נאָר דאָס פּאַסירט מיט דעם זשערבאַ־ברענער גופע, מעג ער זײַן ווי געניט. איינער פון זיי לייגט זיך אַוועק אָף אַ ווײַלע, נאָר באַלד מוז ער שוין זײַן אָף די פיס. וואָרעם באַלעבאָס איז דאָ די זשערבאַ. איר אינטערעס, איר געזונט. דער מענטש קומט דאָ ניט אין באַטראַכט. אים האָט מען גערונגען זי צו באַדינען. ער מוז זי קעסיידער פונאַנדערשאַרן זי זאָל ניט איבערכאַפּן די מאָס, ניט שוואַרץ ווערן און גיין לעיִבעד. מען מוז זײַן פאָרזיכטיק, איבערשאַרן די שטענגלעך פון איין אָרט אַפן צווייטן, אַכטונג געבן, ניט געקוקט אָף דעם שטיקנדיקן און טשאַדענדיקן רויך, די דיקע בלעטלעך זאָלן ניט בלײַבן אָף איין אָרט. און אַזוי אָן אַ סאָף, בּאַ דער שײַן פון דער זון, פון דער לעוואָנע, ביז די גאַנצע זשערבאַ־פּראָדוקציע פון דעם זאַוואָד וועט דורכגיין די „באַרבאַקואַס". דעם ברענערס טעג רעכנט מען ניט ווי די טעג פון אַלע אַנדערע מענטשן. זיי פאַרענדיקן זיך

ניט ווען עס באוויַיזן זיך שטערן אין הימל און הייבן זיך ניט אן ווען עס ווערט ליכטיק אף דעם פאס ערד. דער ברענער איז שטענדיק וואך, שטענדיק גרייט און שטענדיק ארבעט ער. רו איז ניט פאר אים געמאכט געווארן, ווארעם קוים וויל ער צומאכן די מידע אויגן, נעמט די זשערבא זיך בונטעווען, פראטעסטירן, קנאקן טעמפ און צוברענען. דערמיט באשטראפט זי דעם ברענערס אומגעטריַישאפט. די זשערבא ווייס ניט פון ראכמאנעס. דעם ברענער דוכט זיך, אז זי ווארט נאר אף דעם מאמענט ער זאל זיך פארקוקן קעדיי זי זאל שנעל אפברענען. ווען ער כאפט זיך, איז שוין ניטא וואס צו מאכן. דער מענטש מוז אויסגעפינען דאס פארטל וויאזוי ניט איַינצושלאפן די גאנצע ציַיט פונעם זשערבא־ברענען. דערפאר אבער קען ער זיַין שטאלץ בא זיך. א זשערבא־ברענער איז ניט אן אבי ווער! יארנלאנג מוז ער די אויגן פאטערן, האבן א געניטע האנט און א נאך געניטערן כוש האריעד, אויב ער וויל זיַין א גוטער ברענער. אזוי ארום באקומט ער דעם זעלטענעם כוש, וואס גיט אים צו וויסן ווען די זשערבא איז גענוג פארברוינט, ווען מען דארף זי איבערקערן, אראפנעמען, ווידער פונאנדערשיטן, און אזוי טויזנטער און טויזנטער קילא. דעמאלט קוקט מען אף אים מיט דרעכערעץ און דער באלעבאס פאטשט אים אין פלייצע, און אזוי ווי ער פארדינט מער ווי באם ריַיסן, א סאך מער, קען ער זיך איַינקויפן פרויען און ניַיע שטיוול און אפילע זיַידענע העמדער און גיין אנגעטאן ווי א סרארע. עמעס, פאמעלעך און פאראקשנט פארקליַיבט זיך אים אין די קנעכלען און הייבט זיך פון דארט צו די היפטן און לענדן דער רעוומאטישער ווייטיק, וואס ער האט באקומען פון זינט ער האט גענומען ריַיטן אף דער קאטרע* איבער טאנען ווארעמער זשערבא. עמעס, פון שטענדיקן האלטן פאר די אויגן די זיַילן געדיכטן רויך, טרעטן זיי ניט אפ אפילע ווען מען ארבעט ניט אף דער „בארבאקוא". עמעס מען ווערט פלוצים בלינד, מען זעט ניט וו צו גיין, און . . .

אין לאנגע קעסיידערדיקע טעג ליגט אוים דער אלטער סינפאריאנא זיַין געקנייטשטע געניטקייט פאר ראמאנען. ווען ער איז יונג געווען האט ער גוט פארדינט און די באלעבאטים האבן אים געלאשטשעט. דעמאלט האט ער זיך געפילט „מיילעך" און פלעגט קוקן פון אויבן אראפ אף די ניט געניטע און צוקונפטלאזע באטראקעס. נאר אלץ וואס ער פלעגט פארדינען פלעגט ער אויסגעבן אין פאסאדאס אדער אין קראם אפן זאוואד גופע. זיַין פארדינסט פלעגט בא אים צווישן די פינגער אויסרינען. איצט, ווען ער איז שוין אלט און קראנק, פארשטייט ער שוין, אז ער איז געווען

---

* די פאדלאגע פונעם „בארבאקוא".

א קאַרבן פון א גוואַלדיקן שווינדל. מען האָט זײַנע יאָרן, זײַנע קויכעס, זײַן יונגנט אויסגעקוועטשט ווי א זאַפטיקן מאַראַנץ, איצט קען מען אים א ליאָדע טאָג אוועקוואַרפן ערגעץ אין א ווינקל, אַפן מיסט אַרויסוואַרפן. דאָס איז זײַן פיקס אידעע און ער רעדט דערפון קעסיידער בעיס ער דרייט זיך פלינק אום אינעם טשערעטענעם שטײַג.

ראַמאַן קוקט אָפט אַף דעם אַלטנס ווײַסע האָר־לאָקנס, וואָס פאַלן אים אַראָפּ איבער די שלייפן, איבער די קנייטשן, וואָס ציִען זיך ווי פאַר־אַקשנטע פּעדעמלעך אַרום די אָפּגעשוואַכטע און קימאַט שטענדיק פײַכ־טע אויגן און איבער די באַקן, אָדער ווי זיי לאָזן זיך אַרונטער פון ביידע זײַטן פאַרביטערטן מויל און גרייכן דעם אויסגעדאַרטן ביינערדיקן נאַקן.

— ווי דו קוקסט מיך אָן איז מיר ניט מער ווי פערציק...

דער קאַרענטינער דערשרעקט זיך ווען ער כאַפּט זיך, אַז ער האָט אַפן קאָל געפרעגט דאָס וואָס ער טראַכט. ער האָט גערעכנט וויניקסטנס זעכציק. נאָר ניין, ער איז קוים אין די רײַפע יאָרן און שוין באַרירן זײַנע ווײַסע האָר־שפּיצן דעם קיוועער, ווי די ווערבעס. אָט דאָס וואַרט אויך אַף אים. נאָך עטלעכע יאָר און ער וועט זײַן ווי דאָן סינפאָריאַנאָ, א וואַקל־דיקער און האַלב־בלינדער שאָטן און רופן וועט מען אים „דער אַלטער ראַמאַן". א פּלוצימדיקע אַנגסט באַפאַלט אים און ער הייבט אָן שנעל האַרודעווען מיט דער ווילע און וואַרפן איין בינט זשערבאַ נאָכן צווייטן אַפן „באַרבאַקואַ". פונעם „קאַטרע" גיט דער ברענער א געשריי צו אים:

— איפּאַראַמאַנטע, טשע קאַמפּאַניעראָ...*

טאָג ווי נאַכט עסן זיי, דרעמלען זיי און אַרבעטן אַף דעם זעלבן „באַרבאַקואַ" לעבן דעם זשערבאַ־וואַלד, דעם נאָענטסטן צו סאַנטאַ קרוסעס פּאַרוואַלטונגס־לאָקאַל. נאָר ראַמאַן האָט מער צײַט אַף אָפּרו ווי דער ברע־נער. איינמאָל האָט ער זיך נאָכגעגעבן דעם שלאָף און ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט נאָך א ווײַלע אומרויִקן שלאָף, האָט ער דערזען יענעם ווײַ־טער געלאָסן אַרבעטן, ווי א פּאַרמישפּעטער אַזוי דעם גאַנצן לעבן צו שטיין, א ניט געאײַלטער און שאַרן די זשערבאַ פון איין זײַט אַף דער־צווייטער ביז זי ווערט פּערפעקט אָפּגעסמאַליעט. ער מוז זיך אומבאַדינגט האַלטן בא דעם דאָזיקן געזעץ. וואָרעם די זשערבאַ קומט אָן אין די שטעט און די וואָס קויפן דעם מונטערנדיקן געטראַנק ווילן ער זאָל זײַן גוט. און זיי גייט ניט אָן צי דער מענטש, וואָס איז אַנגעשטעלט די זשער־באַ צו ברענען איז פאַרמאַטערט אָדער אויסגערוט, צי איז ער ווייך און

* גענוג, כאַווער.

אויסגעקװעטשט װי אַן אויסגעזויגענער מאַראַנץ אָדער ניט. דעריקער זי זאָל אַרויס גוט. װי דער מענטש קומט אַרויס גייט זי ניט אָן.

אַזוי איז דאָס געװעזן, זאָגן דעם אַלטן סינפּאַריאַנאָס ביטערע דערי־נערונגען. זאָל כאָלילע די זשערבאַ צוגעברענט װערן, אַזוי װעלן אַלע װערן צו אים האַרט און אומבויגזאַם. דער קאַפּאַטאַס װעט שרײַען, דער מאַ־זשאָרדאָם װעט מאַכן אין דער מאַמען דער זוינע, און דער פאַרװאַלטער אָדער באַלעבאָס װעלן אים טייקעף מעשאַלייעד זײַן. „דערפאַר האָט ער אים אַזוי גוט געצאָלט דעם לוי־יוצלעד?" װייי װי מען האָט געשריגן אַף דעם אָרעמען אַנאַסטאַסיאָן, דעם ברענער, װאָס מען האָט דאָ ניט לאַנג אָפּגעזאָגט דערפאַר װאָס אין פופצן יאָר צײַט האָט ער איינמאָל פאַרזען. עמעס, געװען איז ער שוין געקניטשט און ציטעריק. אַן ערד־קאָלירטער שאָטן. הײַנט זעט מען אים זיצן אַן אײַנגעקאָרטשעטן און בעטלען אַף דער שװעל פון די פּאַסאַדעסער טאַנץ־לאָקאַלן.

װען ער איז גאָר באַריידעװודיק גיט ער נאָך צו:

— גוט טוען זיי. מיר זײַנען די נאַראָנים, װײַל מיר קענען זיך ניט פאַרטיידיקן. מען נאַרט אונדז גרינג אָפּ װי די קינדער... נאָר װען אי־בין איצט אַזוי יונג װי דו, װען איך זאָל איצט קענען אָפּסנײַ אָנהייבן...

עס דוכט זיך װי דאָס פײַער, װאָס פלאַמט קעסיידער אונטערן „באַר־באַקוא" און ברענט די זשערבאַ װאָלט דעם אַלטן אויסגעלײַען עטלעכע פונקען. נאָר דאָס איז בלויז אַף אַ רעגע. דער אַלטער נאָך מעכטיקער אָרעם מישט װײַטער אינעם גרינעם זומפּ. דער שטענדיקער געדיכטער רויך פאַר־שלינגט זײַנע װערטער.

עס איז שוין נאַכט. אַלע אַנדערע שלאָפן שוין אין זייערע שטרויענע אָדער פּאַלמען־שטיבלעך, צעשפּרייטע איבערן אַרום. מען שלאָפט מיש־פּאָכעס־װײַז אָדער גרופּעס־װײַז מענער און איינע אַליין. די צװײַגן פון דער אַלייע װיגן זיך און װיגן װי אַף אַ הוידלקע דעם אָטעם פון די אײַנ־געשלאָפענע, ביז דעם נאַקעטן פּלאַץ, װוּ די צװיי מענטשן באַװעגן זיך אָן אויפהער, װי פאַרמישפּעטע, אינעם עלנטן שפּײַכלער פונעם „באַר־באַקוא".

— װען איך װאָלט קענען אָנהייבן אָפּסנײַ...

נאָר ניט די זשערבאַ, ניט דער מענטש קענען אָנהייבן אָפּסנײַ. איין אָנהייב נאָר איז פאַראַן באַ ביידן. דער אַלטער סינפּאַריאַנאָ װייס דאָס גאַנץ גוט. ער װאָרטשעט דערום װען ער גייט אום װי אַ באַלעבאַט שטיק האָלץ אין דעם קאַנאַקנדיקן טאָפּ, דעם „באַרבאַקוא".

# XXIV

מען גייט אהיים פונעם וואלד. אמעליא האט שוין געהאט אפגעגעבן איר ארעמען בינט זשערבא, וואס האט אפילע קיין דריי קארעץ ניט געוווינגן. עס ווילט זיך איר וואס גיכער זיין בא זיך אין ראנטשא, נאר זי איז פארמאטערט און שפאנט פאמעלעך. אויך די אנדערע פרויען איילן זיך ניט. עס שאפט זיך א מעשונעדיקער גרויליקער קאראוואן. פארוועלקטע ווייבער, יינגלעך מיט רייפע און ערנסטע פענעמער און מענער, וואס זעען אויס ווי די זקיינים. עס גייט איסידארא מיט די גרויסע גוליעס, א דארע און א הויכע, ווי זי וואלט מיט איר הייך געשיצט אירע זעקס קינדער, צווישן וועלכע זי גייט, אלע אזעלכע קרענקלעכע ווי איר פון הינטן נאכגייענדיקער מאן. זי איז די איינציקע „כאסענע” געהאטע פרוי אין די אלטע ראנטשאס. ווייטער גייען אלע דריי אין איין ריי ניקאלאסא, ראסא און קאנסועלא, גאסן־פרויען ווי אמעליא. קאנסועלא איז א! אויסגעדינטע אין דעם פאך. זי איז שוין אויסגעוועזן אלע באָרדעלן פון פאראנא און ריא גראנדע דא סול און איז שטופנווייז אראפ פון איין קאטעגאריע צו דער צווייטער. אף לעצט האט זי געפויעלט בא זיך קומען אהער מיט דעם זשערבא־רייסער נוניעז, קעדיי ניט צו שטארבן פון הונגער. נאר איצט האט זי שוין כאראטע.

— איין יאר דארטן האט די ווערט צען היגע... — זאגט זי מיט ביטל אין איר פארטא־אלעגרער הינטערוועלט־לאשן, וואס איז געמישט מיט גוואראני און שפאניש.

די אנדערע זיינען פון פאסאדאס און ענקארנאסיאן. נאר זיי זיינען שוין געוווינט צו דעם ניט פריילעכן לעבן ארום די זשערבא־זאוואדן. געקומען זיינען זיי אפן אייבערשטן פאראנא מיט עמעצן, מיט א מענסו, דערנאך זיינען זיי צוריק אוועק צו באכאדא וויעכא זיך אומשלעפן איבער די גאסן אדער איבער די טאנץ־לאקאלן, ביז זיי האבן זיך פארבונדן מיט א צווייטן און געקוקט אף דעם בייט מיט א געוויסער גלייכגילטיקייט. זיי זיינען שוין מיד. אמאל זיינען זיי געווען שיין, אלנפאלס פריש. אמאל פלעגן מענער זיי איינרוימען אינעם אויער אומפארגעסלעכע און פונעם זינען ארויספירנדיקע ווערטער. נאר דאס איז גיך פאריבער. שוין לאנג ווי עס איז זיי שוין שווער זיך צו דערמאנען די נעמען פון יענע מענער, די ערשטע, די עמעסע. דערנאך זיינען געקומען די אנאנימע מענסום, קימאט אלע שיקורים, מיינסטנס שלעגער, וואס מען מוז זיי נארן אף ארויסצוציען בא זיי די פאר פעזעס, וואס זיי ברענגען מיט זיך פון די געהילץ־זאוואדן און ווילדע זשערבא־וועלדער. און צום לעצט, אט די אומעטיקע טעג אר־

בעט, וואָס ענדערן זיך בלויז צום ע׳ געדן. דאָ לאָזן זיי גיין דאָס לעבן ווי עס גייט און באַמיִען זיך דאָס צו ענדערן מיט קליינקייטן; אַ פּאָר שיך אַנשטאָט אַלפּאַרגאַטן וואָלט געווען אַ גרויס געשעעניש. עפּעס אַנדערש גייט זיי ווייניק וואָס אָן. זיי פאַרלאַנגען נאָר מען זאָל זיי לאָזן רוען, האָבן ציגאַרעטן קעסיידער צו פּיפּקען, גוט זיך אויסצולויזן, מאַטע טרינקען און רעכילעס טרײַבן. וויניקסטנס אָבער האָט יעדע איינע פון זיי איר מאַן און זיי שטעלן מיט זיך פאָר דערום אַ העכערן שטאַפּל קעגן־איבער אַנדערע, וואָס אַרבעטן ביז אַוועקפאַלן אין אַזשיקאָס באַרדעל. דאָ זעט איר זיי שפּאַנען גלײַך מיט אַלעמען און שפּאַסן גראָב מיט די שמײַסער־יונגען.

— שלעכט געשניטן, זאָגט ער... אַ סאַך האָלץ... און רעכנט אונדז ווידער אַראָפּ עטלעכע קילאָ. מאַזשאָרדאָם גאַנעוו!

איסידאָראָ דרייט זיך דערבײַ אום און דראָעט עמעצן, אַ ניט־געזעענעם, מיט דער פויסט.

אַמעליאַ שפּאַנט לעבן איר און באַוווּנדערט זי. זי איז דאַר אָבער שטײַף. איר ענערגיע מערקט זיך אינעם פעסטן פעלדל באָם מויל, אין אירע מאַמע־אויגן, וואָס זײַנען דאָך געווינט צו קוקן דעם אומגליק גלײַך אין פּאָנעם און אומגעוואַקלט. זי האָט זיך אַמאָל פאַרליבט ביז איבער די אויערן — קיינער ווייס ניט פאַרוואָס — אין אָט דעם ווילן נאָר אומגליקלעכן אַוורעליאַנאָ. אַזוי האָט זי געהאַט מיט אים זעקס קינדער, אַלע אין אים געראָטן, אַזוינע מיִעסע און שלאַבעריקע ווי ער. די קינדער אַרבעטן, זיי העלפן אַרויס טאַטע־מאַמע. איינער קלײַבט אויף די בלעטלעך, אַ צווייטער ברעכט די יונגע שטענגלעך אָדער ער היט אָפּ דעם בינט. דאָך דעקן זיי ניט די הוצאָע.

— זיי עסן וואָס אַמאָל ווייניקער. — זאָגט איסידאָראָ. — נאָר עס העלפט ניט. שווער אויסצוקומען...

— זי מוז שוין אינגאַנצן ניט עסן. — טראַכט זיך אַמעליאַ. — זי איז אַזוי דאַר, אַז די ביינער דוכט זיך וועלן איר אַ ליאַדע מינוט אַרויסקריכן פון דער הויט, וואָס האַלט זיי צוזאַמען, און וועלן נעמען גיין אַליין. אַ הוילער סקעלעט. די שפּיציקע ביינער שפּאַרן איר פון אומעטום, פון דער דינער הויט, פון די באַקן, פונעם רוקן, פון די אַקסלען, מען זעט באַ איר די ריפּן שטאַרצן פון אונטערן דינעם אויסגעריבענעם קאָפּטל. אַ יאָמערלעכן אײַנדרוק מאַכט זי ווען מען טוט אָף איר אַ קוק. נאָר דער אײַנדרוק פאַרשווינדט ווי נאָר מען שטויסט זיך אָן אָף דעם מעכטיקן לעבן, וואָס שפּאַרט פון אירע אויגן, פון איר פאַראַקשנטן מויל, און מען דערשפּירט די אינערלעכע וויבראַציע וואָס גיט איר דעם קויעך, נאָך אַ טאָג

אַרבעט אין וואַלד, דורכצושפּאַנען די דרײַ קילאָמעטער וועג ביז איר ראַנטשאָ און דערנאָך ערשט גרייטן דאָס עסן, באַדינען די קינדער, זאָרגן פאַר די קראַנקע, וואָס ליגן פאַרלאָזטע אין דער אומגעגנט, מונטערן די שוואַכע און, מיט אַזאַ רויִקער און טיפער אַקשאָנעם זיך אַקעגנשטעלן דאָס צושטיין פון די מאַזשאַרדאָמען און קאַפּאַס, אַז זיי ווערן דערפון אַפּהענטיק.

— אַ שטיק מאַמע איז זי יעדן איינעם. — כאַראַקטעריזירט זי אַמעליאַ און עס פאַלט איר טייקעף אײַן זיך ווענדן צו איר נאָך אַן אייצע. די מענטשן שפּאַנען פאַרבײַ און שאַרן ווי געוויינלעך מיט די פיס. איסידאָראַ הערט זי אויס און רײַסט איר בלויז איבער מיט עטלעכע נייטיקע פראַגעס.

— וואָס־זשע האָט דיר די פּאַסערזשעראַ * געזאָגט?

— זי האָט געזאָגט איך זאָל אַרײַנלייגן אין אַ זעקעלע עטלעכע האָר פון דעם ראַמאָנען, אַ שטיקל מאַגנעט און וואַקס. איך האָב עס באַהאַלטן, ווי זי האָט מיר אָנגעזאָגט, אונטער דער שוועל בײַ אים אינעם ראַנטשאָ. נאָר שוין אַ וואָך דערין און ער קומט ניט.

— ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגן? מיט קישעף וועסטו גאָרניט פּויעלן.

— וואָס רעדסטו? מענטשן זײַנען דערין אַזוי פאַרגלייבט.

— צו וואָס טויגן די אַלע קונצן? גיי אַליין...

אַזוי שמועסנדיק, בלײַבן זיי פון הינטן. אַריבער איז זיי דאָן פּרעטאָ, אַ צעשמייכלטער ווי שטענדיק, מיט זײַנע ברייטע בגדים; אַריבער איז קאַסערעס און גומערסינדאָ מיט זײַנע מוטנע אויגן און מיט דער פאַרמאַטערטקייט, וואָס שלעפּט זיך אים נאָך, דוכט זיך, נאָך פון קינדווײַז: עס גייט פאַרבײַ פּריִאַס מיט זײַן אַפּשוילעכן פּאָנעם. זי וויל אָוועקקוקן, נאָר עס איז שוין צו שפּעט. דאָס פּאָנעם זײַנס איז איין שטיק רויפלייש. די צעיאַטערטע פרישטשעס האָבן זיך צעוואַקסן און אויפגעפרעסן איין שטיק הויט נאָכן צווייטן, די נאָז פאַרכאַפּט, איצט שוין אינגאַנצן אַ צעפרעסענע. בײַ די באַקן האָט די וווּנד זיך גענומען פאַרהיילן און אויף דעם אָרט איז געוואָרן אַ פליאַמע ווי אַ גרויסער שטערן מיט עקן. זי ווייס פון וואָס דאָס נעמט זיך. דאָס איז איינע פון די שרעקלעכסטע קראַנקייטן אין דער גואַיִראַ־געגנט. איינע פון די אַלערליי מאַקעס, וואָס פּלאָגן די מענטשן. די עקזעמאַ פון די זשערבאַ־וועלדער. אַ טיפער איבל שווידערט זי אויף.

---

* קישעפמאַכערן. פון פּאַסע — ליבע־קישעף.

אַז ווערטער גיט זי אַ דריק די האַנט פון דער ענערגישער און מוטי־קער פרוי און פאַרנעמט זיך אַף אַ זײַטיקן שטעגל צו איר ראַנטשאָ. די ביינער ברעכן איר. זיי ווילן מער ניט דולדן. די הענט זײַנען שלאַבעריק, אַז קויכעס, אַראָפּגעהאָנגען. אויך די פיס פאָדערן רו. זי וואָלט זיך איצט מיט פאַרגעניגן אין שער־בעטל אַרײַנגעוואָרפן, די אויגן פאַרמאַכט און פאַרגעסן וואָס אַרום איר טוט זיך. נאָר פונקט רופט מען זי אין דער פאַרוואַלטונג דערלײדיקן דעם איניען פון איר גאַלאַרסאַ, וואָס איז צוריק מיט אַ כוידעש געשטאָרבן. זי דאַרף נאָך אויך אויסוואַשן אירע וועש און דעם פאַרשטאָרבענעמס אויספאַרריכטן. זי הייבט זיך אויף, עפנט אַ קליי־נעם קופערט און מאַכט אַ היפּשן בינט וועש. זי לאָזט זיך דערמיט גיין גלײַך צום טײַכל. די זון לאָזט זיך שנעל אַרונטער און אויס נעקאָמע, ווײַזט אויס, פאַר איר געצוואונגענעם אָפּגיין, צינדט זי אָן הונדערטער ביי־מער און ציט אַ פײַער־צוים אַרום די גואַזשיביראַס און צעדערן, אינגאַס, פּעטעריבים און לאָרבער־ביימער. מיט דעם ברייטן וועג איז נענטער צו־צוקומען צום טײַכל, נאָר זי גייט בעסער מיט דעם שטעגל, וואָס פירט צו אַ פאַרוואָרפענעם באַקוועמען אָרט. לעבן דעם גרויסן שוואַרצן שטיין וואַשט זי אויס דאָס וועש קאָלזמאַן דאָס קרישטאָל־ריינע וואַסער איז פאַר־כאַפּט פון דער זון־סרייפע. באַלד דערויף נעמט אַ בלייכע פינצטערניש אַרום דעם וואַלד, דעם הימל און דאָס וואַסער. די לעצטע טאָג־באַבעלעך פלאַטערן אום ווי צעטומלטע. אַ קאַבורעי* האָט זיך אָוועקגעשטעלט אַף אַ נידעריקן צווײַג פונקט אַקעגן איר. ס'איז אַ גוטער סימען און גיט איר צו מוט. זי טוט אַ שמייכל צום פויגל און ער דרייט זיך עטלעכע מאָל אום אַרום איר קאָפּ און פליט אַוועק. זי לאָזט זיך אויך אַהיימגיין. מיטן קאָפּ אַראָפּגעלאָזט שפּאַנט זי און היט זיך קינדעריש ניט צו טרעטן אַף די בלעטלעך, אַ גרינגע און קימאַט אַ גליקלעכע.

ערשט ווען זי איז שוין 20 מעטער נאָענט פון איר ראַנטשאָ, הייבט זי אויף די אויגן. אומגעטראַכט נעמט זי צוריקטרעטן, פאַלט איבער אַ קלאָץ און דערפילט אַ שאַרפן ווייטיק אינעם רעכטן קנעכל. נאָר זי הערט זיך קימאַט ניט צו צום ווייטיק. זי דערזעט פאַלייראָן און זי ווערט פול מיט אַנגסט. ער וואַרט זי אָפּ לעבן די קוסטעס פומאָ בראַוואָ, וואָס וואַקסן אַרום איר וווינונג. נאָך אַף דער ערד ליגנדיק פילט זי איר האַרץ קלאַפּן ווי דאָס צעשטורעמטע וואַסער אינעם טײַך, נאָר ער באַמערקט זי ניט. ווען זי איז שוין זיכער, אַז דאָס איז ער, נעמט זי אים נאָכשפּיאָנירן, אַ גע־שיצטע מיט דעם געדיכטן ווילדגראָז. ער שטייט דאָרט אַ געשטרעקטער,

* אַ קליין סאָוועלע.

אַ שווערער, אַ ניט אויסמיידלעכער און רייכערט מיט אַ געוויסער אומגעדולד. ער האָט אַוואַדע אויסגערעכנט די צייט ווען זי וועט אַהיימקומען פונעם וואַלד און איז געקומען נאָך איר. זי איז ניט גענאַרט דערין וואָס איר דערוואַרט. אָדער זי וועט זיך מוזן אַ פּאָר וואָכן אויסוואַלגערן אַף די שער־בעטלעך מיט יעדן איינעם פון די קאַפּאַטאַסן נאָכדעם ווי פּאַליירא וועט זי אַוועקוואַרפן, אָדער זי וועט אים באַלד דערעסן און ער וועט זי גלייך אַוועקשיקן אין באָרדעל. זי ציטערט אויף ווען זי דערמאָנט זיך אָן דעם בלאָנדנס מעטאָדן. די באַגעגעניש מיט אים אין דער נאַכט פון די טענץ אינעם האַפן איז געווען דאָס ערגסטע אַפילע פאַר איר לאַנגער געניטקייט אַלס גאַסן־פרוי. אינסטינקטיוו שיצט זי זיך פון אים און שפּאַנירט אים ווייטער נאָך פון צווישן די קוסטעס. פּאַליירא הערט ניט אויף נערוועז אומשפּאַצירן. דערנאָך וואַרפט ער אַוועק פון זיך דעם רעשט ציגאַר און לאָזט זיך גיין אין דער פאַרקערטער ריכטונג פונעם טייכל. אַמעליאַ טראַכט זיך, אַז ער גייט פרעגן אַף איר צו די ראַנטשאָס פון די שמייסער־יונגען.

פונקט דעמאָלט דערזעט אים ראַמאָן. ער וויל שוין צוריקגיין. ער טראַכט זיך, אַז יענער האָט זיך געפעדערט. ער איז ניט געקומען באַצייטנס... נאָר זיין אייגנליבע איז שטאַרקער. אויב זי איז אַזאַ וואָס גיט זיך אַף פּאַליירא, קען זי יעדער איינער באַקומען אָן שום זאָרג. ער מיידט אויס דעם בלאָנדן קאַפּאַ און לאָזט זיך גיין צום פינצטערן ראַנטשאָ. אים דוכט זיך, אַז אַן אורוקורעאַ * ציסקעט צו אים, נאָר ער זעט זי ניט. דאָס ציסקען ווערט, פונדעסטוועגן, אַלץ צודרינגלעכער. אַ מאָדנע זאַך. ער טרעט אַף פונעם וועג און לאָזט זיך גיין אַהין פון וואַנען עס הערט זיך דאָס ציסקען. ער דערזעט אַ שטיק העל קליידל זיך באַוועגן הינטער אַ ווייַרעד־בוים. ער לויפט צו, נעמט פונאַנדער די קוסטעס, און זיין אומצוטרוי איז שוין אויסגעברענט. ער דערזעט אַמעליען, אַ קליינע, אַ שוואַכע, אַ ציטערדיקע. ווי שטאַרק אָבער זי איז אין ליבע, ווי שטייף די ליפּן אירע, וואָס טרעטן ניט אָפּ פאַר זיין צודרינגלעכן מויל, ווי בייגעוודיק איר גוף איז, אירע געניטע היפטן, אירע קענעוודיקע הענט! אַ ווילדער געווירבל פון לאַסקעס און יעכצן. די פייגל צעפליען זיך און לאָזן זיי אַליין, נאָר דער וואַלד קוקט זיך צו אַ צופרידענער און הוקעט צו מיט דעם בלעטער־געוויש פון זיינע ביימער, ווי ער וואָלט צוגעשטימט, ווי אויך ער וואָלט גענאָסן. אַ פאַרשטענדיקע מוטער איז זי, די ווילדעניש.

---

* אַ סאָווע.

אַליץ פּאַסירט אַזוי שנעל, אַז זיי באַוואַרנען ניט אַפּצורייניקן פון דער־נער און שטיינער דאָס צופעליקע געלעגער. זי פילט זייער לעצטיקע באַ־רירונג אויף נאַקעטן לײַב. ראַמאָן נעמט זיי אַוועקשאַרן מיט זײַנע ברייטע הענט און מאַכט אַ פריש און באַקוועם געלעגער פון טרוקענע פינדאַ־בליע־טער. גליקלעך מיד זײַנען זיי, די ברוינע גלידער אַפּגעשוואַכט צעוואָרפענע אין דער געשמאַקער פלאַנצן־קילקייט, די אויגן אײַנגעפּלאָנטערט אין די אָראַפּהענגענדיקע ליאַנעס, אין די גרויסע בייגעוודיקע פעדער־גראָזן אָדער אינעם סטעלניק פון די זשאַטעי־בינעלעך אויף אַ נאָענטן בוים. נאָר די נאַכט פאַרשפּרייט שוין אַנטשיידן אירע נעצן און אַליץ, ביימער און פייגל, וואַלקנס און מענטשן, זײַנען שוין פאַרכאַפּט פון דער אָקשנטע יעגערן. אַמעליע שיקט איר מאַנצביל אַ דאַנקבאַרן בליק. גאַלאַרסאַ איז דאָך שוין געווען שוואַך און דערשעפּט פון די טויזנטער אַרבעטס־טעג אינעם וואַלד, נאָך איידער דער טויטנדיקער פיבער האָט אים געפּאַקט. ער פלעגט באַלד אײַנשלאָפן. אַמעליעס לײַב פלעגט בלײַבן דורשטיק און אַנטוישט און זי פלעגט זײַן נערוועז און אויפגערעגט, און ניט קענען אײַנשלאָפן ביז פאַר־טאָג. מיט דער האַנט טרײַבט זי איצט דעם קאַשמאַר פון זיך און זייערע בליקן באַגעגענען זיך ווידער, ניט געאײַלט, ווי זיי וואָלטן זיך ערשט איצט פאַרזיכטיק באַקענט איינער מיט דעם צווייטן.

זיי האָבן נאָך צווישן זיך קיין האַלב מויל וווערטער ניט געהאַט פאַר־ביטן. און קיין סאַך מער האָבן זיי צווישן זיך ניט אויסגערעדט פון זינט זיי האָבן זיך געזען צום ערשטן מאָל. קיין ווערטער זײַנען אויך ניט נייטיק. ער דרייט אום דעם קאָפּ און זאָגט:

— פינצטער די נאַכט, עה...

אַ פויזע. אַביסל ווײַטער גלאַנצן די אויגן פון אַ וואַלד־ענטל.

— יאָ, ס׳איז פינצטער.

ווידער דערהערן זיך טריט אויפן וועג. זיי קוקן זיך אײַן. פאַליירא דרייט זיך ווידער אום אַרום דעם ראַנטשאָ. ער זעט די פרוי איז נימאָ, שרײַט ער:

— טשע... אַמעל... ליאַ!...

זי דריקט זיך צו, אַ דערציטערטע, צו ראַמאָנען. ער קושט זי שטיל אין קאָפּ, אין האַלדז, אין די באַוועגטע בריסטן, און לייגט זי פּאַמעלעך אויס איבער דעם פּאַלמען־געלעגער. זיי פאַלן אַוועק ווי צוויי שאָטנס און גיסן זיך צונויף אין איין איינציקן שאָטן.

— אַמעעע... ליאַאַאַ!! טשע קאַ!!...*

* איך בין עס.

די צעקנייטשטע גראָזן גיבן זיך אונטער מיט זייער פאַרשיקערנדיקן רייעך. די רויטע ערד שיקט זיי אַ ניט מאָמאָשעסדיקע זאַפט, וואָס גיט אַריַין נײַע קויכעס זייער נײַעם פאַרלאַנג.

— אַ... מעעע!!!...

דאָס טופּען פון די טריט הערט זיך שוין וויַיט. אויך די געשרייען ווערן איַינגעשטילט. איינציַיטיק דערמיט לאָזט זי פאַלן איר קאָפּ. אַן אָפּגעשוואַכטע. איצט איז זי מיט אַן עמעס דערשעפּט. די אויגן פאַרמאַכן זיך איר און אַלץ ווערט שאָטן. אַרום זיי און אין זיי. אומגעשטערט פון קיינעם הערשט די נאַכט.

# די דעראָבערונג

„אינאײנעם מיט נאָך זעקס מענטשן איז דוטראַ צוגעקומען צו מײַדאַנאַס לאַגער. זײַנע מענטשן האָט ער געלאָזט פֿאַרשטעקט הינטערן װאַלד און האָט זײ באַפֿוילן, אַז װי נאָר זײ װעלן דערהערן אַ שאָס, זאָלן זײ זיך אַלע זעקס װאַרפֿן אין אַטאַק אַף דער אינדיאַנער־מאַכנע, װאָס איז באַשטאַנען פֿון 46 מענטשן גוט באַװאָפֿנטע מיט פֿײַלן. װען דוטראַ האָט זיך אָנגעטראָפֿן מיט מײַדאַנאַן אין װאַלד, איז צװישן זײ פֿאָרגעקומען אָט דער שמועס: „פֿאַרװאָס מײַדט איר אונדז אױס, דו מיט דײַניקע?" — „װײַל איר קומט אונדז זיכער שלעכטס טאָן". — „נײן, פֿאַרקערט, מיר קומען מיט אַ גוטן מײן" — „אױב אַזױ, װאַרף אַװעק דײַן ביקס אַף דער ערד און מאַך ניט קײן אײן טריט פֿאָרױס". — „װאַרפֿט אױך איר אַװעק אײַער געװער און אײַערע פֿײַלן". — „אָפּגעמאַכט".

„דוטראַ האָט אַװעקגעװאָרפֿן זײַן ביקס נאָך דער אינדיאַנער מײַדאַנאַ האָט זײַן בױגן ניט אַװעקגעװאָרפֿן. די לאַגע איז פֿאַרשאַרפֿט געװאָרן.

„— דו האָסט נאָך דײַן געװער" — האָט דער אינדיאַנער אָנגעװיזן אַף דוטראַס װאַלד־מעסער. — „דאָס איז ניט קײן געװער, עס איז ניט צום שלאָגן זיך; ס'איז אַ זײער נײטיק געצײַג אַף צו מאַכן אַ װעג אין װאַלד, צװײַגן אָפּצוהאַקן און זיך שיצן מיט אים קעגן די כאַיעס".

„די אינדיאַנער האָבן זיך געלאָזט איבעררײדן און האָבן אַװעקגעװאָרפֿן זײערע פֿײַלנבױגנס. דעמאָלט האָט דוטראַ זײ געראָטן זײ זאָלן אַרױס פֿונעם װאַלד און אַװעקװאַרפֿן זײער װאַנדער־לעבן, װאָס איז פֿול מיט מאַטער און זיך אָפּגעבן מיט נוצלעכער אַרבעט. ער האָט זײ צוגעזאָגט געבן געצײַג און אַנדערע זאַכן און האָט זײ געבן צו פֿאַרשטײן, אַז זײ דאַרפֿן לאָזן די קריסטן אױסהאַקן װעגן אַף צוצוקומען צו די זשערבאַ־בײמער, װאָס דאָס װעט זײַן פֿון זײער אײגענעם נוצן װעגן. די רײד פֿון מאָראַעס דוטראַ האָבן געהאַט אַ גרױסע פֿעולע. די אינדיאַנער האָבן זיך אונטערגעגעבן..."

„פֿרײַ געװאָרן איז זײַט דעמאָלט די געגנט אַרום אײבערשטן פּאַראַנאַ, פֿון קאָרפּוס ביז איגואַסו. ערשט דעמאָלט האָבן די זשערבאַ־רײַסער באַװיזן זיך אײַנצואָרדענען אַף דעם אַרגענטינישן ברעג. פֿרײַ פֿון דער מוירע מען זאָל זײ איבערפֿאַלן..."

פֿון אַ כראָניק.

**די „קאַינגואַ"־אינדיאַנער זײַנען געװען װילדע, אומװיסנדיקע און בעטעװע גוטהאַרציקע מענטשן. זײ פֿלעגן טראָגן אַ קורצן פֿאַרטעכל אַף די לענדן און די אונטערשטע ליפּ איז בײַ זײ געװען גע־**

לעכערט, מיט אַ גרויס רונדיק בורשטינען קלעצל אָנגעהאָנגען. די זשערבאַ־אונטערנעמער האָבן זיי געשענקט גענוצטע אייראָפּעיִשע בגאָדים און האָבן פון זיי געמאַכט טרויעריקע פאַרמאַטערטע שקלאַפן. די „טופּים" האָבן דורכגעמאַכט דעם זעלביקן וועג.

אין דער געגנט אַרום סאַן־פּעדראָ זײַנען זיי געהאַט געקומען צוליב די שלאַנקע סאַסנעס, וואָס זייערע שישקעס פלעגן זיי עסן, געבראָטענע ווי קאַשטאַנען, אָן שום מי, עטלעכע כאָדאָשים אין יאָר. געווען אַ צײַט, ווען זיי האָבן געהאַט פאַרנומען די גאַנצע טערי־טאָריע מיסיאָנעס, פון קאָרפּוס ביז איגואַסו. אָבער אויך דאָרט זײַ־נען געווען נאַטירלעכע זשערבאַ־וועלדער. דאָס האָט זיי אומגע־בראַכט. מען האָט זיי אָנגעדונגען צו דער אַרבעט פאַר אַ נישטיקן לוין. געווען זײַנען זיי גוטע שוואַרצאַרבעטער, פעיִקע און אַרבעט־זאַמע; זייערע ווײַבער האָרעפּאַשנע און געהאָרכזאַמע. זיי האָבן מער קיין צײַט ניט געהאַט אָפּ קלײַבן די געשמאַקע שישקעס און זיי פּאַמעלעך בראָטן אַפן פײַער. די שווערע אַרבעט האָט זיי די ביינער צעבראָכן, האָט זיי נאַכט נאָך נאַכט אַוועקגעשלײַדערט פאַר־מאַטערטע אָפּ די געלעגערס. אַ סך האָבן זיך צעבונטעוועט און זײַנען אַנטלאָפן; טייל האָט מען געכאַפּט און געשאָסן; די איבע־ריקע האָבן זיך אונטערגעגעבן דעם גוירל. קימאַט אַלע זײַנען זיי שווינדזיכטיק געוואָרן. גאַר גיך איז פון די דאָזיקע שוואַטים קיי'ן זייכער ניט געבליבן.

געמוזט האָט מען דעמאָלט אָנקומען צו די יונגע פּאַראַגווײַער, צו די אַרבעטער פון די בראַזיליאַנער „פאַזענדאַס" און צו די מי־סיאָנעסער יִינגלעך. נאָר פון אָנהייב האָט דער אוילעם מוירע גע־האַט פאַר דער זשערבאַ און איר שלעכטן נאָמען. צוגעטראָטן זײַנען נאָר די גליקן־זוכער, מענטשן וואָס האָבן געהאַט הינטער זיך אַ מאָרד אָדער אַ גנייווע, אַזעלכע וואָס האָבן זיך אַפן יִישעוו געפילט אומ־באַקוועם. און די ווילדעניש דעקט אַלצדינג צו... דערנאָך זײַנען שוין צוגעטראָטן אַנדערע, מיטן אייגענעם ווילן אָדער געצוווּנגענע דערצו. דער אוילעם אָפּ די זשערבאַ־רײַסערײַען איז געווען אַ נאָמאַ־דישער, האָט זיך קעסיידער געביטן. די רעקרוטירער פלעגן ניט אי־בערקלײַבן, מען האָט זיך געניטיקט, זײַנען זיי אַוועק און האָבן צונויפגעבראַכט אַזאַ און אַזאַ צאָל שטיקלעך פּי. מענטשלעכן פּי, אָבער סאָפקאָלסאָף פּי. די קאַפּאַטאַסן פלעגט מען דערום רופן „רע־פונטאַדאָרעס".* דער אימפּעט פון דעראָבערן דאָס גרינגע גאָלד

* פּי־אויפזאַמלער.

טאָר אַף אַ מינוט ניט אָפּגעשוואַכט ווערן. ער מוז האָבן אַלץ נײַע מענטשן, אַלץ נײַ בלוט, אַלץ נײַע ביינער צו נערן מיט זיי דעם אומאױפהערלעכן פינצטערן שטראָם: פעלן אוים מענטשן אין פּאָ־סאַדאַס אָדער אין ענקאַרנאַסיאָן, צי אין פּאָס דאָ איגואַסו, מוז מען זיי ברענגען פון די ווײַטערע בראַזיליאַנישע שטאַטן אָדער פון סאַ־מע האַרץ פונעם מילדן און געפּײַניקטן פּאַראַגווײַ, פון קאָריענטעס און אַפילע פון ענטרע ריאָס. די „פּיאָנערן" זײַנען געוואָרן אומדער־זעטיקטע, זשעדנע און אָנראַכמאָנעסדיקע פאַבריקאַנטן. דאָס איז די גרעסטע בלוט־אָרגיע, וואָס דער אייבערשטער פּאַראַנאַ האָט ווען געזען. דאָס איז דער ווירבל־ווינט פון עלנט און גײַציקייט. דאָס איז דער ניצאָכן פון די געוויסנלאָזע אַוואַנטוריסטן און פון זייערע שרעק־לעכע אַפּעטיטן. קורץ, דאָס איז די הערשאַפט פון דער זשערבאַ־מאַטע.

# XXV

די זון פֿאַלט ווי אַ ברענענדיקער רעגן איבער דעם הײַפֿל ראַנטשאָס, אין דער שטילער דרעמלדיקער רו פֿונעם זונטיקדיקן טאָג. קיינער איז אין דעם פֿרימאָרגן ניט אַרויס אין זשערבאַ־וואַלד. מען האָט זיי נאָר געשיקט פֿאַריכטן די וועגענער, אויסשײַערן דאָס געצײַג, פֿאַרגלײַכן דעם וועג, וואָס פֿירט צו דער פֿאַרוואַלטונג און די לעצטע רעגנס האָבן אַף אים גריבער אויסגעשווענקט. און איצט רוט מען, אַף די שער־בעטלעך אויסגעצויגן, אינעם שיצנדיקן האַלב־טונקל פֿון די ראַנטשאָס, מיט פֿאַלמען־בלעטער צוגעדעקטע. אַנדערע ליגן אינדרויסן, אינעם שאָטן פֿון שוואַרצן לאָרבער און מאַריִאַ פֿרעטאַ־קוסטעס, וואַרפֿן זיך איבער מיט קורצע פֿראַזן, צווישן לאַנגע פּויזעס, פֿול מיט דראָענדיקן געזשום פֿון אַלערלײַ פֿליגעלעך.

— אויב עס זאָל ווײַטער רעגענען, זײַנען מיר אַף צאָרעס...

— נו, יאָ...

— נעכטן האָבן מיר קימאַט גאָרניט געשניטן...

מען האָט דעם אײַנדרוק ווי פֿון אַ לאַגער מיט גויסעסע מענטשן. מען זעט אויסגעצויגענע לאַנגע גלידער, פֿאַרוואָרפֿענע קעפּ, אויגן געשלאָסענע אָדער שטאַר קוקנדיקע אַרויף צום הימל; און די ווערטער ציִען זיך ווי סלימאַקעס איבער דער גלײַכגילטיקייט פֿון די אָפּגעצערטע מענטשן.

— דעם עמעסן שרעק געהאַט, הײַנט אינדערפֿרי...

— וואָס איז געשען?

— אַ מוירעדיקע גרויסע גיפֿטיקע שלאַנג, אין סאַמע מיטן וועג...

בלויז די מבאַריגי־פֿליגעלעך פֿילן זיך ניט אָנגעשטעקט פֿון דעם נאָכמיטאָגדיקן דרעמל. אַ געדיכטע מאַסע זייערע פֿליט און הויערט איבער זייערע קאָרבאָנעס, מערקן זיך אָן די פֿאַרציקונג. זעצן זיך אַף די ברייטע רוענדיקע הענט, בײַסן זיך אײַן איִן די באַקן און אין די האַנט־געלענקן און אַפֿילע אין די קנעכלען, אויסצוזויגן דאָס ביסל בלוט וואָס איז נאָך פֿאַרבליבן בײַ די פֿאַרגעלטע מענטשן.

— ...אַזוי דיק װי מײַן אָרעם איז זי געװען...
— בייזע שלענג... האָסט זי דערהאַרגעט?
— נו, יאָ...

דער ענטפער װערט צעגאַנגען אין אַ הילכיקן געגעץ. פאַראַן אויך פּולװער־שפּינען און זלידנע פליגן. נאָר מער װי אַלץ לאָזן ניט צו רו די קאַראַטשאַי־פליגעלעך. מען װייס שוין, אַז עס איז זיך ניט אויסצוהיטן פון זיי. פּיצינקע און אומבאַמערקטע, בויערן זיי דורך די דעקעס, דאָס װעש, און שטעכן זיך ביז אַרײַן אינעם לײַב, װאָס װערט דערנאָך באַ־דעקט מיט האַסטיקע רויטע פלעקן, װאָס בײַסן ניט צום אויסהאַלטן.

— טענץ װעלן זײַן די נאַכט באַ ניקאָלאַסאַ...
— נו, יאָ...

בלויז די װײַבער דרייען זיך אַרום, שפּאַנען הין און הער, שטעלן צונויף דאָס געשיר, צעװאַשן די טעפּ פון די קלעפּיקע מײַכאָלים, גרייטן מאַטע. טייל ראַנטשאָס זײַנען װי אַ „גענדזענער עק", מיט אַ צװייזײַטיקן דאַך און פון פאָרנט אַ דעכל איבער דער קיך; די מערסטע אָבער זײַנען פּאַשעטע „בענדיטאָס", ביידע זײַטן אָן דער ערד אָנגעשפּאַרט און קומען זיך צונויף װי צװיי דלאָניעס אויפגעהויבענע צום גאָט פון דער װילדעניש אָדער צום קריסטלעכן גאָט, אָדער גאָר צו די אַמאָליקע פּאַשעטע און שיינע גװאַראַניער געטער.

די אָרעמע מאַלבושים זײַנען שוין אָפּגעביאַקעװעט און הענגען אַף די װײַבער פאַרצירעװעטע און אָפּגעריבענע. טייל װײַזן אַרויס אַ רונדיקע ברוינע מיידלשע הינטערבאַק אָדער פאַרדעקן קוים דעם אימפּעט פון פרײַ־צײַטיק שפּאַרנדיקע בריסטן. אָפּט גליטשן זיך מענסור־בליקן איבער דעם פרײַ אויסגעשטעלטן לײַב. נאָר באַלד נעמט די אויבערהאַנט די פאַרמאַ־טערטקייט און װידער שליסן זיך די אויגן און אויך דער פאַרלאַנג פאַר־שװינדט מיט אַ ליאַדע קלייניקייט:

— טשע, פּאולאַ, דערלאַנג מיר נאָר דעם טערערע'.*

דאָס קליינװאַרג לויפט אום װײַטער אַביסל, קעדיי ניט אויסגעשטעלט צו זײַן דער ניט געשטימטקייט פון די עלטערן, װאָס לאָדט זיך אויס גע־װיינלעך מיט קלינגענדיקע פּעטש. נאָר די װײַבער דערמאָנען זיך אָן דער גענעראַלער רייניקונג און רופן זיי אָפּן קאָל, מיט די שאַרפע געדיכטע קעמלעך גרייט.

— אָהערצו גייט!... לויז!... פּאַנסיאַנאָ... כואַנאַאַאַ!...

די קוילעס שנײַדן דורך דאָס זוניקע פעלד און דרינגען אַרײַן אין

* אַ קילער געטראַנק פון מאַטע.

וואַלד, ווו דער קינדער זוכן האָניק פון מאַנדאַריי־בינען אָדער פון זשאַטעי־בינען.

— ניקאָלאַ... סאַאַ!... רופּערטאַ... ווירכיניאַ...

— כוסטאַאַאַ!

די קינדער קומען צו לויפן, אַלע אויסגעמאַגערטע, נאָר מיט גרויסע אויפגעלאָפענע בײַכער, עפּשער מאַכמעס דער געוווינהייט צו קײַען ערד, רויטע ליים, שטעקלעך אָדער וואָס ניט איז אַף צו פאַרווײַלן דעם הונגער; די אויגן אויסגעלאָשענע, פאַרגראָבן אין די ביינעקע פּענעמער; דאַרע הענט, שוואַכע פיס, קוים וואָס זיי טראָגן די קרענקלעכע גופים. דער מאַנגל איז קענטיק אַף זייערע ביינער, וואָס זײַנען באַצויגן מיט אַ דינער הויט, ווי אַ טוך, ווי אַ פּאַפּיר וואָס אָט ווערט ער צעריסן און ווײַזט וואָס אינע־ווייניק טוט זיך, ווי אין אַ שפּילצײַג. שוין לאַנג ווי דער הונגער דריקט זיי מיט זײַנע נישטערנדיקע זשעדנע פינגער. אַ פאַרעלטערטער הונגער באַ זיי, אַ הונגער וואָס קען ניט געשטילט ווערן, ניט אַפילע מיט פינף און מיט צען יאָר זעטיקייט. אַ הונגער וואָס זיי האָבן באַקומען פון פּיצעלע אָן, פון זינט זיי האָבן די אויגן געעפנט און געזוויגן די קנאַפּע זויערע מילך באַ די פרויען, וואָס האָבן זיי עפּשער ניט ווילנדיק אַף דער וועלט געבראַכט. אַ הונגער וואָס קומט פון זייער מוטערס בויך, נאָך פון פריִער־דיקע דורעס. קעדיי דעם הונגער צו פאַרגעסן, כאַפּן זיי זיך קײַען ליים, רויטע ליים, וואָס קלעפּט זיך צום אינגעווייד און בלאָזט זיי אויף מעשוגע גרויס די בײַכער.

— גיכער... כוסטאַאַאַ... פאַנסיאַנאַ... אַהערצו גיי, וואָרעם איכל דיר...

די שנעקלעך שטעלן זיך אויס געהאָרכיק אין דער ריי. דער ערשטער שטעלט זיך אַוועק אַף די קניִען און לייגט אַוועק דעם קאָפּ באַ דער מו־טער אַפּן פאַדאָלעק. זי שטעקט ארײַן די פינגער אין דער טשופרינע. די יאַגד איז אַ געלונגענע. דאָס כאַיעלע ווערט געקרייציקט אַף דער שאַרף פון צוויי נעגל, אָדער גאָר פירן דורך דעם פּסאַק די ווײַסע ציין.

— אַגרעליאַ...

די מענער הייבן זיך פויל אויף; דער יאַנטעוו הייבט זיך אָן פון פאַרנאַכט און מען דאַרף זיך צוגרייטן. נאָר אומגעריכט קומט צו גיין דער קאַפּאַטאַס טשאַמאַראַ.

— דאָן סאַנטאַ שיקט זאָגן, אַז ס׳איז ניטאָ קיין דערלויבעניש אַף טאַנצן...

די מענטשן קומען אַרויס מיט טײַנעס.

— ער האָט דאָך אונדז אָבער צוגעזאָגט... ס'איז אונדזער יאָנ־טעוו, פון די פּאַראַגוויַיער...

— אוודע אַזוי... מיר מוזן האָבן דעם יאָנטעוו און ער האָט אונדז צוגעזאָגט אַז מיר מעגן...

— ניין.

— אָבער...

— פאַרפאַלן, ער הייסט זאָגן אַז ניין און שוין!

און ווי אַף אויסצולאָדן זיַין כּעס, דרייט ער זיך אום צו איינעם פון די וואָס פּראָטעסטירן צום שטאַרקסטן:

— און דיר, האָבן מיר שוין איינמאָל געזאָגט, אַז מען טאָר ניט האַלטן קיין הינער. אַזוי אַז דו ווייסט שוין!

יענער איז בלייך געוואָרן און האָט די ווערטער איַינגעשלונגען.

דער „הונט" איז אַוועק. צו קיין אַלגעמיינעם פּראָטעסט איז אַפילע ניט דערגאַנגען. צו פאַרביטערט זיַינען זיי אַף צו קענען שילטן; צו טרויעריק דערפון וואָס מען האָט בא זיי צוגענומען די האָפענונג אַביסל צו „מוזיצירן" און זיך פאַרוויַילן; צופיל צוגעוווינט זיַינען זיי שוין צו ריכטן זיך אַף דאָס ערגסטע, אַז דער ניַיער קלאַפּ זאָל זיי געוועזן איבער־ראַשן. די זון שמיַיסט וויַיטער היים די פלאַנצן און די מענטשן. נאָר פאַר זיי איז פּלוצים נאַכט געוואָרן. שאַ און שטיל איז אין דעם טרויעריקן זונטיק נאָכמיטאָג אַף דעם זשערבאַ־זאַוואָד.

# XXVI

„וואָרעם איזן איז ער פון יענע אַלטע לײַט,
וואָס פּלעגן זיך דורכשמועסן מיט דער זשערבאַ".
אַמאַראָ ווילשאַנועוואַ.

איצט בייגט ער זיך איַין. ער שטעקט אַריַין די נאָז אין די נידעריקע פלאַנצן. ער באַקוקט די בלעטער. אַ וויַילע בליַיבט ער שטיין. נאָר אָט שפּאַנט ער שוין וויַיטער, ווי וויַיט עם דערלאָזן די צוויַיגן, וואָס די וואַלד־מעסערס האַקן זיי אָן ראַכמאָנעס, אַף לינקס און אַף רעכטס און ווידער־אַמאָל לינקס און ווידעראַמאָל רעכטס. זיי שפּאַנען אַזוי עטלעכע שאָ נאָכאַנאַנד, ווי די נאַכטוואַנדלער, ניט געקוקט אַפן פוילן רוף פון דער טראָפּישער נאַטור. ראַמאַנס וויי־טוענדיקע מוסקלען, זיַינע מידע הענט און פיס, האָבן טיַינעס. אַפּטמאָל וויים ער ניט צי דאָס האָט ער ראַזמאַכעוועט דעם אָרעם און די האַנט מיט דעם גלאַנציקן מעסער, וואָס איז זייערער אַ העמשעך, אָדער דאָס מעכטיקע בינטל פלייש און ביינער, מוסקלען און

שטאָל, וואָס צווינגט דעם רעשט גוף אַנראַכמאָנעסדיק ווײַטער צו שפּאַ־
נען נאָר דער „וואַלד־מענטש” הערט ניט אויף אַף איין מינוט מאַנעווורירן
און שנאַפּן. שוין צוויי טעג ווי זיי שפּאַנען אַזוי באַנאַנד. צום עסן האָבן
זיי מיטגענומען ניט מער ווי פּאָווידלע מיט עטלעכע גאַליעטן און אַביסל
זשערבאַ־בלעטלעך אַף צו מאַכן טערערע׳. געוועך האָבן זיי געהאַט ניט
מער ווי די ווענגווײַזער־ביקס, די וואַלד־מעסערס און דעם סמיט, וואָס ראַ־
מאָן האָט זיך מיט אים קיינמאָל ניט געשיידט. דאָס איז דעם ערשטן מאָל
ווי ער דערוויסט זיך וואָס דאָס הייסט עפּענען אַ וועג אינעם וואַלדיקן
פּלאָנטער און זוכן אַ „מינע”, אָפּפליקן די ווילדעניש קעדיי אויסצושנאַפּן
אירע סוידעס און אירע רײַכטימער. רופּערטאָ, דוכט זיך, לעבט בלויז צו־
ליב זײַן פּאַד, דעם מעשונע־מאָדנעם און פון זײַן מין איינציקן פּאַד, אויס־
צוגעפינען אומבאַרירטע זשערבאַ־וועלדער, ווו שפּעטער וועלן זיך מיט
זייער גאַנצן ברען אַרײַנוואַרפן די באַטראַקעס. ער איז נידעריק און דאַר,
ווי אַ קראַליק, וואָס פון זײַן פּעלכל האָט ער זיך אַ היטל געמאַכט. אַפּן
קוק אַ נישטיק מענטשל, אָבער נאָר אַזוי לאַנג מען האָט אים אין די אויגן
ניט אַרײַנגעקוקט. פינקלדיקע זוכנדיקע אייגעלעך. און די נאָז: ברייטע,
שטענדיק צעעפּנטע נאָזלעכער, וואָס נעמען, דוכט זיך, אויף אַלע וואַלד־
רייכעס. די נאָז מאַסערט דעם דאָזיקן מענטשנס פּאַד. ס׳איבעריקע איז
ניט וויכטיק. ס׳מויל ציט זיך באַ אים פון איין אויער ביז צום צווייטן,
און אַז ער עפנט עס, דערזעט מען עטלעכע קויטיקע ציין. ער איז אַ פריי־
לעכער און אַ באַריידעוודיקער. אַזוי אַרום דערוויסט זיך ראַמאָן ווי ער
נוצט אויס די מינדסטע סימאָנים, די אומבאַדײַטנדיקסטע, אַף צו אָריענ־
טירן זיך און גיין גלײַך, אומגעוואַקלט, ביז צום ציל. פלאַנצן בייגן זיך
שטענדיק אַהין ווו די זון פאַרגייט. ביימער, פאַרקערט, בייגן זייערע שווע־
רע קעפּ אַהין ווו די זון גייט אויף. וויל מען וויסן ווו ס׳איז דאָרעם, דאַרף
מען זען ווו די בלעטער זײַנען גרינער, פּײַכטער און מאַכיקער; די טרו־
קענע זײַט בלאַט ווײַזט שטענדיק אַף צאָפן. דער דאָזיקער מענטש צע־
טרענצלט אַז שום גײַוווע זײַן וויסן, גלײַך דער שליסל צו דער נאַטור וואָלט
צוטריטלעך געווען אַ ליאַדע מענטשן וואָס וויל אין איר לייענען. און דאָך,
זעט ניט ראַמאָן קיין שום אָנווײַז אינעם אונטערשייד פון די בלעטער
אָדער פונעם שטויב, און מערקט ניט די שפּורן פון די באַיעס, וואָס רו־
פּערטאָ דערקענט זיי פאַרבײַגייענדיק, ניט אָפּשטעלנדיק זיך, און באַטראַכט
זיי אָן שום האַכאָנעס: „אַ הירש איז דאָ דורכגעגאַנגען”, ווו ער זעט
עטלעכע צווײַגלעך צעוואָרפן; „אַ טאַפּיר איז אייערנעכטן געווען”, ווו די
טשערעטן ליגן אײַנגעבראָכן איינע אַף די צווייטע; „דאָ דאַרף מען זײַן
געהיט, פאַראַן ווײַסע מערעשקעס”. ווען זיי לייגן זיך אָפּרוען אַ ווײַלע,

דערלאַנגט ראַמאָן די באַרויִקנדיקע טערערע׳־מאַשקע. מיט די הענט אויפֿן קאָפּ און דער קליינער פּאַנטשאָ פֿאַר אַ קישן, ליגט דער כאַוועס זײַנער און באַטראַכט דאָס שטיקל הימל, וואָס די ביימער לאָזן דורך. זיי ליגן רויִק און רופֿן ניט אַרויס קיין אומצופֿרידנקייט בײַ דעם געפֿליגל, וואָס שטעלט זיך פֿאַר זיי אַוועק פֿון צווײַג צו צווײַג, אָדער באַטראַכט נײַגעריק דאָס שטעגל, וואָס די צוויי פֿאַרשוויצטע מענטשן האָבן ערשט דורכגעהאַקט אינעם וואַלד. רופּערטאָ שטרעקט אויס זײַן אויסגעבויגענעם שטענדיק קוויטיקן צײַגפֿינגער און ווײַזט אָן: זעסט, דאָרט פֿליט אַ וואַלדלאָרד. אָט דער וואָס מיט דעם ווײַסן הערצל איז אַ „פּיטאָגע" (ביענטעוועאָ), וואָס גיט צו וויסן דער זי ווען זי ווערט טראָגעדיק.

מיטאַמאָל נעמט ער זיך אײַנהערן און עפּעס ווי אַ שמייכל באַווײַזט זיך אויף זײַן גרויסן מויל.

— אַ טוקאַן איז דורכגעפֿלויגן. אַז אים פֿאַרגלוסט זיך בײַטן דעם וואַלד, איז אַ סימען אַז עס קלײַבט זיך אויף רעגן... אַזוי ווי די „סאַראַקורא" ווען זי זינגט.

שאָען לאַנג דערציילט ער אים וועגן פֿאַרשיידענע באַלעבאַטים, זייערע פּירונגען און געוווינהייטן. וועגן דער „זשערוטי" דער דאָזיקער צאַרטער און מילדער טויב; וועגן דעם געזינדל פּאַפּוגײַען, וואָס שרײַען בעת זיי פֿליִען; וועגן דעם טומלדיקן „אַראַקאַקאַ", דעם „טואַי" און דעם „ניאַמדאַי"... די סאָווע און דער „קאַבורעי" האָבן וווּנדערלעכע אייגנשאַפֿטן. ווײַבער טוען דערום קישעף מיט די פֿעדערלעך פֿון דער סאָוועס קאָפּ; זיי מישן זיי אויס מיט מעל און מיט ליים און וואַרפֿן אַרײַן צוויי הערעלעך פֿון צווישן די פֿיס בײַ דער פֿרוי.

דערווײַל אָבער שפּאַנען זיי, האַקן, ברעכן, לייגן זיך דורך אַ וועג. הינטער זיי בלײַבן טויזנטער פֿלאַנצן צעמערזשעט, איבערגעהאַקטע שטענגלעך, וואָס פֿלייצן מיט געדיכטער זאַפֿט, צעטראָטענע בלעטער, אַ געוויקסן־קורבן. „געמבעי"־דערנער לאָזן בלוטיקע סימאָנים אויפֿן לײַב און אויפֿן אָנטועכץ. נאָר דער וואַלד־מענטש מאַכט קיינמאָל קיין טאָעס ניט, ער גייט גלײַך צום ציל. וויל ער וויסן, צי איז ער ריכטיק אָריִענטירט, האָט ער גאַנץ סובטעלע סימאָנים, ער קוקט זיך צו צום שפּור פֿון אַ הירש, ער דערשמעקט אַ ווינטעלע וואָס טראָגט זיך פֿון ערגעץ ווו. ווי אַ פּאַרקאַכטער יעגער, איז ער גרייט שאָען־לאַנג, טעג גאַנצע נאָכצוגיין אַ הערדע ווילדע כאַזײַרים און זיך ניט לאָזן דערהערן. בעראָש די ווילדע כאַזײַרים גייט שטענדיק אַ שוואַרצער קעניג. דערהאַרגעט מען אים, אַזוי צעלויפֿן זיי זיך אַלע און מען קען עטלעכע פֿון זיי כאַפּן. דער יאַגואַר און נאָך אַנדערע כאַיעס, גייען געווינלעך טרינקען געזאַלצן וואַסער צו די זומפּן;

פּאַרלייגט מען זיך דאָרטן, קען מען זיי באַנאַכט דערשיסן, אויב נאָר זיי האָבן ניט דערפילט דעם מענטשן. דער טאַפּיר, פאַרקערט, איז שווער־לײַביק און עס איז ניט שווער אים אַרײַנצופּאַקן אין אַ פּאַסטקע.

ראַמאָן פאַרצייכנט בײַ זיך אין קאָפּ אַלץ וואָס דער וואַלד־מענטש דערציילט. אויפן אויסזען אַ נישטיקייט, אַ קליינער און אַ שוואַכער, איבער־געוועלטיקט ער די ווילדע כאַיעס, כאַפּט די שנעל לויפנדיקע, נעמט זיך צו דינסט די פלאַנצן, גיט זיך ניט אונטער דער ווילדעניש און פירט זיך אין איר ווי אים געפעלט. אַ גוואַלדיקער בײַשפּיל איז ער, אָט דער וואַלד־מענטש, פון געוואַגטקייט, אַקשאָנעס און איבערגעשפּיצטקייט. ראַמאָן גיט זיך אַ ניידער צו זײַן אַזוי אײַנגעשפּאַרט, געוואַגט און איבערגעשפּיצט ווי ער. ער וויל ניט זײַן ווי דער טאַפּיר. וואָרעם ביז איצט איז ער געווען ניט עפּעס אַנדערש ווי אַ טאַפּיר, אַ צערייצטער „מבאָרעבי”, וואָס וואַרפט זיך בלינד אויף יענעם און פאַלט אַרײַן אין דער פּאַסטקע, וואָס זײַנע געניטע קעגנער שטעלן אים אונטער, און ער וויל ניט אַרײַנפאַלן אין דער פּאַסטקע. דערין איז ער זיכער.

שוין אויפן דריטן טאָג טרעפן זיי אָן עטלעכע אָפּגעזונדערטע זשערבאַ־ביימער און דער וואַלד־מענטש זאָגט, אַז זיי זײַנען אויפן ריכטיקן וועג. נאָר באַלד איז שוין דער וועג ווידער אַ שווערער. זיי מוזן דורכברעכן אַ געדיכטע טשערעטן־וואַנט. זיי שפּאַנען לענגאויס אַ טײַך אַרויף איבער ריי־נעם וואַלד. דעם אַנדערן טאָג האָבן זיי צו גיין איבער מעכטיקע בערג און מוזן זיך אָפט אָפּשטעלן. זיי טרעפן אָן סטעלניק פון „מאַמבוקאַ” און גוואַרײַפּאַ־ביינען און אויך גוואַביראַ׳ און אַנדערע פּרוכטן און ווידער באַגעגענען זיי זשערבאַ־קוסטעס און אַזוי אויך דעם צווייטן טאָג. און צום סוף, נאָך אַ וואָך גיין, פילט זיך דער וואַלד־מענטש באַפרידיקט. זיי זײַנען אַרײַן אין אַ גרויסן פינצטערן זשערבאַ־וואַלד, וואָס זײַנע הויכע ביימער רײַסן זיך, דוכט זיך, צום הימל. ווײַטער אַביסל שטייען הויכע סאָסנעס און דער זשערבאַ־וואַלד ציט זיך, אַ געדיכטער און אַ רײַכער, אויף אַלע בערג־פלאַכן און אַלע טאָלן. דאָ קומט אָן די צײַט פון רוען, מאַכ־מעם די נאַכט פאַלט צו אין סאַמע מיטן אויסשפּירונג, און עס ווערט געפערלעך ווײַטער צו גיין. לאַנג באָדן זיי זיך אינעם נאָענטן טײַכל, אינגאַנצן נאַקעט אויסגעטאָן. דערנאָך שאַרן זיי צונויף בלעטער פאַר אַ געלעגער און גרייטן צו די פּאַנטשאָס. ערשט ווען אַלץ איז צוגעגרייט, זעצן זיי זיך אַוועק אַרום פײַער און דער וואַלד־מענטש נעמט זיך צערעמאָניעז מאַכן אַ מאַטע. צוערשט ווישט ער אַרום דאָס טיקוועלע מיט דער האַנט און מיט דעם העמד. זיי שטעלן אַוועק אויפן האָלץ דעם אַלטן בלעד, ווו מען האָט אַמאָל געהאַלטן פעטס און די זשערבאַ שווילט דערווײַל אינעם

טיקוועלע. רופּערטאָס געגאַרבטע און געקנייטשטע, נאָר גלעטנדיקע האַנט נעמט אומגעוואַקלט אַז דעם בלעד מיט געקאָכטן און ניט דערזאָטענעם וואַסער, גיסט אַז אין דער מאַטע און פאַרגיסט ניט קיין איין טראָפּן. די ערשטע מאַטע פאַרזוכט ער אַליין און די צווייטע דערלאַנגט ער דעם מענטש. אַ מין אינערלעכע לאַסקע איז עס, אַ וואַרעם קאָל וואָס נעמט באַ אים אַוועק זײַן פאַרמאַטערטקייט, זײַן דורשט און זײַן אָפּגעשוואַכטקייט.

— גרינגער געוואָרן, וואָס זאָגסטו, קאָרענטינער?...

אין זײַן טונקעלער האַנט ציטערט דאָס טיקוועלע ווי אַ יונגע ברוסט. עס שטעקט פון איר אַרויס דאָס שטרויעלע, וואָס רופּערטאָ האָט געפונען זוכנדיק אינעם טשערעט. איבערן שטרויעלע הייבט זיך אַרויף די געשמאַקע פליסיקייט, דער רום פונעם אייבערשטן פּאַראַנאַ. מען דאַרף בלויז קויבּ באַוועגן די ליפּן און שוין איז דאָס מויל פול מיט דער אָנגענעמער ביטערקייט. זי נעצט אײַן דעם האַלדז, צעגייט זיך אינעם מאָגן און צעטראָג איבער אַלע גדערים איר מונטערנדיקע שליכעס. ווען די מאַטע איז זיך שוין פונאַנדערגעגאַנגען איבערן גאַנצן גוף, פילט מען אַ וואַרעמע געמיטלעכקייט. „פונקט ווי ווען איך פלעג מיך אַלס קינד באַנעצן באַנאַכט".

פאַלט פלוצים אײַן ראַמאָנען. נאָר פון דער טיפעניש פון דער מאַטע הייבט זיך אַ סקריפּענדיקע טײַנע און ער מוז זי אָפּגעבן. ס'איז די ריי פונעם וועגווײַזער. ער לייגט צו זײַנע דינע גרויסע ליפּן צום אימפּראָוויזירטן רערל ווי זיי וואָלטן געווען אַ מוטער־שרויף. ער זופּט פּאַמעלעך און רעדט דערבײַ:

אין איינער אַזאַ נאַכט האָט זיך צו מיר באַוויזן דער „פּאָמבעראָ"..

ער איז באַקאַנט געווען מיט אַלע לעגענדעס פונעם אייבערשטן פּאַראַנאַ. געקענט האָט ער זיי אַזוי ווי זיי זײַנען געווען איידער די יעזויטן האָבן זיי פאַרקריפּלט. ווער עס האָט זיי אים דערציילט, האָט ער ניט געזאָגט, נאָר קען זײַן אַז די „טופּיס", די „בוגרעס" און די „קאַינגואַס", וואָס וואַנדערן נאָך אום איבער די וועלדער פונעם אייבערשטן פּאַראַנאַ. זיי זײַנען פּאָשעט און שיין און דער וואַלד־מענטש דערציילט זיי איצט, אַזוי לאַנג ביז ראַמאָן קען מער ניט גוויוועער זײַן דעם שלאָף און די אויגן מאַכן זיך אים צו. נאָר איידער זיי לייגן זיך שלאָפן, ווײַזט רופּערטאָ ווידער אַרויס זײַן פאַרנונפטיקייט. געזען האָבן זיי דעם טאָג אַ סאַך גיפטיקע שלענג און מען דאַרף זיך פאַר זיי היטן. זיי האַקן אויס מיט דעם וואַלדמעסער פיר פלעקער און לייגן זיי אויס אין אַ פירעק. פון איין פלאָקן צום צווייטן ציִען זיי אויס רימענעס פון פרישער פעל, וואָס רופּערטאָ טראָגט מיט זיך שטענדיק אין זײַן טאָרבע מיט נאָך זאַכן, וואָס פאַרנעמען דאָרט, דוכט זיך, גאָר קיין פּלאַץ ניט, נאָר זיי באַווײַזן זיך פלוצים ווע

מען באַדאַרף זיי. די גיפטיקע שלאַנגען וועלן פֿאַרבײַקריכן און וועלן אײַנעם פֿירעק ניט אַרײַנקריכן. פֿאַרקערט, אַקעגן טיגערס — האָט ער געזאָגט — וואָלט גענוג געווען אַרײַנשטעקן פֿיר אָנגעצונדענע פֿאַקלען אין דער ערד, ווי אַ צײלעם, מאַשטין זײַן אַף זיי און דערנאָך נעמען און וואַרפֿן אין יעדער זײַט אַ פֿאַקל. נאָר ראַמאַן איז שוין געווען גוט אײַנגעשלאָפֿן. איבעריקנס, האָט ער דאָס אַלץ געוווּסט שוין פֿון לאַנג און האָט אויך געוווּסט, אַז מען דאַרף אָננעמען אַלע מעגלעכע פֿאַרהיטונגס־מיטלען, סײַ ווען עס גייט אין פֿאַרהיטן זיך פֿון שלאַנגען און סײַ פֿון מענטשן.

# אין דער פּאַסטקע

דאָס זײַנען די מענסום. די טראַגישע נאַקעטע מענטשן.
די אומדרייסטע טענצער פון פּאָלקעס און גוואַראַניעס.
די מענטשן מיט צעשריגענעם לײַב. די נאָך ניט רײַפע
און שוין געקרױנטע מיט לאַפּאַטש און מיט פּלאַמען.

כואַן ע. אַקוניאַ.

די מענסום זײַנען מייעסווייַז צעוואָרפן איבער די דרײַסיק מײַל, וואָס דער זאַוואָד פאַרנעמט. איידער נאָך עס ווערט ליכטיק, קומען זיי שוין אַרויס פון די האַפּטלאָזע „טאַקואַיפּי"-ראַנטשאָס האַקן אַ וועג אין דער געקרויזטער פײַנטלעכער ווילדעניש. איבער די שמאָלע שטעגלעך, צו די זשערבאַ-ביימער, וואָס ציִען זיך אַלץ אַרויף, ווי זיי וואָלטן וועלן אויסמיידן דעם גורל, וואָס די טונקעלע מענטשן טראָגן פאַר זיי. מען שינדט זיי אָפּ אַף אַ ברוטאַלן אופן. טיילמאָל וואַלגערט מען זיי איַין. אַנדערע באַפאַלן זיי, רייבן אַוועק באַ זיי די צווײַגן מיט די בלעטער און לאָזן זיי שטיין קאַל און טרוקן, אַ ראַכמאָנעס אַף זיי צו קוקן, הוילע פאָן-שטעקנס. נאָר כאַדאָשים שפּעטער איז דער שפּראָצונגס-אינסטינקט גווועער און זיי באַקליידן זיך ווידער גרין. און צו אָקטאָבער און נאָוועמבער לאָזן זיי זיך ווידער שטרעקן אַרויפצו, צו דער זון. די מענטשן פאַרקערט, וואָס ווײַטער אַלץ דערשעפּטער, אַלט געוואָרענע אין סאַמע יוגנטלעכן בלי, די האַפּענונגען זייערע אָפּגעהאַקט, שטעלן מיט זיך פאָר די דראַמע. די דראַמע פון דעם מענטשנס אָפּגאַנג אַקעגן דעם קעסייערדיקן אויפקום פון דער נאַטור. טויזנט מאָל פאַלט זי אַוועק אַ פאַרוווּנדעטע און טויזנט מאָל הייבט זי זיך אויף אַ צעיובלטע, אַ צעבונטעוועטע...

# XXVII

דאָס דינינקע, מיט ווײַסן פּוך באַדעקטע פּויק־הײַטעלע כאַפּט טייקעף אויף דעם געוויש. די מושלען גיבן שנעל אַ צוק, ווײַזן אַרויס אומרו. באַלד שטײַפן זיך אָן די אויערן און שיקן איבער דאָס סאַקאַנע־געפיל צו די גרויסע לעבעדיקע אויגן, צום העל־גרויען הערצל, וואָס טוט אַ צאַפּל, צו די דינע צוקנדיקע פיס. דער יונגער הירש שטייט לעבן אַ דין ביימל, וואָס לאָזט זיך פאַמעלעך דערשטיקן אין די אָרעמס פון אַ גיריקן קלעטער־פלאַנץ, און אָט, דוכט זיך, לאָזט ער זיך אַוועק פײַל אויסן בויגן אַהין, ווו מען זעט אָן דעם הימל צווישן די שוין אָפּשטאַרבנדיקע שטערן. דער געוויש טראָגט זיך פון ערגעץ אין צווייטן עק שטעגל, ער ווערט אַלץ גרע־סער און צעשיט זיך אין צוואַנציק קלענערע, וואָס דעם הירשס וואַכער אויער טיילט זיי אויס יעדן באַזונדער. באַלד ווערט פון די געוויישן טריט, וואָס קייפלען זיך און הילכן אָפּ אָף די אײַנגעבראָכענע צווײַגלעך און טרוקענע בלעטער פון איבערן וועג. ער האַלט זײַן שפּיציק מאָרדעלע אָנ־געשטעלט גלײַך אַהין און ווענדט ער זײַנע נײַגעריקע אויגאַנעס. מיטאַמאָל באַווײַזט זיך דאָרט אין דער ווײַט צוערשט אַ ברייט־ראַנדיקער הוט און דערנעבן אָן אָפּגעריבן ראָזעווע מיצל. זיי האַלטן די קעפּ אַראָפּ צו דער ערד, און ווען זיי הייבן זיי אויף, דערזעען זיי קוים, דאָרט ווו דער וועג פאַרנעמט זיך און ציט זיך גלײַך מיטן טײַך, דעם הירשס ברוינלעכן הינטערטייל זיך שנעל פאַרשטעקן אין די קוסטעס. זיי ווילן זיך אַ לאָז טאָן, נאָר זיי כאַפּן זיך, אַז ס'איז אומזיסט די מי. קינטאַנאַ רופט זיך אָן צו די אַנדערע:

— אַ שאָד דער גואַסו־אַי!...

— פאַרוואָס־זשע, טשע אירו,* — וואַרפט אים שפּאָטיש צו ברי־

---

* מײַן כאַווער.

טאָם — האָסטו אים געלאָזט אַנטלויפֿן? האָסט דאָך אַזאַ גרויסן כּישעק געהאַט צו הירשן־פֿלייש!...

דער אוילעם לאַכט.

— ווי דען, צו עפּעס אַנדערש טויגסטו ניט. — גיט יענער אַ זײַ־טיקן קוק צו אים און ציט אויס מיט ביטל דאָס וואָרט: — פּרעסער...

מענער און פֿרויען לאַכן ווידער. בריטאָס ווערט אָנגערײַפֿעריש:

— אַ נו זאָג עס נאָכאַמאָל, אויב דו ביסט...

נאָר קינטאַנאַ האָט אים שוין מיט איין אומגעריכטן שטויס אַף דער ערד אומגעוואָרפֿן.

געשלעג איז בײַ זיי אַ געוויינלעכע זאַך. וואָס עפּעס שפּרינגען זיי אויף. דער קאַלטער צאָרן, וואָס די מענטשן זאַמלען אין זיך אין די לאַנגע אַרבעטס־טעג און קורצע רו־נעכט, די גערייצטקייט, וואָס האָט זיך בײַ זיי אָנגעזאַמלט פֿון אַזוי פֿיל דאַכקעס און ביזיוינעס, וואָס זיי קענען ניט אויסלאָדן אַף זייערע אייבערהאַרן, שפּרינגט טייקעף אַרויס מיט זײַן געלן פּאָנעם אינעם ביטערן ווילדן געשלעג צווישן די מענטשלעכע גופֿעס, צווישן אַזוינע עפּשער, וואָס שלאָפֿן אַ בעטל לעבן אַ בעטל און בלאָנקען יאָרנ־לאַנג איבער די זעלביקע גרונט־וועגן. נאָר זיי קענען זיך ניט צוימען. זיי ווערן פֿאַרבלענדט פֿון פֿאַרדרוס און גייען אַרויס פֿון די קיילים. זיי זעען פֿאַר זיך נאָר דעם קלוימערשטן סוינע, אינעם קעגנער, וואָס באַווײַזט זיך זיי פּלוצים אינעם כאַווער, אין דער פֿרוי, אינעם אייגענעם קינד.

— נדע׳ פּאַיזשו׳! *

דער באַליידיקטער ווערט בלייך, שפּרינגט אויף, טרעט אָפּ אַ פּאָר שפּאַן און שוין איז זײַן האַנט באַלויכטן פֿון אַ מעסער. אויך קינטאַנאָס פֿינגער כאַפּן אַרום דעם ביינערנעם שטיל פֿון זײַן מעסער. מען שטעלט זיך אַרום און זיי דרייען איינער דעם צווייטן.

— איכל דיך אַף פּיצלעך צעשנײַדן!...

— ווער? דו?...

— אָט דאָס נאָ דיר!

— נעם עס דיר, ס׳קומט רעקאָמענדירט!...

זיי הערן אויף ריידן ווען עס קרייצן זיך די קלינגען. דער וועג איז אַ שמאָלער און די צוקוקער מוזן זיך אַרײַנרוקן צווישן ווילדגראָז בײַ די זײַטן. דערוואַקסענע און יינגלעך קוקן זיך צו צום דועל מיט גלאַנץ אין די אויגן. די פֿרויען בלײַבן שטיין פֿון הינטן און ברעכן זיך אַנגסטלעך די נערוועזע הענט. עס איז ערשט געהאַט ליכטיק געוואָרן און באַם צו־ריקטרעטנדיקן קינטאַנאַ פֿאַלט אַ לעבלעכער שטראַל אַפֿן קליינעם פּאַנטשאָ,

* ביסט אַ געלער!

מיט וועלכן זײַן אָרעם איז אַרומגעוויקלט. דער אַנדערער באַקומט אַ קלאַפּ מיטן מעסער אינעם פֿאָדער־אָרעם, וואָס ווערט באַצייכנט מיט אַ רויט שטרעמעלע. דער קלײנער שניט צערײַצט אים בלויז. מיט זײַן געוואַגטקייט קעגן יענעמס קויעך, שטופּט ער אים צו צו אַ שטוים שטעכיקע דערנער. ביידע העשען זיי פֿאַרמאַטערטע פֿון קעסיידערדיקע אַנפֿאַלן. די צעטראַ־טענע פֿלאַנצן גיבן פֿון זיך אַרויס אַ ביטערן גערוך.

— וואָס טוט זיך דאָ? — דערהערט זיך פּלוצים הינטער זיי אַ באַ־פֿעלעריש קאָל.

זיי זײַנען אַזוי פֿאַרנומען מיט דעם געשלעג, אַז זיי הערן ניט ווי פֿאַליירא איז אונטערגעקומען מיט נאָך צוויי קאַפּאָס. ער טוט אַף זיי אַ בייזן קוק און די צוויי קאַפּאָס גיבן זיך אַ וואָרף אַף די צוויי קעגנער, נעמען בײַ זיי צו די מעסערס און אַ רעגע שפּעטער פֿירט מען אַוועק די שלעגער, געבונדן הענט און פֿיס מיט דעם שטריק, וואָס זיי טראָגן מיט זיך שטענדיק אַרום גאַרטל.

— איכל אײַך געבן לאַדערן אַנשטאָט אַרבעטן!

זיי זײַנען אויסגעשעפּט פֿון געראַנגל און ענטפֿערן ניט. די אַנדערע האַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזט. זיי פֿילן פֿאַרויס די שטראָף.

— דערלאַנג אַהער די מאַמזוערעס!

מען הערט בלויז די טריט פֿון די קאַפּאָס. די מענטשן זײַנען צעוויי־טיקט פֿון טראַגישן וואַרטן. פֿאַליירא הייבט אויף די האַנט. זי איז קאַמיש ווײַס, אין די מענגסום אויגן, מיט אירע בלאַנדע הערלעך, וואָס זײַנען גע־קרײַזלט אונטער דער פֿאַכווע.

— הײַדאַ, איר, צו דער אַרבעט! דו גייסט מיט זיי!

זיי רירן זיך אומאַנטשלאָסן פֿונעם אָרט. אַ רעגע דוכט זיך, אַז זיי וועלן דאָרט בלײַבן שטיין. נאָר צום סאָף נעמען זיי שפּאַנען, צופֿרידן וואָס זיי האָבן עפּעס וואָס צו טאָן, וואָס ווײַטער פֿון דעם בלאַנדן פֿאַר־שוין און זײַן קאַלטן בליק, רודערן, שטויסן זיך איינער דעם צווייטן, זיך פֿילן לעבעדיק און וואַרעם. זיי נעמען שוועך די וואַלד־מעסערס אין די הענט, די ברעזענטן זייערע, און לאָזן זיך ווײַטער גיין. הינטער זיי שפּאַנט דער „הונט" און שפּירט זיי נאָך. זיי זײַנען קוים אַוועק עטלעכע שפּאַן, ווי זיי דערהערן אַ געהילך, אַ צו באַקאַנטן אַף ניט אויפֿגעשוידערט צו ווערן. דער געהילך פֿון מענטשן־לײַב ווען מען שלאָגט עס.

— פּעטעי...*

עס דוכט זיך זיי זעען די קורצע נאָר האַרטע הירשן־פֿעלענע בײַטש, וואָס פֿאַלט אַף דעם אויפֿגעשווידערטן רוקן.

* פּעטעי — איינס;

— מאָקאָ . . . *

וועמען שלאָגט מען פֿריִער, קינטאַנאַן צי בריטאָסן?

— געגאַנגען! — שרײַט אָרטיגאָסאַ און דראָט דעם אוילעם.

— כאַפּי . . . **

ווי גלאַנצן אַוואַדע די אויגן בײַ דעם ברוינעם בריטאָס, אַ צוגע־דריקטער מיטן מויל צום ברוינעם מויל פֿון דער ערד!

— אירונדי . . .***

זיי זײַנען שוין ווײַט. מען זעט שוין אָן די אומדערשראָקענע קעפּ פֿון די ווילדע זשערבאַ־ביימער. די געשמיסענע און די שמײַסער זײַנען פֿאַרבליבן עטלעכע הונדערט מעטער הינטער זיי. מען הער שוין ניט די שמיץ און דאָס איינטאָניקע ציילן, נאָר איסידאָראַ און פֿעראַלטאַ און לאָ־פּעז און פֿראַנציסקאָ און פּאַולינאַ און די קינדער, דוכט זיך, הערן נאָך דאָס טרוקענע קאָל:

— פּאָ מאָקאָי! . . . פּאָ מבאָכאַפּי . . . אירונדי פּאָ! . . . ****

אומזיסט פֿאַרשטאָפּן זיך די אויערן. אומזיסט פֿאַראַקשענען זיך אָף טראַכטן עפּעס אַנדערש, אָנשטעלן די אויגן אָף די פּלאַנצן, וואָס ווערן אָן זייער באַנאַכטיקע פֿײַכטקייט ווי נאָר זיי קומען אין באַרירונג מיט דער זון. מען זעט זיי אומעטום די צוויי מענסום בײַסן די ערד און די „מאַמזוערעס", וואָס שמײַסט אַרײַן אין זייערע רוקנס איר פֿאַרזאָג ניט צו פֿאַרגעסן.

דער פֿרימאָרגן שפּאַנט אַלץ ווײַטער, די פֿייגל מײַדן אויס די באַגע־געניש מיט די אַרײַנגעריסענע מענטשן, די פֿאַרוווּנדעטע ביימער פּראָ־טעסטירן אין זייער לאָשן און אָף די ברעזענטן הויפֿענען זיך די זשערבאַ־בלעטער. אַ נײַער טאָג לאָזט זיך גיין דורך דעם זשערבאַ־וואַלד, אָן איינ־טאָניקער און אַ טרויעריקער. צו נאַכט צו, פֿרעסן זיי אײַן יעדער איינער זײַן בינט זשערבאַ און נעמען אים אָף זיך. זיי קומען צו צו דער וואָג, נעמען יעדער זײַן קוויטל, קוקן זיך ניט איינער דעם צווייטן אין די אויגן און גייען זיך פֿונאַנדער. זיי האָבן זיך פֿאַרדינט דאָס רעכט אַרויפֿצופֿאַלן אָפֿן שלאָף. אָבער נאָר אָף געציילטע שאָען, אָף גאָר ווייניק צײַט . . . ווען אַט די זעלביקע אומדערשראָקענע שטערן נעמען זיך דערווײַטערן און בלייך ווערן, טרעפֿן זיי שוין ווידער די לײַט אָף די פֿיס, נאָך ניט אויס־געשלאָפֿענע, נאָך ניט אויסגערוטע. דער נײַער טאָג ברענגט זיי בלויז מאַטער און זאָרגן און לערנט זיי ניט אויס מער ווי דאָס וואָס זיי האָבן שוין ביז איצט ביטער געלערנט. אַזוי כאַדאָשים לאַנג. יאָרן לאַנג. דעם גאַנצן לעבן.

* מאָקאָי — צוויי; ** כאַפּי, פֿון מבאָכאַפּי — דרײַ; *** אירונדי — פֿיר;
**** פּאָ מאָקאָי — צוואַנציק; פּאָ מבאָכאַפּי — דרײַסיק; ארונדי פּאָ — פֿערציק.

# די דעראָבערונג

„געוועזן איז עס די עקספּעדיציע אַ פּריוואַטע, ווי די אויס־
פאָרשונג, וואָס האָט זיך אַרויסגעלאָזט פונעם זאַמדבאַנק אַפּן
איגוואַסו צום בראַזיליענישן יִישעוו פּאַלמאַס נאָוואַס און עס
איז פון איר אַרויסגעקומען דער גרויסער צענטראַלער וועג פּי־
ראַי—גואַסו, אַ דורכגעלייגטער פון אַרגענטינער און בראַזיליע־
נער זשערבאַ־באַלעבאַטים. די אָרטיקע בראַזיליענישע מאַכט האָט
זיך דערשראָקן און האָט צו וויסן געגעבן דער פּראָווינצער רע־
גירונג און דער איניעזן האָט אַ שטיק צײַט באַשעפטיקט די
פּרעסע. . ."

(פון אַ כראָניק)

דער פּאַראַנאַ, זאָגט מען, צעטיילט די ברעגעס פון די דרײַ לענדער. אין דער עמעסן אָבער פּאַראייניקט ער זיי, דער פליסיקער פּאָדעם, און מאַכט פון זיי איין לעגענדאַריש לאַנד, וואָס איז אָפּגע־זונדערט און גאַנץ פאַרשיידן פון די אַנדערע. אַ באַזונדערער קאַנט איז עס מיט אַן אייגענער געזעצגעבונג, וואָס באַשטייט פון געזעצ־לאָזיקייט, מיט אַ פאַרשיידענער לאַנדשאַפט און פאַרשיידענע מענטשן. ס'אַ ליגן אַז קעגאיבער איז פּאַראַגווײַ. ס'אַ ליגן אַז בראַזיל איז דאָרט ווּ דער געשלענגלטער טײַך קומט זיך צונויף מיט דעם איגוואַסו און מישט די וואַסערן. ער נעמט שטיקער באַ אַלע דרײַ, נאָר באַלאַנגען באַלאַנגט ער ניט צו קיינעם. ס'איז אַ מעכטיק, ראַכ־וועסדיק און ווילד לאַנד. ס'איז דאָס פּאַטערלאַנד פון דער זשערבאַ־מאַטע. ס'איז דער אייבערשטער פּאַראַנאַ.

ער פאַרשלינגט ווילדעניש און ריטשקעס אַ סאַך, וועלדער אומ־היימלעכע, האַפּנס און יִישוּווים, ער הייבט זיך אַרויף מיט לאַנגע פאַסן פּרוכפּערדיקער צעשמייכלטער ערד, מיט וואַסער־פאַלן און שטיל־וואַסערן און בערג און פעלדזן און ביימער און ווײַטער ביי־מער, ער נעמט אַרום טויזנטער מענטשן טונקעלע, כּאַיעס מעשו־נעדיקע און ווילדע, פּרוכטן פּרעכטיקע, קימאַט אומבאַקאַנטע, און

ציט זיך ווי אַ ריזיקער פּאַראַלעלאָגראַם אַף אַ שעטעך פון פינף טויזנט מײַל. פון צאָפן צו דאָרעם שנײַדט אים איבער, צעטײלט אים אַף צווייען און צווינגט אַרויף אַף אים זײַן ווילן דער איינציקער עמעסער גאָט פון דעם זשערבאַ־קאָנטינענט, „דער גרויסער גייענדי־קער וועג". אַף זײַן שמעלערן טייל נעמט דער קאַנט אַרום דעם גאַנצן צאָפן פון דעם שלעפּעריקן פּאַראַגווײַ און די טעריטאָריע מיסיאָנעס, די וויג פון די טויזנט ריטשקעס. זײַן ברייטערער טייל ווידער ציט זיך פונעם זאַמדבאַנק אַפן רי̠אָ גראַנדע, וואָס גיסט זיך אַרײַן אינעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, ביז קוריטיבאַ, אינעם בראַזיליענישן שטאַט פּאַ־ראַנאַ. ניט אויסצומעסטן און ניט אויסצודערציילן איז די גרייס פון דער מעדינע און די זון פּאַרגייט גאָר קיינמאָל ניט איבער אָט דער שיינקייט און איבער אָט דער עלנט.

ער האָט זײַן אייגענעם לאָשן, וואָס איז ניט גוואַראַני, ניט פּאָר־טוגעזיש, ניט קאַסטעליאַנאַ, און איזן איז ער אַ פּאַרביקער און וויל־דער געמיש פון די אַלע דרײַ. אין גאַנץ נאָענטע שכיינעסדיקע אַנ־שטאַלטן קען מען אָפּט ריידן פּאַרשיידענע שפּראַכן. דאָ, אַף דער מיסיאָנעסער זײַט, רעדט מען געוויינלעך פּאָרטוגעזיש. דאָרט, אַרום סאַנטאַ קאַטאַרינאַ אָדער רי̠אָ גראַנדע דאָ סול, זײַנען פּאַראַן זשער־באַ־זאַוואָדן, ווו מען רעדט קימאַט דורכוים שפּאַניש. און אין דעם איבערפלאַנץ פון שפּראַכן און פעלקערשאַפטן האָבן אַ כיילעק די באַלעבאַטים פּונקט ווי די אַרבעטער. דער מעכטיקער באַרטע, אַ פּאַ־ראַגווײַער, מיט אונטערנעמונגען אין מיסיאָנעס. דאָס אייגענע זײַן לאַנדסמאַן מאַטיאַודאַ. אַ מאַרטאָס, אַ בראַזיליענער. אַ פּאַסטאָריסאַ, אַן אורוגווײַער. אַזשיקאַ, פּאַרקערט, אַן אַרגענטינער, האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַף דעם בראַזיליענישן ברעג, און אַ סאַך אַנדערע האָבן אים נאָכגעטאָן, פּאַריאָגטע, וועך וויים מיט וואַסערע ווינטן, פון זייער געבוירן־לאַנד. נאָר ווער רעדט דען דאָ פון פאָטערלענדער? איין לאַנד נאָר געשיקט זיך דאָ, איין ערד, איין געמיינזאַם פאָטער־לאַנד. דער ריזיקער פינף־טויזנט־מײַליקער פּאַראַלעלאָגראַם, וואָס דאָס איז דאָס פאָטערלאַנד פון דער זשערבאַ־מאַטע: דער אייבערש־טער פּאַראַנאַ.

# XXVIII

אַ בליץ שנײַדט דורך די לופט און שנײַדט זיך אײַן אינעם ווײכן האַלץ, וואָס גיט זיך טײקעף אונטער. דער צווײַג טוט אַ סקרוכע, די בלעטער און די שטענגלעך גיבן מיט ווײטיק אַ צוק און די צווײַג פֿאַלט אַראָפּ אײדער דאָס וואַלד־מעסער באַווײַזט אײַנצוברעכן די צווײַג וואָס איבער איר. דער זשום פֿונעם שטאָל הײבט זיך און לאָזט זיך אַרונטער, אַף לינקס, אַף רעכטס, באַפֿאַלט די צעבליטע צווײַגן, די גרינע קנאָספּן, האַקט אַראָפּ אָן רחמנות יעדן אויסשפּראָץ אַפֿן בוים און ער בלײַבט שטײן אָן עלנטער, אָן אָפּגעשונדענער, מיט רעשטן פֿון זײַנע אָפּגעהאַקטע גלידער. ווען עס בלײַבט שוין אַף אים גאָרניט וואָס קען צו עפּעס נוצן, גליטשט זיך ראַמאָן אַראָפּ איבער דעם ווײַסלעכן שטאַם. ער שאַרט צונויף דעם שווער־דערגראָבערטן זאַקרויב אַף אײן קופּע און כאַפּט זיך פֿלינק אַרויף אַף אַ צווײטן בוים. סטאַיעס מבאַריגי־פֿליגעלעך קריכן אים אַרונטער אונטערן העמד, בײַסן אים די אָרעמס און זעצן זיך אָן אַף די געלענקען און אַף די רוקנס פֿון זײַנע טונקעלע הענט. איבערהויפּט אָבער דערקוטשעט אים דאָס כאַזערישע אורע־ווערעמל, וואָס שוין אײניקע טעג אַז דאָס לאָזט אים ניט רוען. ער פֿילט זיך נערוועז און דערשלאָגן. דערצו נאָך טאַנצט אים אַרום איבערן גאַנצן קערפּער אַ בײַסעניש. פֿון די פֿיס ביזן נאַקן. ווען עס באַפֿאַלט אים ווידער דאָס בײַסעניש, לאָזט ער פֿון די הענט אַרויס דאָס וואַלד־מעסער, וואָס דרײט זיך און פֿינקלט בעײסן פֿאַלן איבערן שטאַם. ער זיצט אָנגעשפּאַרט אַפֿן צונויפֿוווּקס פֿון צווייי דיקע צווײַגן און טראָגט צו די הענט צו דער ברוסט, צו דעם אָרט ווו דאָס ווערעמל האָט זיך פֿאַרקליבן. אַף זײַן געדיכט באַוואַקסענעם לײַב איז די הויט אויפֿגעהויבן ווי אַ בערגל און אַפֿן שפּיץ בערגל איז פֿאַראַן אַ לעכעלע. ער גיט עס אַ קוועטש, און כאָטש דאָס טוט אים ווײ, קוועטשט ער אַזוי לאַנג ביז דאָס ווערעמל באַווײַזט זיך, אַ לאַנגס און אַ שלײמיקס, לאַנג ווי זײַן צײַג־פֿינגער אָן אײַנגעבויגענער. ווי ער קוקט אַזוי דערויף, דערראַגזנט אים אַ קאָל פֿון אונטן:

— הײ, דו כּאַרעװער נעפּעש! אַזױ אַרבעטסטו?

ער בײגט זיך אַראָפּ אַ קוק צו טאָן צװישן די צװײַגן. אַנטאָן שטײט דער קאָנטראַקטיסט, די אױגן אױסגעשטאַרצט, מיט דעם אַראָפּניק אין דער האַנט און דעם רעװאָלװער אינעם גאַרטל. דער קאָנטאַרקטיסט הײבט אױף דאָס װאַלד־מעסער, באַקוקט עס און שרײַט װײַטער:

— קראַצט דיר די גדױלן, האַ? איכל דיר געבן אַ קראַצן זיך, צאַפּ װאָס דו ביסט!

דאָס איז שױן איבער דער מאָס. ער אַרבעט װי אַ װילד־מעשוגענער, פּליקט אָפּ אײן בױם נאָכן צװײטן, הונדערטער צװײַגן האַקט ער אָפּ, װעל־דער גאַנצע מיט שמעקעדיקע סקרוכענדיקע בלעטער. קוים אָבער האָט ער זיך אָפּ אײן רעגע צעשטרײַט, װאַקסט באַלד אױס דער דאָן אַמאַראָ. אַ רע־גע טוט ער אַ רעכן: װען ער װאַרפט זיך גלײַך אַראָפּ, פאַלט ער דעם קאָנטראַקטיסט אָפּן קאָפּ, און עס װאָלט אים שױן גאָרניט געהאָלפן, ניט זײַן מױרעדיק גרױסער רעװאָלװער און די „מאַמזערעס" זײַנע, די בײַטש. מען האָט שױן ניט אײנמאָל אַזױ אַװעקגעלײגט אַ קאַפּאַטאַס, דעו צײלט מען. נאָר ראַמאָן האָט זיך שױן אױסגעלערנט באַהערשן זײַנע ערשטע אימפּולסן און זיך נוצן מיט אױסגעלערנטער ביטערער האַכנאָע. אין לעבן, פּאַסירט אַלץ נאָך לאַנגער צוגרײטונג. געװיקסן קומען אַרױס נאָך אַ לאַנ־גער צײַט זײַן אונטער דער ערד, מיט קעסײדערדיקע ניט דרײסטע פּרוּװן, װאָס װערן סאָפּקאָלסאָף געקרױנט מיט אַ געװאַגטן אַרױסקום פון דעם גרינעם אַרױסגעשאָסענעם קאָם; די בינען און די מערעשקעס צײַטיקן זיך רױק אױס אין זײערע אײעלעך, אײדער זײ גײען אַרױס אָף דער אַרבעט. אױך דער מענטש צװינגט אָף זיך אַרױף, װי די נאַטור, איר לױנענדיקע פאַרזיכערונג. אױך ער געװוינט זיך אײַן צו װאַרטן. װען דאָס בלוט, װאָס װײס ניט פון טאַקטיק, גיט אַ שלאָג צו צום קאָפּ, פאַרשנעלערט דעם דײפּעק און רעגט דאָס האַרץ זיך אַ װאָרף צו טאָן, איז שױן ראַמאָן בע־קױעך אים צו ענטפערן דערױף: נאָך ניט. דער „נאָך ניט" צײכנט אָן די עטאַפּן פון זײַן האַכנאָע. עס איז נאָך ניט צײַט זיך נױקעם צו זײַן, עס איז נאָך ניט צײַט צו ענטפערן מיט אַ קלאַפּ פאַר אַ קלאַפּ, עס איז נאָך ניט צײַט צו האַרגענען אָדער אַלײן אומקומען. נאָך ניט, מירן נאָך צװואַרטן. דערװײַל ניט.

ער װוּנדערט זיך אַלײן, שױן אָף דער ערד שטײענדיק, װי רױק ער הערט אױס יענעמס זידלערײַען. אַזױ האַכנאָעדיק האַלט ער זיך, אַז דאָן אַמאַראָ גיט זיך אַפילע ניט אַ ריר די בײַטש אױפצוהײבן. אין אַ װײַל אַרום איז ער זיך אַװעק און ראַמאָן גיט זיך װידער װילד אַ װאָרף צום פּליקן די זשערבאַ. אינעם קאַמף מיט די בײמער לערנט מען זיך אױס

אויך מענטשן אונטערצוהאַקן. און אין דעם פלאַנצן־מערדער איז זיך פאַמעלעך און געפערלעך געוואַקסן דער שפּעטערדיקער בונטאַר. ס'וועט אַמאָל קומען אַ טאָג ווען ער וועט דורכפירן דעם גרויסן מענטשלעכן „שניט" און וועט שלייַדערן קעפּ און הענט און צייַן און בלוט פון קאַפּאָס און פאַרוואַלטער. ער ווייס עס שוין. און אָט די זיכערקייט גיט אים קויעך איבערצוטראָגן די גרעסטע פאַראַכטונג, די טיפסטע באַליידיקונג, די ערגסטע שטראָף. אַלץ קעדיי מעגלעך צו מאַכן דעם שניט פון נעקאָמע. דערווייַל אָבער ניט.

:: :: ::

ווידער דערטראָגן זיך צו אים די קוילעס, ווי אַן אָנלויפנדיקע שווימיקע יאַם־כוואַליע. ער ענטפערט מיט אַ גוזמעדיק צעעפנטן מויל ביז צום הייזעריק ווערן. פינקטלעך ווי זייַנע כאַוויירים געפינען זיך ווייס ער ניט. מעגלעך אַז דאָ באַלד הינטער די קוסטעס, עפּשער גאָר מיט עטלעכע הונדערט מעטער ווייַטער. פון דער הייך אַפילע קען ער זיי ניט זען, צוליב דער פלאַנצן־געדיכטעניש, וואָס רינגלט אים אַרום ווי אַ גרינער פאָרהאַנג. נאָר דער קעסיידערדיקער גרילצן פון די קוילעס, וואָס שפּרינגען ווי די פייגעלעך פון איין בוים אַף אַ צווייטן און פון דאָרט אַף דער רויטער ערד, וואָס איז קימאַט אינגאַנצן באַדעקט מיט פעדער־פלאַנצן און צווייַגלעך און טרוקענע טשערעטן און בלעטער, און באַלד ווידער אַף אַ צווייַג, ביז זיי דערגייען צום מענטשלעכן אויער, מאַכט אַף אים דעם אייַנדרוק ווי זיי וואָלטן געווען נאָענט. צייַטנווייַז דוכט זיך אים, אַז לעבן אים שטייט דער נעגער סילוואַנאָ, אַ מוסקלדיקער און אַ גרויסער, נאָר מיט אַן אַטראַפירטן מויעך פון אַ קינד. אים דוכט זיך אויך, אַז ער זעט פעריראַן. וואָס לייַדט אַף געלן פיבער, דעם „פירו" (דעם דאַרן), און יעדן איינעם פון די אַנדערע, ווי זיי האַקן אָן אָפּשטעל די צווייַגן מיט פיבערדיקן קלאַפּן, אין געווירבל פון אייַנטאָניקן געזשום. באַ אַזאַ אומאויפהעריקער שרייַאיקער פאַרבינדונג, איז ניט שייַעך קיין אייַנזאַמקייט. דער ווידעריקאָל, אַ פאַרגרעסערטער פון דעם צווייַגן־געוועלב, ברענגט צו יעדן איינעמס אָטעם, ווי זיי וואָלטן זיך געמיט איינער דעם אַנדערן שטאַרקן אינעם אומגליק, זיך טרייסטן, קעגנזייַטיק זיך אַרייַנגעבן נייַע קויכעס ווייַטער צו פירן די מילכאָמע קעגן דער זשערבאַ און דעם קאַמף פאַרן לעבן. אין די מינוטן ווען עס איז שטיל, טראָגט דער שטענדיק פלייַסיקער ווידערקאָל צו דעם קלייניקן טיק־טאַק פון די וואַלד־מעסערס און לאַבראַדאָר־העקלעד. אַז אַנדערש מאָל, ווען דער אימפּעט ווערט שוואַכער, ווען די היץ און די פאַרמאַטערטקייט לייגן זיך שווער אַף די אַקסלען און רוקנס פון

די מענטשן אין פאַרהאַלטן זיך אין די הענט מיט זייערע טאָנען מאַסע, נעמט זיך דוכטן, אַז אַט דער שוואַכער און לעפּאָנעם נאָענטער טיק־טיק־טיק־טיק איז דער איינציקער צובונד, וואָס זיי האָבן מיט דעם לעבן. טיק־טיק־טיק־טיק און מען ווערט אַז יעדן באַגריף פון אַלץ וואָס אַרום און מען פילט בלויז אַ שרעקלעכע פאַרמאַטערטקייט, וואָס גייט איבער אין אַ ווייטיק, און מען ווייס ניט צי דער טיק־טיק קומט פונעם כאַוועגם וואַלד־מעסער אָדער פון דעם בוים וואָס קלאַפּט זיך, צי פון דעם אייגענעם אָפּ־געכאַלעשטן האַרצן. נאָר מען טאָר ניט אָפּשטעלן די אַרבעט. מען מוז אַרײַנזעצן דעם שאַרפן קלינג טיף אינעם ווייכלעכן צווײַג — טיק־טיק, — מען מוז אָנשטרענגען די לעצטע קויכעם — טיק־טיק, — ביז צום פּלאַצן, ביז צום פאַרוואַנדלט ווערן, ווי די זשערבאַ־פּלאַנץ, אין אַן עלנטן פענדל־מאַסט. טיק־טיק, טיק־טיק, ביזן טויט.

# XXIX

מיט עטלעכע טעג צוריק איז מען צוגעקומען צו דער „מינע", וואָס דער וואַלד־מענטש רופּערטאָ און ראַמאָן גופּע האָבן אויסגעפונען. מען האָט זיך טייקעף געשטעלט צו דער אַרבעט, אונטער דער אויפזיכט פון דאָן אַמאַראָ. אַפילו ווען ער איז ניטאָ, אַפילו ווען ער פעלט פון דאָרט גאַנצע שאָען, פילט מען אַף זיך זײַנע אַרויסשטאַרצנדיקע שטרענגע אויגן, וואָס שנײַדן זיך אײַן, ווי די באַנקעס, אין די מענטשלישע רוקנס, אין זייערע אָרעמס, אין זייערע נאַקנס, און פאַרשאַפן זיי אַ שאַרפן ווייטיק און צווינגען זיי זיך אומצוקוקן און אָנצוטרעפן זיך מיט זײַן מויל, וואָס זעט אויס ווי די עפענונג פון אַ הייל אַף זײַן פּנים — אַ פינצטערע פאַרשטונקענע לאָך מיט עטלעכע קרומע ציין, דאָ און דאָרט שטאַרצנ־דיקע, — וואָס וואַרפט פון זיך אַרויס עטלעכע, אַלץ די זעלביקע ווערטער.

— שנעלער, קאַראַכאָ! — אײַלט אײַך אונטער!

אַז ניט הייבט ער אָן דראָען און זידלען. און די רוקנס נעמען זיך ווידער בייגן און די הענט נעמען קרעפטיקער — אַ קראַפט וואָס קומט פון קאָפּ — דאָס וואַלדמעסער אין די הענט. דעמאָלט טאַקע האָבן זיי זיך פירגעגומען סילעקן וואָס גיכער דעם כוווו מיט דעם זאַוואַד און אַרויס פון דער פאַרשאָלטענער טפיסע, צוריקפאָרן קיין פּאָסאַדאָס און מער קיינמאָל ניט צוריקקומען אַף קיין אייין האָפן פון אייבערשטן פּאַ־ראַנאַ. שווער שפּינען די אָרעמע מענטשן באַ זיך אינעם פאַרטעמפּטן מויעך די פּאַנאָראַמע פון זייער שפּעטערן לעבן. און טאַקע, וואָס וועלן זיי טאָן?

אין פאסאדאס איז קיין ארבעט ניטא. אין ענקארנא אויך ניט. ניטא צוליב וואס בלייבן אין די שטעטלעך. וואס־זשע וועט זיין? ווידער שליסן זיך פארן באטראך אלע טירן וואס פירן צו דער האפענונג, און מעכטיק פילט ער אף זיך די לאסט פון עלנט און פארלאזנקייט. אן אנטמוטיקטער שטעלט ער אפ א רעגע דאס פאכען פון זיין וואלד־מעסער און שטעכט איין זיין בליק אינעם טונקל־גרינעם פלאנטער. אין דער זעלביקער רעגע דערטראגט זיך צו אים דאס צארנדיקע קאל, וואס איז פול מיט פרייגעלאזטע צעיור־שעטע הינט:

— ניעיקע, דו! (שנעלער!) ראק דו לאדערסט!

ווידער בלאנקעט איבער די שטאמען אין דער הייך דער געהיימער טיק־טיק אדער דער אומאויפהערלעכער פארמאטערנדיקער טשאק־טשאק פון די לאבראדאר־העקלעך, וואס אנדערע נוצן אנשטאט וואלד־מעסערס קעדיי שנעלער אפצוהאקן די גרויסע צווייגן. ווידער ווערט דער וואלד פול מיט מענטש־געקלונג, מיט זיין שוויס, מיט זיין פארמאטערטקייט. אזוי שאען־לאנג. די זון גייט אויף, אפט קימאט אומבאמערקט הינטער דער שטארע פון בלעטער, פון צווייגן און שטאמען. שווער טוט זי איר שליכעם איבערן קוים מערקלעכן הימל דא אין וואלד, און שטיל גייט זי זיך לייגן אין דער צווייטער זייט וואלד. און די מענטשן — דער נעגער סילוואנא, דער ארעמער דארער „פירו", דער אלץ מער צעפיבערטער פעריירא, דאס יינגל סעלעסטינא, ראמאן, דער אלטער סיקסטא — ווער עם איז פון זיי און אפמאל, אף זייערע שטאמען אנגעקלאמערטע, ארומגענומען ווי מיט פרויען — די „טשינאס", וואס סילוואנא און פעריירא און ראמאן און דאס יינגל כאלעמען מיט זיי נאכט נאך נאכט — האקן און האקן. זיי האקן אראפ די באלאדענע צווייגן, וואס פאלן אף דער ערד מיט א קורצן טרוקענעם קלאפ. זיי שטעלן זיך קוים אפ דעם שוויים אפצוווישן ווען דאס אומאויפהערלעכע טריפן פון די טראפנס איבער דעם טייל פארשטויבטן לייב ווערט שוין ניט איבערצוטראגן. קוים א פאר סעקונדן אף אפצווישן זיך דעם שוויים מיט א שטיק העמד אדער מיט א גרויסער קויטיקער און דורכגענעצטער פאטשיילע. דעם מענטשנס צעקארבטע דלאניע, א באשפי־גענע, גיט באלד א צערטל דאס געקנייטשטע הענטל פון דער האק און ווידער נעמען די אומאויפהערלעכע קלעפ ערגערן דעם טרוקוא־פויגל, פאר־טרייבן די זינגענדיקע מאסאקאראס און צווינגען די אומפארמאטערלעכע פאפוגייען, אויב ניט אויפהערן קווטשען, איז אפטרעטן אביסל ווייטער. די איינגעשפארטע מאכשאוועס לאזן אבער ניט רוען דעם מענטשן, באזונ־דערס ווען עס ווערט שוין פינצטער און ער נעמט זיך קארטשען אונטער דער באנאכטיקער קארע ווי א ריזיק גרויסער שילדקרעט, און דער גאנ־

צער וואַלד, דוכט זיך, גיט אַרויס פֿון זיך, פֿון יעדן צעל זײַנעם, און פֿון זײַן מאַיעסטעטישער רו, אַ מילדן נאָר דורכנעמענדיקן טרויער.

— אַך, ווען עס מאַכט זיך, ערגעץ דאָרט אַראָפּ וואַסער, אַ לײַטיש באַלעבעסל, ניט אַזאַ דאָקוטשליוועך! מען זאָל קענען פֿאַרדינען אַ לײַטישע פּאָר פּעזעס, אומגיין מיט אַ ניט לײדיקן גאַרטל, לײַטיש אָנגעטאָן, און אין די זונטיקן אַ הוליע טאָן!... און אַ כאַווערטע האָבן, אַזוי, אַ טשעפּקע, מיט אַ ראַשעדיק קלײדל און מיט אַ גרויסן גילדערנעם קאַם פֿון אויבן, און אין דער היים זאָל זי וואַרטן מיט נאַשערישע ליפּן און אַ ברוסט אַ הויכע, שטאָלץ אויסגעשטעלט צום בײַסן! און עפּשער טאַקע...

— ניעיקע, אַניאַ מעמבוו! שנעלער, טײַוולשער זון! וואָס קלערסטו? גער, קאַראַכאָ!...

דערשראָקן, איבערגעשלאָגן אינמיטן בעסטן כאַלעם זײַנעם, לאָזט דער מענטש אַראָפּ די אויגן. ער זוכט די שוין באַקאַנטע פֿאַרהאַסטע געשטאַלט. נאָר דאָס מאָל זעט ער ניט קיינעם. אומזיסט זוכט אַרום זיך זײַן גיריקער בליק. אָפּגענאַרט האָט אים זײַן אײגענע מוירע, די געוואוינהייט יעדע מינוט צו דערוואַרטן זײַן סוינעס בײַטשנדיקן קאָל. דאָס מאָל איז עס קיינער ניט געווען, ווי נאָר די שרעק וואָס די קאַפּאַס און קאָנטראַקטיסטן פֿלאַנצן געוויינלעך אײַן קלוג און פֿאַמעלעך אינעם האַרצן פֿון יעדן באַטראַק, ביז זיי מאַכן פֿון אים אַ שמאַטע, אַ נישטיקייט, אַ פֿרײַ־דערשלאָגענעם מענטשן, וואָס דערוועגט זיך ניט אַפֿ מערידע אַפֿילע ניט אין געדאַנק און דערשטיקט אין זיך זײַן פֿאַרבאָרגנסטן צאָרן, אויס מוירע טאָמער וועט ער אויפֿגעדעקט פֿאַר די וואָס ווייסן אַלץ; וואָס לאָזט שטענדיק אַראָפּ די אויגן, צוויִעסדיק און פֿאַכדאַניש פֿאַרן אויבערהאַר, ער זאָל זיך ניט אָנשטויסן וואָס ער טראַכט. שטענדיק מיט מוירע, שטענדיק מיט האַכנאָע, שטענדיק מיט די אויגן אַראָפּ. נאָר הייבט ער זיי שוין אויף, הייבט ער שוין אויף אויך דעם קאָפּ און קוקט גלײַך אין די אויגן, צום האַרגענען. זיי — יענע — האָבן אים אַזוי פֿאַרוויינט. זאָלן זיי זיך ניט קלאָגן אַפֿ דער ביטערער פּרוכט, וואָס זיי אַליין וועלן מוזן אויפֿעסן.

# XXX

מען רופֿט אים עסן און ער הערט ניט. סאָפּקאָלסאָף דערהערט ער און קריכט אַראָפּ מיט דעם לעצטן קלאַפּ, מיט דעם לעצטן צוויַיגל. ער גלײַכט זיך אויס, וואַרעם די מוסקלען, דוכט זיך אים, זײַנען אים צונויפֿגעקנופּט ווי די גראָזן־שטריק, אין די אָרעמס, אין די ליטקעס און איבערן

גאַנצן גוף, און ער לאָזט זיך פֿאַמעלעכן גיין צום קליינעם ראַנטשאָ, וואָס צעשטייט אַף אַ העכערן אָרט אינעם וואַלד. אַלע זײַנען שוין דאָ. דער צעוואַקסענער נעגער סילוואַנאָ, אָנגעשפּאַרט אָן אַ ווײַרעד־בוים, וואָס מאַכט אים אויסזען קלענער ווי ער איז, שווײַגט ווי שטענדיק און שמייכלט קינדיש. צוויי אָדער דרײַ זייערע ליגן אַף דער ערד מיט דעם עלנבויגן אונטערגעשפּאַרט אָן דעם האַרטן מאַטראַץ פֿון צעטראָטענע צווײַגלעך און בלעטער, אָדער אַפֿן רוקן אויסגעצויגן און קײַען פֿאַמעלעך, די אויגן צום סכאַך אָנגעשטעלט. אין דער מיט, אַף אַ צעברענטן פֿײַער, קאָכט זיך דער „זשאָפּאַראַ"* אין אַ קרומען טאָפּ אַף דרײַ פֿיסלעך. זיי נעמען אַרויס גאַליעטן פֿון אַ זאַק. זיי זײַנען אַזוי טרוקן, אַז ראַמאָן מוז אַ היפּש ביסל שפּײַעכץ פֿאַרווענדן אַף ווייכער צו מאַכן די שטיקער וואָס ער קײַט מיט אַ ווילדער האַסטיקייט. מען שטעקט אַרײַן אין טאָפּ דעם שעפּ־לעפֿל און ער ברענגט פֿון דאָרט אַרויס אַ הויפֿן אַלטע רײַז, וואָס זײַנען פֿונעם קנאַפּן קאָכן אַביסל ווייכער געוואָרן, אינאיינעם מיט דעם מאַיִס און אַ שטיקל ריבן, וואָס איז פֿאַרבליבן פֿון נעכטן. זיי עסן און שווײַגן. סילוואַנאָ רוקט אַרײַן אַ פּאָר שעפּ־לעפֿל צו זיך אין פּיסק און טרעט אָפּ צוריק אַף זײַן אָרט. דער דאַרער עסט ווי אַ נאַשער און בײַ יעדן לעפֿל באַלעקט ער זיך. ראַמאָן איז גלײַך מיט אַלעמען הונגעריק, נאָר דאָס הייסע עסן פֿאַלט אים האַסטיק אינעם מאָגן און קלאַפּט ווייטיקלעך אַף די ניט באַפֿרידיקטע געדערים. זיי ריידן ניט אויס קיין איין וואָרט, צו פֿאַרמאַטערט זײַנען זיי, און טראַכטן ווי ווײַט עס איז נאָך צו נאַכט. אין צוויי טעג אַרום מוז אַלץ זײַן פֿאַרענדיקט און צו די לעצטע זשערבאַ־ביימער פֿון דער „מינע" איז נאָך ווײַט. פֿויל הייבן זיי זיך אויף, נעמען זייער געצײַג און מיט די בליקן ווישן זיי אָפּ דעם שאַרף פֿון זייערע וואַלד־מעסערס.

איינער רופֿט זיך אָן, ווי ער וואָלט טראַכטן אַפֿן קאָל:

— און מען מוז פֿאַרענדיקן. דער באַלעבאָס האָט געזאָגט...

— ווי:אַזוי?... עס פֿעלט נאָך אַ סאַך. אוממעגלעך...

— איך האָב שוין קיין קויכעס ניט, ערן־וואָרט...

— איך אויך...

— דערנאָך קומט ער און שרײַט: ניעיקע! ניעיקע! בײַ מיר איז שוין דאָס בלוט איבערגעברענט פֿון הערן ווי ער יאָגט מיך. איכל אַמאָל אָפּטאָן אַזוינס...

— אומזיסט דאָס פּראָטעסטירן...

* אַ מײַכל פֿון מאַיִס אָדער רײַז, בעבלעך און געזאַלצן פֿלייש.

— אומזיסט... — הערט זיך דאָס קאָל פונעם נעגער סילוואַנאַ, ווי אַ ווידערקאָל.

— פּרוּוו זאָג דעם קאָנטראַקטיסט, אַז מען קען ניט, וועסטו זען ווי בייז ער ווערט...

— ווי אַ זשאַראַראַ, בייז ווי אַ גיפטיקע שלאַנג.

זיי זוכן אַן אויסגאַנג און זײַנען זיכער אַז קיין אויסגאַנג איז ניטאָ. דער אַלטער סיקסטאָ שטעלט רוּק אַרײַן אַ וואָרט:

— צופּיל צײַט פאַרלירט מען מיטן אַרויפקריכן און אַראָפּקריכן... אונטערהאַקן איז גרינגער...

אַלע שטעלן זיך אַנגסטלעך אַרום. דער אַלטער לאָזט זיך ניט בעטן. נאָך אַלעמען, האָט ער געזאָגט דאָס וואָס אַלע ווייסן שוין, וואָס איז שוין לאַנג באַקאַנט צווישן די פאַרהאַרטעוועטע זשערבאַ־רײַסער אויף איבערשטן פּאַראַנאַ. מיט דעם בוים דאַרף מען זיך ניט צערעמאָניען. וואָס קען מער זײַן!...

— זעצסט דיך אויבן און באַבערסט זיך! האַק אָפּ דעם בוים און שוין...

— און זיי זאָגן גאָרניט?

— ווער זיי?

— זיי... דער קאָנטראַקטיסט, די קאַפּאַטאַסן, דאָן סאַנטאָ...

ער באַרוּקט זיי. ניין. וואָס זאָלן זיי זאָגן? וואָס גייט זיי אָן דער בוים? ניט דאָ, אין דעם האָפן, ניט אין קיין שום האָפן באַם בראַזיליען־נישן, אַרגענטינישן אָדער פּאַראַגווײַישן ברעג, גייט עמעצן אָן דער גורל פונעם זשערבאַ־בוים. דעריקער אָפּשינדן, אָפּסמאַליען, אַוועקשיקן און אײַנמאַנען. אייַן זאַך ווילן די באַלעבאַטים, געלט אויף דער האַנט, אין קאַנטאַס, אין אורוגווײַער אָדער אין אַרגענטינער פּעזאָס. צו וואָס זיך נעמען צום האַרצן פון עטלעכע טויזנטביימער מער אָדער ווייניקער? איבעריקנס, איז די ערד אַלעמענס אָדער קיינעמס ניט. מאָרגן וועט די קאָנצעסיע באַקומען אַן אַנדערער אָדער מאָרגן קען אײַנפאַלן דער רעגירונג אַרויפצולייגן אַזוי פיל שטײַערן, אַז דאָס ווערט אויס געשעפט. ניין. דעריקער איז וואָס מער רעוואָכים אַרויסצײַען, מעגן די בעקאָוועדיקע ווײַסע ריזן ווײַטער פאַלן און מעגן די ברוטאַלע שענדער פון דער ווילדעניש ווײַטער שינדן זייערע שמעקעדיקע בלעטער. זאָלן זיי פאַלן. וועמען גייט עס אָן?

— איז אונטערהאַקן, האַ?...

— אַוואַדע! אַזוי איז גרינגער, שנעלער...

שוין צעשיטן זיי זיך אויף פאַרשיידענע זײַטן. שוין אַבקעט דער שטאָל. נאָר איצט האָט דאָס וואָרט בלויז די האַק. דער טשאַק־טשאַק האָט שוין

אינגאַנצן פאַרנומען דאָס פּלאַץ פון דעם סווישטשענדיקן אויף און אָפּ פונעם וואַלד־מעסער. שוין בייגט זיך דער עלעגאַנטער שטאַם און זיין בלע־טער־קרוין קושט די אייזן־רויטע ערד, וואָס האָט אים ביז איצט געהאַלטן אַף זיך. און ווי נאָר ער פאַלט אום, באַפאַלט אים דעם מענטום זשעדנע האַנט אים צום איבעריקן דערשטיקן. פון אַלע זייטן הערט זיך דאָס האַקן און אימפּעטיק אַרבעטן פון די וואַלד־מעסערס, ווי זיי וואָלטן אַריין אין אַ קאַמף אַף לעבן און טויט מיט דער ווילדעניש. מיטאַמאָל וואַקסט אויס לעבן איינעם פון די באַטראַקעס דאָן אַמאַראָ. ער טוט אַ קוק אַף דער פאַרניכטנ־דיקער אַרבעט פון דעם דאַרן, וואָס האָט געמיינט ער וועט אים ווידער אָפּזידלען. נאָר ער זאָגט אַ וואָרט ניט פאַרוואָס מען איז אַזוי אומגעלומ־פּערט מאַקריוו דעם בוים. ער האָט גאָרניט, וואָס צו זאָגן קעגן דעם פאַר־ניכטונג־סיסטעם. געזאָגט האָט ער נאָר:

— ניעיקע!

# די דעראָבערונג

„...געקומען זײַנען זיי אין אונדזערע געגנטן ווי דאָן דאָמינגאָ באַרטהע, און כאָטש זיי זײַנען ניט אַזוי רײַך געוואָרן ווי ער, האָבן זיי דאָך אַרײַנגעכאַפּט היפּשע שטיקער לאַנד, און אויב עמעצער פון זיי האָט זיך אויפגעהויבן פונעם טיש מיט אַ גאַנצער העלפט טעריטאָריע, איז עס נאָר דערפאַר וואָס אַ פריִערדיקער פאַר אים האָט אים מער ניט איבערגעלאָזט. נאָר די גרעסטע מאַזיקים אַף אַרײַנצובאַקומען די רײַכע לענדערײַען זײַנען געווען רודעסינדאָ ראָקאַ, ערעקאַבאָרדע, דאַריאָ קיראָגאַ ..."

„קיראָגאַ איז געווען אַ הענדלער מיט אָרעמע מיידלעך, וואָס ער פלעגט זיי פּראָסטיטויִרן, פאַרשקלאַפן אָדער אַוועקפירן מיט זיך קיין בוענאָס־אײַרעס און שענקען זײַנע גוטע ברידער קעדיי זיך אײַנצושאַפן „קוניאַס", מעקוראָווים אין די הויכע פענצטער. זײַן גרויסע פעיִקייט איז געווען קאָרטנשפּיל. אין לויף פון דער צײַט וואָס ער איז געשטאַנען אינעם שפּיץ פונעם געריכט, האָט מען דורכגעפירט די גרעסטע סקאַנדאַליעזע שמוגלען. די וועגענער מיט אויסלענדישע סכוירעס פלעגן אַרײַנקומען באַוואַכטע און געשיצטע פון דער פּאָליציי גופע און פאַרבײַגיין דעם פּאָסאַדעסער הויפּט־פּלאַץ. דאָס האָט אָנגעהאַלטן ..."

(אַ. מאָמבעזשאַ : דער דיפּלאָמירטער ריכטער פון מיסיאָנעס אָדער די קונצשטיק און מײַסים פון אַ מענגוול).

„אַלע זשערבאַ־אונטערנעמער וואָס האָבן זיך באַזעצט אין טאַקורו־פּוקו, האָבן געמוזט פון דאָרטן אַפּציִען און זײַנען אַריבער מיט זייערע לאַגערן אַף דער מיסיאָנעסער טעריטאָריע און קיין בראַזיל, מאַכמעס אין דער צײַט פון פּרעזידענט באַריירא האָט די פּאַראַגווײַער רעגירונג איבערגעגעבן די עקספּלואַטאַציע פון יענער זשערבאַ־געגנט דעם גענעראַל עסקאָבאַר, פּאַרטרעטער און פּאַרוואַלטער פון דעם געשעפט־הויז אַנטאָניאָ אָריבע און קאָמפּאַניע פון בוענאָס־אײַרעס. די זשערבאַ־וועלדער זײַנען דערנאָך אַריבער צו..."

(פון אַ כראָניק)

די רעגירונגען אינטערעסירן זיך ניט מיט דעם זעלטענעם קאַנט, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די געאָגראַפיע פון דער זשערבאַ־מאַטע. נאָר דער אייבערשטער פּאַראַנאַ אינטערעסירט זיך נאָך ווייניקער מיט די רעגירונגען. ער פאַרלאַנגט בלויז מען זאָל אים צו רו לאָזן.

די „מינייראָס" און באַלעבאַטים פון די זשערבאַ-וועלדער, די „פאַ-זענדייראָס" און „טשע רוביטשאַס" ווילן ניט מען זאָל זיך מישן אין זייערע געשעפטן. ס'אַרט זיי ניט מען זאָל אַף זיי אַרויפלייגן שטײַ-ערן. פּאַראַן, נאַטירלעך, גובערנאַטאָרס, אומעטום פּאַראַן. פּאַראַן הויפּט-קאָמיסאַרן איבער די זשערבאַ-וועלדער און פּאַראַן סוב-פּרע-פעקטן און ריכטער און פּאָליציאַנטן. נאָר דאָס מאַכט ניט אויס. די באַלעבאַטים שרײַבן דאָס אַרײַן אין דער קאָנטע פון פאַרשיידענע הויצאָעס. טרעפט די רובריק ווערט אַמאָל צו געשוואָלן, מאַכמעס די קרעאָלישע באַאַמטע האָבן ליב צו פירן אַ ברייט לעבן. נאָר עס האָט די ווערט. די מאַטאָנעס, איבעריקנס, גיט מען אַף אַן עלע-גאַנטן אויפן. אַ זשערבאַ-אונטערנעמער באַצאָלט דעם גאַנצן כעשבן פונעם מעבל וואָס דער מיסיאָנעסער פּאָליציימײַסטער מעבלט דער-מיט אויס זײַן הויז. אַן אַנדערער דעקט דעם קאָסט פון די הײַזער, וואָס אַ געוויסער ריכטער קויפט פאַר זיך אַף. די באַלעבאַטים פון די געהילץ- און זשערבאַ-זאַוואָדן באַצאָלן דעם לוקסוס, די פרויען, די באַנקעטן און אַפילע די וועש פון די באַאַמטע. נאָר עס האָט די ווערט. קיינער דערוועגט זיך ניט די נאָז אַרײַנצושטעקן אין זייערע געשעפטן. ניט די רעגירונגען אינטערעסירן זיך מיט דעם אייבערשטן פּאַראַנאַ און ניט דער אייבערשטער פּאַראַנאַ אינטערעסירט זיך מיט די רעגירונגען.

דאָס לעבן דאָ איז ניט רויִק און ניט נאָרמאַל. דאָ איז עס פּאַ-שעט אַ געגעם. מען אַנטלויפט דערפון ווי נאָר מען קען. די גרויסע זשערבאַ-אונטערנעמער — ווי נאָר זיי מאַכן די אַפּויטעקע. די פאַר-וואַלטער און באַאַמטע — ווי נאָר זיי האָבן גענוג אָנגעגאַנוועט. די מענסום — ווען זיי ווערן קראַנק און שטאַרבן. אַלץ איז אָבער ניט מער ווי אַן אילוזיע. וואָרעם ווער נאָר עס שטעלט אַרײַן אַ פוס אין דער פאַרפירערישער געגנט, ווער נאָר עס לאָזט נאָך זיך אַ שפּור אין דער רויטער ערד פון דעם אייבערשטן פּאַראַנאַ, קען שוין פון איר ניט אַוועק. ער בלײַבט אירער אַ געפאַנגענער. אַנדערע ווילן זיך באַרוישן און מיינען זיי זײַנען אַנטלאָפן. זיי קומען מיט פולע טאַשן קיין בוענאָס-אײַרעס אָדער קיין ריאָ, לייגן זיך מיט בלאָנדע פּראַנצויזקעס, הוליען, קויפן אויטאָס און יאַכטעס, שפּילן אַף דער רולעטע, פאָרן אויס די וועלט און ווילן ניט מען זאָל זיי דערמאָנען די זשערבאַ-מאַטע. זיי טראָגן אָבער דעם אייבערשטן פּאַראַנאַ אי-נעם פיבער וואָס פאַרצערט זיי סאָפּקאָלסאָף, אָדער אין דעם סיפילים, וואָס אַן אַנדער קאַפּאַטאַס אָדער אונטערנעמער האָט אָנגעשטעקט

דער „טשינאַ", וואָס אויך זיי האָבן פאַרגוואַלדיקט; אָדער, וואָס נאָך ערגער, זיי פאַלן. אַ קאָרבן פון אַ שווערן דערדריקנדיקן „גורל", וואָס פאַרשלעפּט זיי, קעגן זייער ווילן און געבראָכענע צוריק צו זייער פריִערדיקער ראָל פון מענטשן־אויסנוצער, פון ווײַספּלייש־הענדלער, ערגעץ אין אַ האַפן אַפן אייבערשטן פּאַראַנאַ. קיינער קען דאָס דאָזיקע זשערבאַ־פּאָטערלאַנד ניט פאַרלאָזן. ניט די קאַפּאָס, ניט די קאַפּאַטאַסן, ניט די מאַזשאָרדאָמען, וואָס זײַנען צוגעבונדן צו דעם זעלביקן יאָך וואָס די באַטראַקן, וואָס זיי שמײַסן, צעמיימיסן און דערשיסן. אויך ניט די מענסוס, וואָרעם זיי זײַנען דער נערוו און דאָס לעבן פון דעם אייבערשטן פּאַראַנאַ, וואָרעם פון קינדווײַז לאָזן זיי דאָרט זייער האַשטאַנע, זייערע סטרעמפּלעך און זייערע טרערן, און דערנאָך זייער קוימיקן שווייס און זייער בלוט און זייערע מוסקלען. און דערנאָך, ווען זיי זײַנען שוין אינגאַנצן אויסגעקוועטשט, ווען אָט די מאָגערע שוואַכע מאַשין, דער קערפּער זייערער, גיט שוין פון זיך ניט אַרויס ניט קיין טרערן, ניט קיין שווייס, ניט קיין בלוט, גיבן זיי אָפּ זייער לעצטן צינז: זייערע אָרעמע ביינער, וואָס ווײַסן זיך ערגעץ אַף אַ פּליך אינעם וואַלד, אָדער זיי פאַראייניקן זיך מיט נאָך אַזעלכע מעכטיקע באַפרוכפּערנדיקע מאַטעריעס אַפן דעק פונעם גרויסן טײַך.

ניין, קיינער קען פון דעם זשערבאַ־פּאָטערלאַנד ניט אַנטלויפן. אומזיסט די מי. אומזיסט.

# XXXI

אַמעליע פילט ווי דאָס קינד וואַקסט אין איר. ווי שנעל דאָס איז געקומען. זי האָט קוים צײַט געהאַט פאַרגעסן אָן דעם אָרעמען גאַלאַרסאָ און שוין האָט דאָס קינד גענומען שטויסן זיך באַ איר אין בויך. מיט די טונקעלע הענטעלעך, נאָך אָן ביינער, ווי אַ זײַד, זוכט עס איצט אַוואַדע אַן אַרויסגאַנג צו דער וועלט, ווו עס וואַרט דערויף אַזויפיל וויי. זי פילט זיך קראַנק, דערשלאָגן און איז געניינגט פאָרצופילן דאָס ערגסטע. ווער וויס צי וואָלט ניט גלײַכער געווען דאָס קינד זאָל דאָרט פאַרבלײַבן, אין דער ראָזעווער וועלט, ווו עס איז ניטאָ קיין הונגער און קיין פליכטן! זי האָט עס, נאַטירלעך, געוואָלט פאַרהאַלטן, נאָר אַלע קרײַטעכצער, וואָס ניאַ לויזע האָט איר געגעבן, האָבן ניט געהאָלפן. זי האָט זיך צו שפעט אַרומגעזען. איצט פילט זי דאָס קינד זיך צאַפלען אין איר. זי פילט ווי דאָס זויגט אָן ראַכמאָנעס אירע מאָגערע קויכעס און אַזוי פרעסעריש און רישעסדיק נעמט עס באַ איר אַוועק אַלץ וואָס זי עסט. און אַלץ צוליב וואָס? קעדיי דאָס זאָל ווערן נאָך איינס פון די זאַוואָד־קינדער, פון די אויסגעדאַרטע, שטענדיק קרענקלעכע קינדער, אַן עלנטע קאָפּיע פון זייערע עלטערן? זי האָט כיישעק צוצוקוועטשן דעם בויך, וואָס איז קימאַט גרעסער פון איר אַליין און צעקוועטשן דעם קליינעם סוינע אירן, נאָר עס פעלט איר אויס דערצו דער מוט. זי לאָזט דאָס גיין ווי דאָס גייט און קוקט ווי איר קינד וואַקסט אַזוי אָנראַכמאָנעסדיק און זיכער ווי דאָס אומגליק אירס.

די ביטערע מאַכשאָוועס, מעגלעך, קומען צו איר פון דעם עלנטן זיצן איינע אַליין אינעם ראַנטשאָ, אין דעם שטילן פאַרנאַכט מיט דעם פאַרוואָלקנטן הימל. זי איז אַרויס אינדרויסן. אַרום איר צעקרומטן ביידל האָט מען געהאַט פאַרפלאַנצט עטלעכע יוקאַ־שטענגלעך און באַנאַנע־ביימלעך, וואָס שטרעקן שוין איצט זייערע גרינע און געלע בלעטלעך צו די טונקעלע וואָלקנס. זאָרגעוודיק טרעט זי אײַן מיט די פיס די רויטע גרוד־

קעם ערד און אומגעריכט דערזעט זי אַ גיפטיקע שלאַנג. איר עק איז אויסבאַהאַלטן צווישן דעם ווילדגראָז, נאָר זי זעט זי דײַטלעך ווי אַ קרעפּטיקע לאַפּאַטשאַ־צווײַג. איין שפּאַן בלויז איז צווישן זיי ביידן. זי זעט דאָס ווייכע קרומען זיך פון דער שלאַנג, די טונקעלע פּערפעקטע דרײַעקן אַף איר בייגיקן רוקן און אַפילע די אומגעריכטע ווײַסקייט פון איר בויך. ווען די שלאַנג איז פּלוצים פאַרשווונדן צווישן דעם ווידלגראָז, האָט זי זיך ערשט געכאַפּט, אַז זי האָט ניט בעדייע געהאַט זי צו בײַסן. זי ווייסט עס, האָבן אַ יינגל! אַ גלויבונג אַזאַ פאַראַן אַפן אייבערשטן פּאַראַנאַ. נאָר זי נעמט אויף דעם אָנזאָג אַ גלײַכגילטיקע. איר וואָלט זיך גאָר ניט גלויבן, אַז זי איז לעבן געבליבן, ווען ניט דאָס קעסיידערדיקע קלאַפּן פונעם קינד מיט זײַנע זײַדענע הענטלעך.

פּאַמעלעך שפּאַנט זי צו צו דער בייט מיט יוקאַ און פּרוּווט מיט די הענט אויסרײַסן אַ ווילד געוויקס, וואָס שטערט איר וואַקסן. נאָר ווען זי בייגט זיך אָן, כאַפּן איר שווערע ווייטיקן אַרום, און זי ציט זיך אויס אַף דער ערד. אַ רעגע דוכט זיך איר, אַז דאָרט וועט זי שוין האָבן דאָס קינד, איינע אַליין — ווײַל זי האָט קיין צײַט ניט געהאַט צו וויסן געבן איר קוואַטערן איסידאָראַ. — געפאַלן איז זי אַפּן רוקן און ליגט אַף דער רויטער דורשטיקער ערד מיטן פּאָנעם צום הימל און קען דערום באַטראַכטן זײַן גאַנצע אומענדלעכקייט.

אָט אַזוי, אַז אויסגעצויגענע, מיט צענומענע פיס, מיטן פּאָנעם אַרויף. פּונקט ווי דעמאָלט. ווי ווען? אַ רעגע טוט דער זיקאָרן אַ שנעלן נישטער אין דער פאַרגאַנגענהייט. צווישן אַלערליי בילדער ברענגט ער איר צו איינס אַ דײַטלעכס, אַ נײַס, ווי אָט ערשט פּאַסירט. זי אַליין איז עס. נאָך קיין צוועלף יאָר ניט אַלט. געוווינט האָבן זיי אין ענקאַרנאַסיאָן, מיט דער מוטער, אַ דיקע, אַ הויכע און אַ בראַווע. די מוטער פלעגט וואַשן וועש אַ גאַנצן טאָג און, .ווען ניט ווען, אונטער אַ נויט, קאָכן אין שטעטלשע הײַזער. געהאַט האָט די מוטער אַ מאַן — דעם צווייטן צי דעם דריטן — אַ קרעפּטיקן מאַנצביל מיט אַ געל־פאַרברוינטן פּאָנעם, וואָס האָט ליב געהאַט שפּילן גיטאַרע און די נעכט פלעגט ער פאַרברענגען באַ די טענץ און באַ די הוליאַנקעס און די טעג אַפּן בעטל זופּן די מאַטע, וואָס זי אָדער אַן אַנדער קינד פלעגט אים אונטערטראָגן. אַרבעטן האָט ער ניט ליב געהאַט און פלעגט קיינמאָל קיין סענט ניט אַהיימברענגען אָדער עפּעס צום עסן. אַ שלעגער איז ער געווען און ניט איינמאָל פלעגט ער אַהיימקומען אַ צעשלאָגענער. נאָר די ווונדן פלעגן זיך אים גיך פאַרהיילן מיט די קרײַטעכער, וואָס די מוטער פלעגט אויפזידן, און מיט זײַן לאַנגן ליגן אַף דער זון. מיט דעם ווײַב פלעגט ער זיך קעסיידער אַרומקריגן און דאָך

האָט זי אים ליב געהאַט און עס האָט איר ניט אויסגעמאַכט מאַקריוו צו זײַן זיך פֿאַר איר כאַסינטאַ, כאָטש געוווּסט האָט זי וועגן זײַנע מאַכזאַקעס מיט די שטעטלשע ווײַבער. דערנאָך זײַנען געווען קינדער, די וואָס זי האָט מיט זיך געבראַכט, אַ האַלבער טוץ, ווייניקסטנס, און די צוויי וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט. אין אָרמײַ אַ גאַנצע, וואָס האָט געסמאַרקעט און געדריפּעט, געוויינט און זיך געביסן. אַרומגעגאַנגען הונגעריק דעם גאַנצן טאָג, מאַכמעס דאָס עסן האָט ניט געקלעקט פֿאַר אַזוי פֿיל מײַלער. געהאַט האָט זי דעמאָלט אַן אויסגעריבן קלייד, וואָס איז אַמאָל רויט געווען און געוואָרן שוין קוימיק ראָזעווע, און צוויי צעפּ ביז די היפּטן. צוויי בריסטלעך אומגעהאָרכיקע האָבן שטאַרצעדיק צו וויסן געגעבן די פֿרוי אין איר. נאָר זי האָט אַפֿילע ניט געטראַכט דערפֿון. זי פֿלעגט דעמאָלט זייער אַ סאַך אַרויסהעלפֿן דער מוטער. שאָען־לאַנג פֿלעגט זי האַלטן די הענט אינעם טײַך און רײַבן אַף די שטיינער דאָס קוימיקע וועש, שטענדיק לאַנג געטראַגנס. מיט פֿאַרדרוס האָט זי אַמאָל אַ פֿרעג געטאָן בײַ דער מוטער:

— פֿאַרוואָס דאַרפֿן מיר לעבן פֿון וואַשן יענעמס באַזעריי?

די מוטער האָט זי דעמאָלט אַ גלעט געטאָן, ווי זי פֿלעגט עס זייער זעלטן טאָן, מיט איר גרויסער פֿאַרמאַזאַליעטער האַנט און האָט איר אַפֿן אויער אײַנגערוימט אַן אומגעריכטע זאַך:

— וועסט שוין זען... ס'וועט לאַנג אַזוי ניט זײַן. אינגיכן וועלן מיר אויסגעפֿינען אַ „באַגרעבעניש". איך האָב אַ גוטן סימען. און מיט גאָטס הילף וועט דער אויצער זײַן אונדזערער. זאָלן נאָר די שרעטעלעך גוט זײַן און אונדז אָנווײַזן דאָס ריכטיקע אָרט, וועסטו שוין זען...

פֿון דעמאָלט אָן פֿלעגט זי איר קעסיידער אײַנרוימען אַזוינע זאַכן. געווען איז זי פֿון שטענדיק אַן אַ פּראַקטישע פֿרוי, נאָר דאָס מאָל האָט זי זיך אײַנגערעדט אַז זי מוז געפֿינען אַ באַהאַלטענעם אויצער. לעבן קלויסטער, אין אַ האַלב־אײַנגעפֿאַלענער ציגל־וואַנט, פֿלעגט זי דערציילן, האָט זי שוין עטלעכע מאָל באַנאַכט געזען אַזוינע מאָדנע פֿײַערלעך. זי הערט דאָרטן פּײַפֿן און קרעכצן. מען דאַרף נאָר צעגראָבן און צענעמען די ציגל.

— וועסט שוין דערנאָך זען וויִאַזוי מירן אַ לעב טאָן...

זי איז אַזוי פֿאַרטאָן געווען מיט איר כאָלעם, אַז זי האָט זיך גאָרניט אַרומגעקוקט ווי איר אַמעליע ווערט פֿאַרפֿאַלגט. ווי נאָר כאַסינטאַ פֿלעגט זי טרעפֿן אין דער פֿינצטער, אין שטוב אָדער אין דרויסן, פֿלעגט ער זי אַ קנײַפּ טאָן אָדער אַ טאַפּ טאָן. זי פֿלעגט פֿון אים אַנטלויפֿן אַ דערשראָקענע, אַ באַליידיקטע ביז די האָר־וואָרצלען, זי האָט געפֿילט ווי דאָס לײַב

ברענט איר פון דער גראָבער ניט געוווּנטשענער לאַסקע. און איינמאָל איז אַ באַנאַכט האָט פּאַסירט דאָס וואָס זי האָט אומקלאָר פאַרויסגעפילט. זי האָט געהאַט אַרויסגעטראָגן איר בעטל אַף דרויסן, מאַכמעס אינעווייניק אינעם ראַנטשאָ האָט איר געשטיקט דאָס הייסע אויסגעמישטע ליגן פון אַלע צוזאַמען. געלעגן איז זי אַן אויסגעצויגענע אָפן בעטל מיטן פּאָנעם צום טונקל־בלויען הימל, אַן אויפגעהייטערטע, די פיס צעוואָרפן, קימאַט אַ גליקלעכע — אַליין ניט וויסנדיק פאַרוואָס. כאַסינטאַ איז אַהיימגעקומען שפּעט, ווי שטענדיק, אַביסל אויסגעטרונקען, טאַקע נאָר אַביסל. מיטאַמאָל האָט זי אים דערזען אַרייַנרוקן זיך צו איר אין בעטל. גערעדט האָט ער צו איר שטיל, צעטומלט, און אומגעשיקט געגלעט. די מוטער איז שווער געשלאָפן, אַ פאַרמאַטערטע. און אַזוי אַרום האָט איר דער שטיף־פאָטער, אין אָט דער טיפער, שאַרפער אנגסט, אין שרעקלעכן ווייטיק, אַנטפּלעקט דעם סאָד פון ליבע.

די מוטער איז געצווונגען געווען צוצוזען, קימאַט אַ גלייַכגילטיקע, ווי די אָפּגעטוענע זאַך ווערט איבערגעכאַזערט. אין די פרימאָרגנס, ווען כאַסינטאַ פלעגט זיך אויסניכטערן פון זייַנע שיקערע נעכט, פלעגט ער זי רופן צו זיך אָפן שטרויזאַק. אָפּזאָגן האָט געמיינט ווערן באַליידיקט, גע־שלאָגן און צוזען נאָכאַנאַנד פייַנלעכע קריגערייַען מיט דער מוטער, וואָס איז אַוועק וואָס אַ טאָג אַלץ ווייַטער פון דער וואָר. און אַזוי האָט זי עס געלאָזט גיין ווי עס גייט. יאָרנלאַנג דערנאָך האָט זי יעדן איינעם וואָס איז איר לעבן פאַרבייַ, געלאָזט טאָן מיט זיך וואָס זיי האָט זיך געגלוסט.

:: :: ::

זי פרוּווט זיך אויפהייבן, נאָר אַ שטאַרקער שטאָך נידעריק אינעם בויך האַלט זי אָפּ. זי פילט זיך ווי צוגעשמידט צו דער ערד, געפאַנגען באַ דעם טרוקענעם רויטלעכן און דורכשטיקן ליים. אַף די צווייַגן פון אַ נאָענטער סאָסנע שפּרינגט אַרום אַ וועווערקע. זי קוקט צעשטרייַט ווי דאָס כאַיעלע שפּרינגט און טראַכט דערבייַ וועגן איר מאַנצביל. זי האָט מיט אַן עמעצן ניט וואָס זיך צו באַקלאָגן. מיט אים פאַרגעסט זי אַז זי איז קעסיידער געווען אַלעמענס נעקייווע. עמעס, ער איז אַ שווייַגער, ניט גאָר קיין פריילעכער. ער גייט אום ווי עס וואָלט אים אַן אויסבאַהאַלטענע זאָרג געצויגן אַף אינעווייניק אין זיך. נאָר ער שלאָגט זי ניט ווי טשאָלאָס מאָן אָדער ווי ניקאָלאַסאָס און ווי יעדער אַנדער מענטש, וואָס לעבט מיט אַ ווייַב. ער שיקערט זיך אויך קימאַט קיינמאָל ניט אָן. אַפילו ניט שאַ־בעס באַנאַכט, ווען אַלע אַנדערע נעמען אַרויס אַף אַ קוויטל געלט אין דער פאַרוואַלטונג און טרינקען זיך אָן אַזוי אַז זיי בלייַבן דאָרטן ליגן

אַן כיישעק און אַן קויכעס זיך אויפצוהייבן, גליקלעכע, וואָס זיי קענען זיך פאַרגעסן, מיט דעם פאַרדעכטיקן וויין אָדער צעוואָסערטן בראַנפן, אַן דעם געגעם, ווו זיי דאַרפן מאָרגן ווידער גיין אַרבעטן.

זי האָט ווידער אַ פּרווו געטאָן און דאָס מאָל געלינגט איר מיט גרויס מי זיך אויפצוזעצן. דאָס קינד הערט ניט אויף קלאַפּן אין זיין גרויסן איי און צאַפּלט מיט זיין אייגן קימאַט שוין זעלבשטענדיק לעבן. עס פעלט דעם נאָך דעם לעצטן שפּרונג צו מאַכן, אַריינצוּוואַרפן זיך אין דעם שטורעמדיקן לעבנס־טייך, וואָס וועט עס ווער ווייס ווּהין פאַרפירן. זי פילט ווי דער הימל וואָלט זיך איבער איר אַראָפּגעלאָזט און הילט זי איין אין זיין פייכטער דעקע. אַ רעגנדל נעמט שפּריצן און איר דוכט זיך דאָס וואַסער נעגלט זי צו מיט דריבנע צוועקעלעך צו דער ערד. איר דוכט זיך ראַמאָן גייט איבערן וועג און שמייסט די קוסטעס מיט אַ צווייגל, וואָס ער האַלט אין דער לינקער האַנט און אין דער רעכטער האַלט ער אַ וואַלד־מעסער מיטן שפּיץ אַראָפּ צו דער ערד. גיזען האָט זי אים וואַקסן אַלץ העכער און העכער ביז זיין מאַנצבילשע געשטאַלט פאַרשטעלט דעם גאַנצן הימל, וואָס הערט ניט אויף וויינען מיט אַלץ גרעסערע און קילערע טראָפּנס.

:: :: ::

ווען זי האָט די אויגן געעפנט, איז ער נאָך אַלץ דאָרט געשטאַנען. ער האָט זי אַף די הענט אַריינגעטראָגן אינעם ראַנטשאָ און האָט זי אוועק־געלייגט אַפן בעטל, וואָס ראַמאָן אַליין האָט אויפגעמייסטרעוועט פון אַ פעל אַף פיר פּלעקלעך מיט רימענעס צוגעבונדן. ער שטייט און קוקט אַף איר מיט אומרויִקע פרעגנדיקע אויגן.

— ווי פילסטו זיך, שוואַרצע מיינע? — די ווערטער ציטערן בא אים אַף די ליפּן און ער פילט זיך אומבאַהאָלפן צוזעענדיק די ווייען פון זיין „זי", וואָס ער איז ניט בעקויעך זיי צו שטילן.

זי נעמט זיך אַן מיט קויכעס אים צו באַרויִקן. איר געלינגט אַרויס־צורייִדן:

— ס'איז מיסטאָמע גאָרניט...

— וואָס זאָל איך טאָן פאַר דיר?

— שטעל אויף וואַסער אַף סאַלוויע־טיי. דערנאָך וועסטו צוגיין רופן ניאַ לויזע און איסידאָראַ...

אומגעשיקט — ווי קיינמאָל ניט ביז אַהער — מאַכט ער פייער און אייסעקט זיך מיט דעם פייכטן האָלץ. נאָר אַפילע ווען דאָס פייער צע־פלאַמט זיך פריילעך און פאַרמעסט זיך אַקעגן דעם רעגן, וואָס ווערט אַלץ שטאַרקער, ווערט אינעם ראַנטשאָ ניט וואַרעמער. אַמעליע פילט ווי די

קעלט שטאַרקט זיך איבער איר, ווי זי פרירט פון יעדן שטראָם רעגן וואָס רייַסט זיך אַריַין דורך די שיטערע טשערעטן, דורך די לעכער צווישן די פּלעקער. ראַמאַן האָט שוין אַף איר אַרויפגעוואָרפן ביידנס גאַנצע אָנטאָן, נאָר עס איז ווייניק. און זי ציטערט און די קני קלאַפּן זיך איינע אָן דער צווייטער אָן שום נוצן און די הענט טוען איר ווי פון דער קעלט. דער בויך נאָר, דער גרויסער באַלעם, וואָס איז שוין ניט אירער, האָט נאָך אַביסל איינענע, צו אים אַליין געהערנדיקע וואַרעמקייט.

— ווי קען איך דיך לאָזן אַזוי איינע אַליין?

— גיי. ס'איז מיסטאָמע גאָרניט...

אַ רעגע קוקן זיי זיך איבער. זיַינע פינצטער געוואָרענע אויגן טונקען זיך אינעם וואַרעמען בליק פון דער „טשינאַ“, וואָס פּלייַסט זיך אויסצוזען רויִק, בייַסט זיך די ליפּן, גראַבט איַין די נעגל אינעם לייַב אונטערן אָנטאָן. נאָר דער ווייטיק קוקט אַרויס פון דעם געשפּאַנטן שטאַרן פּאָנעם, פונעם צעמישטן בליק, פון די אַליץ שטייַפער פאַרקלעמטע ציין, ווי זי וואָלט וועלן דערשטיקן דעם קרעכץ איידער ער וועט אים דערהערן. ראַמאַן קען זיך מער ניט איַינהאַלטן און לויפט אַרויס פונעם ראַנטשאָ. ער פאַרטשעפּעט דאָס בענקל, די פּלעקער, אַליץ וואָס שטייט אים אין וועג, ביז ער איז שוין אונטערן רעגן. ערשט דעמאָלט נעמען די טרערן פליִיצן איבער אַמעליעס שאַרפן צונויפגעקרעמפּטן פּאָנעם און כאַזערט זיך אַליץ, ווי זי וואָלט דער־מיט וועלן פאַרהאַלטן דעם ביז גאָר שאַרפן ווייטיק, וואָס הייבט זיך בײַ איר פון די געדערים:

— ס'איז מיסטאָמע גאָרניט...

# XXXII

ער לויפט און פּלאָנטערט מיט די פיס ביז ער קומט צו צו די ראַנ־טשאָס וואָס אַף יענער זייַט קליינעם זשערבאַ־וועלדל. עס האָט אים אָפּ־געגליקט און ער טרעפט די הייבאַם אין דער היים. אַ זשוואַווע זקיינע איז זי און זאָגט קיינמאָל ניט אָפּ. ער האָט נאָך קויעך צוצוגיין רופן די אַנדערע פרוי, און דערנאָך, שוין אַ דורכגעגעצטער אַזוי אַז ער פילט שוין ניט דעם רעגן, לאָזט ער זיך גיין צו דער פאַרוואַלטונג. פונעם רעגן, וואָס הערט ניט אויף גיסן, איז דער רויטער שטויב פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גליטשיקער מאַסע און שווער איז אַ פוס אָוועקצושטעלן. בעיס ער קלאַפּט אין דער טיר פון דער קראָם, איז ער שוין אויך איין פאַרעמלאָזע, קלעפּיקע, העשענדיקע מאַסע. די האָר דורכגענעצט, די אויגן פאַרנעפּלט,

דערקענט ער ניט דעם צו וועמען ער ווענדט זיך. ער הערט קוים וואָס מען רעדט צו אים, אַ צופרידענער וואָס אין אַ פּאָר מינוט אַרום וועט אים וואָרעם ווערן און ער וועט אַפילו קענען אַראָפּנעמען פון זיך דאָס אָנטאָן און אָפּטריקענען זיך און טייקעף אַוועקטראָגן די זאַכן צו אַמע־ליען און...

— פערד! איך פרעג דיך וואָס דו ווילסט! — שרײַט צו אים יענער און שטעלט אַרײַן דאָס פּאָנעם אין פענצטער.

— עפּן... ס'רעגנט שטאַרק — קען ראַמאָן בלויז ענטפערן אַז איבערגעראַשטער פון דעם ווי יענער נעמט אים אויף.

— אַך, דאָס קען מען ניט. זאָג וואָס דו ווילסט.

ער שטרענגט זיך אָן און שרײַט אַרײַן אַזוי אַז דער רעגן און דער ווינט זאָלן זײַן קאָל ניט פאַרטויבן.

— אַ דעקע דאַרף איך... מײַן ווײַב גייט צו קינד... און אַ בלעך מיט דעם מיין מילך, קאָנדענסירטע, האָט די הייבאַם געהייסן. און אויך...

נאָר יענער איז שוין ניטאָ. ראַמאָן בלײַבט וואַרטן, ווי אַ פּליסיקע סטאַטוע, און דער ווינט שמײַסט די שטיקער העמד זײַנס, וואָרעם דעם פּאָנטשאָ האָט ער איבערגעלאָזט פאַר איר. יענעמס שאָטן באַווײַזט זיך ווידער אין פענצטער און ראַמאָן מיינט ער גייט אים עפענען. נאָר יענער שרײַט צו אים אַרויס:

— הײַנט גיט מען ניט אַרויס גאָרניט... אין די פרײַטיקן נאָר...

— טוט מיר אַ טויווע... — בעט זיך ראַמאָן.

— מען קען ניט. און דאָן סאַנטאָ זאָגט האָסט אַ לאַנגן כעשבן און ביסט אַ בונטאַר.

זײַן אייגנליבע איז, ווי זײַן העמד, אויף שטיקער צעריסן.

— גיי זאָג דעם באַלעבאָס ער זאָל זײַן אַ גוטער. די אָרעמע טשינאַ לײַדט זייער און איך וועל אים אַלץ באַצאָלן...

— מען גיט הײַנט ניט אַרויס. — טײַנעט יענער טעמפּ דאָס זײַניקע.

די אַנגסט פאַרקלעמט אים די פויסטן און ער גיסט זי אויס מיט זײַנע טײַנעס בײַ דער פאַרמאַכטער טיר.

— איכל אים אַלץ באַצאָלן, זאָג אים. זע אַליין, אַמעליע שטאַרבט דאָרטן. זע אַליין...

נאָר אַלץ אומזיסט. ער רעדט צו דער טיר, וואָרעם יענער האָט ווידער פאַרמאַכט דאָס פענצטער. ער נעמט קלאַפּן מיט די פיס און מיט די שווין צעבלוטיקטע פויסטן אין די ברעטער, וואָס אויך דער רעגן שמײַסט זיי. דאָס דויערט לאַנג, נאָר ער גיט זיך קיין כעשבן ניט אויף ווי ווײַט ער איז צעיושעט. ער מערקט נאָר גאַנץ אומקלאָר, אַז וואָס מער עס טוען

אים ווײ די הענט און די פיס, וואָס מער ער קלאַפּט אין דער שטומער שטערונג, אַלץ גרינגער ווערט אים, ווי מיט דעם בלוט וואָלט אַפּגעגאַנגען זײַן אַנגסט און זײַן ציטערן איבער דער לײַדנדיקער פרוי, און ווי זײַן אָפּגעטעמפּטער גוף, וואָס האַלט זיך אַן באַ די ברעטער ווי אַ געפּערלעך שיקערער, זאָל זיך דערמיט אַלץ מער אויסלעשן, אויסשעפּן. ער באַמערקט קימאַט ניט ווי די טיר עפנט זיך און דרײַ מענטשן שלעפּן אים אַרײַן אינעווייניק אינעם פאַרוואַלטונגס-לאָקאַל. פונעם אַנדערן צימער דערטראָגט זיך סאַנטאַ קרוסעס באַפעלערישע קאָל:

— פּאַטשט אים מיר גוט אַן און וואַרפט אים אַרויס... מיט דעם פּוס אין הינטן דאַרף מען זיך באַגיין מיט זײ.

מיט אַ לעצטן קלאַפּ וואַרפט מען אים אום אַף דער ערד. דער אײַנגעטראָטענער דיל איז טרוקן און זאַפּט אײַן זיך זשעדנע אײַן דאָס וואַסער וואָס רינט אים פונעם פּאָנעם.

— אַ גוטע לעקציע!... איצט וועט ער שוין וויסן. — רעדט אַלץ דער ניט־געזעענער מענטש.

נאָר ראַמאָן איז שוין איצט ניט מער ווי אַ שטיק פלייש מיט וואַסער און ליגט אַף דער ערד אַ באַוווּסטלאָזער. מען פאַרהייבט אים דאָס צערײַסענע דורכגענעצטע העמד און מען קנעט אים ברוטאַל מיט די פויסטן. דאָס קאָל איז אײַנגעשטילט. אינדרויסן רעגנט נאָך אַלץ און די טראָפּנס רעגן פּאַטשן אַלץ איבער די ברעטער. אינעווייניק קאָנקורירט מיט זײ די בײַטש איבער דעם מענטשנס נאַסן לײַב.

# אין דער פּאַסטקע

„ווייך־זשע, וויין, אורוסאַו,
אױף די צווייגן פון דעם זשאַסמין..."

גאַנץ נאָענט פון דער ריטשקע, דאָרט ווו זי גיסט זיך אַרײַן אינעם פּאַראַנאַ, האָט מען געפונען דעם טויטן. געווען איז ער באַדעקט מיט בלעטער, מיט צווייגן, מיט פוילן טשערעט. די ריטשקע רופט מען מאָנדאַי. „וואַסער־גאַנעוו" מיינט מען דערמיט צו זאָגן. נאָר אַנשטאָט אַוועקצוטראָגן, האָט דאָס גנייווישע וואַסער דאָס מאָל צוגעטראָגן. צוגעטראָגן האָט עס דעם שווײַגנדיקן מענטשן, וואָס איז זיך פאַמעלעך געשווומען מיט די הענט צום רוקן צוגעבונדן. די הענט, שוין בלוי, מיט גראָזן־שטריק פאַרבונדן, זעט מען ניט אָן ווען ער שווימט מיטן פּאָנעם אַרויף, צום הימל. נאָר ווען אַ ווירבלדיקער שטראָם גיט אַ שטויס דעם טויטן און קערט אים איבער מיטן רוקן אַרויף, באַווײַזן זיך זײַנע הענט ווי זיי וואָלטן עמעצן געמאַסערט. געווען איז ער קימאַט נאַקעט. זײַנע גרויסע פיס האָבן געבלוטיקט, עפּשער פון רײַבן זיך אָן די טשערעטן, עפּשער האָט אים אַ פיש געביסן. דערנאָך האָט מען דערזען זײַנע צעריסענע הויזן, פאַרקאַשערטע, און אַרויסגעזען האָט מען פון זיי די קנעכלען און אַפילו די האָריקע ליטקעס. דער גאַרטל איז געווען אָפּגעשפּיליעט און די הויזן אױף פּיצלעך צעריסן פון די שטיינער. דערנאָך האָט מען געזען די נאַקעטע ברוסט, ווי אַ קופּערנע, די הויט אױף די ריפּן אָנגעצויגן און האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז קוים וועט מען זי אָנרירן וועט זי זיך צערײַסן. נאָר אױפן האַלדז איז נאָך געווען דאָס

רויטע טיכל מיט אַ קנופּ פאַרבונדן און האָט זיך שטאַרק אויסגע-
טיילט פון דער בלייכער פּאָנעם-געלקייט. כאָטש דאָס פּאָנעם האָט
מען קימאַט ניט אָנגעזען, מאַכמעס געווען איז עס צוגעדעקט מיט
די גלאַטע שוואַרצע האָר, וואָס זײַנען אים געפאַלן אַף דער נאָז.

פּאַמעלעך, רויִק, איז זיך דער מענטש צוגעשוווּמען. די רײַזע
איז געווען פול מיט געפאַרן און ער האָט, קענטיק, ניט געאײַלט
זיך. געלאָזט האָט ער זיך שווימען צוערשט אין דער ריכטונג צום
פאַראַגווײַער ברעג און דערנאָך זיך געגליטשט גלײַך מיט דעם ברעג.
ווען ניט ווען פלעגט אים אַן אומגעפאַלענער שטאַם פאַרהאַלטן, נאָר
טייקעף אים פרײַ מאַכן דעם וועג. אָנגעטראָפן האָט ער אַ טויטן
פויגל און אַ שטיק וועג זײַנען זיי געשוווּמען אינאײנעם, די פעדערן
באַם פויגל דורכגענעצט און שטײַף, זײַט באַ זײַט מיט דעם קאָפּ,
וואָס די האָר האָבן אים ווי אַ מאַסקע צוגעדעקט. דערנאָך האָבן זיי
זיך צעשיידט און אים זײַנען באַפאַלן אַ מאַסע טשערעטן. פאַרהאַלטן
האָט ער זיך לעבן עטלעכע גראָז-פּליטן. נאָר זיי, קענטיק, האָבן אים
ניט שטאַרק אינטערעסירט, מאַכמעס פון דאָרטן האָט ער זיך אַוועק-
געלאָזט אַף אַ ווײַטערדיקער נעסיִע. געווען איז וואָלקנדיק און עס
האָט גענומען רעגענען. די טראָפּנס רעגן זײַנען ווילד געפאַלן אַף
זײַן לײַב און האָבן אים ניט באַלעסטיקט: אַ פישער-פויגל איז צוגע-
קומען און האָט נײַגעריק אַ קוק געטאָן אַף אים איידער דער רעגן
האָט אויפגעהערט. נאָר דער מענטש איז זיך ווײַטער רויִקערהייט
געשוווּמען, איצט שוין מיט דעם אַרגענטינישן ברעג. ווען די זון
איז אַרויס, איז דאָס בילד געווען שרעקלעך. געווען איז זי אַ גלאַנ-
ציקע, אַ ברענענדיקע, און געוויזן אַף שטורעם. דער מעס האָט זי
אויפגענומען אַן אומדערשראָקענער און עס איז שרעקלעך געווען
צוזוזען דעם קאַמף צווישן דעם ניצאָכנדיקן טויט און דער באַלעבנ-
דיקער זון. אַ שטיל-וואַסער האָט דעם מעס אַף אַ לענגערער ווײַל
פאַרהאַלטן און ער האָט זיך, אַ פאַרטיפטער אין זיך, גענומען דרייען.
געדרייט האָט ער זיך ווי פון אַן אינעווייניקסטן ווינטל געשטויסן,
ווי אַ קאַליע געוואָרן פינצטער-טרויעריק וועטער-פענדל. סאָפקאָל-
סאָף איז אים געלונגען אַרויסצוקומען פון דעם שטיל-וואַסער און

ער האָט גענומען אָפּשטאַטן וויזיטן אין יעדער בוכטע, בײַ יעדן שטיינברוך, בײַ יעדן פעלדזן־שפּיץ אַן אײַנגעשניטענעם אינעם טײַך, בײַ יעדן פאַרפאַסטן פון דער ווילדעניש, וואָס האָט זיך אַרײַנגע־רוקט מיט איר געדיכטער פלאַנצן־וועלט אינעם וואַסער. אַלץ האָט ער באַקוקט ווי בעיים אַ לעצטן טיף דערשיטערנדיקן באַזוך. דערנאָך האָבן עטלעכע פאַרבײַפליִענדיקע מעוועס אים געזען צוקומען צום קאַנאַל און דאָ האָט ער זיך מיט אַן עמעס אַ שנעלן גליטש געטאָן אַראָפּ מיטן וואַסער אינאיינעם מיט אַ שטראָם פוילע געוויקסן, טויטע פייגל און געקרוויזטן וואַסער. מיטאַמאָל האָט דער פאַראַנאַ זיך אַ שאַרפן קער געטאָן און מער האָבן אים שוין די מעוועס ניט געזען. וואַסער אַראָפּ האָט דער טויטער געמאַכט די רײַזע זייער שנעל, מיט דעם מויל און מיט דער נאָז אין דער קרישטאָלענער פליי־סיקייט אונטערגעטונקען, און די בלוי־געוואָרענע הענט אויף רוקן פאַרלייגט. די פויסטן געבײַלט, ווי זיי וואָלטן געשאָלטן דעם צע־שטראָלטן הימל.

# XXXIII

אַהיימגעקומען איז ראַמאַן זייער שפּעט, נאָר עס האָט אים אָפּגע־גליקט. דעם גאַנצן וועג איז ער ניט מער ווי אַ דריי־פיר מאָל געפאַלן, כאָטש די נאַכט איז געווען שטאָק־פינצטער און דעם וועג האָט מען גע־קענט זען נאָר פון צייט צו צייט אַ דאַנק די בליצן. עטלעכע מאָל האָט ער פאַרבלאָנדזשעט אינעם וואַלד, נאָר אַ געהיימער און זיכערער קויעך האָט אים פון די קוסטעס אַרויסגעצויגן און האָט אים טראָט נאָך טראָט געשטויסן אויפן גלייכן וועג. געפירט האָט אים דאָס שוואַכע לאַמטערן־פייערל, וואָס האָט פון ווייטנס געוויזן גלייך צו אים אין ראַנטשאָ. די ווייבער קוקן אויף אים צוערשט מיט שטוינען, דערנאָך מיט שרעק. ער פאַרשטייט ניט וואָס זיי זאָגן אים און ער גייט צו גלייך צום בעט. אַמע־ליע ליגט מיטן פּאָנעם אַרויף, די אויגן צוגעמאַכט, אַ ביז גאָר בלייכע. איר הילכיקער אָטעמען צעטרייסלט איר ברוסט, ווי אַ קאַליע געוואָרענעם מאַטאָר. פון בלויז איין קוק אויף איר האָט ער פאַרשטאַנען, אַז אַלץ איז פאַרלוירן.

— מען דאַרף זיין שטאַרק, טשע ראַמאָן — רעדט צו אים איסי־דאָראַ און דריקט זיין אָרעם.

נאָר ער דאַרף ניט מען זאָל אים טרייסטן. ער פילט זיך איצט פעסט. צום שטוינען פעסט און גאַנץ מיט זיך. ער וויל נאָר וויסן ווי טיף זיין בראָך איז. דער פאַרלאַנג האָט אים צום ראַנטשאָ געפירט ניט געקוקט אויף דער פינצטערניש, אויף זיין ווייטיק און געפאַלענעם מוט. ער מוז באַ זיך זיכער זיין, אַז אים איז געשען דאָס ערגסטע. וואָלט מען אים נאָר אויף העלפט געשלאָגן און דערנידעריקט, וואָלט ער זיך בעשומויפן ניט דער־וועגט. נאָר איצט איז עפּעס אַנדערש. אויפן אַש פון געוועזענעם מענטש, איז אויפגעקומען אַ נייער מענטש, אַן אַנטשלאָסענער, אַן ספּייקעס, מיט אַ ווילן שאַרף ווי אַ מעסער.

— ס'קינד איז ניט גוט געגאַנגען... זי אַ שוואַכע, פאַרשטייסט? מיר האָבן גאָרניט געקענט מאַכן...

ראַמאָן פאָלגט נאָך דער אַלטערס בליק און זעט עפּעס ליגן אַף דער ערד. אַ פּעקעלע מיט אַ שמאַטע צוגעדעקט. מען מערקט קוים די פאַררונ־דיקטע פאַרעם דערפון. ער ציטערט אויף, נאָר באַלד באַהערשט ער זיך.

— און זי?... — באַוויַיזט ער אַ פרעג צו טאָן בעיים די אַלטע פּאַנטשאַ דערלאַנגט אים אַ הייסע מאַטע אויסצוטרינקען.

די הייבאַם לאָזט אַרונטער די אויגן, ווי זי וואָלט מוירע געהאַט איַינצושטעלן.

— מירן זען... אויב מירן באַוויַיזן צו פאַרהאַלטן דעם בלוט־שטורץ... זי האָט אַ סאַך בלוט פאַרלוירן, די אָרעמע. מיר האָבן איר צוגעלייגט שפּינען, פון די ליימענע וועספּע־נעסטן אַראָפּגענומען; איך האַלט זיי באַ מיר שטענדיק אין אַלקאָהאָל אַף אַזוינע פאַלן... און דוכט מיר, דאָס בלוט איז פאַרהאַלטן...

— אַ געבענטשטע האַנט באַ דאָניאַ לויזאַ. — שטעלט אַריַין די צווייטע.

פון דער טיף אינעם ראַנטשאָ טראָגט זיך דער געווינערנס הייזערי־קער אָטעם. ראַמאָן דערפילט פּלוצים אַ מיַעסן זויערן רייעך אין דער נאָז. ער טראַכט זיך, אַז אויב ער וועט דעם רייעך וויַיטער איַינאָטעמען, אויב ער וועט וויַיטער זען פאַר זיך דאָס פּעקל, וואָס האָט באַדאַרפט זיַין זיַין קינד, וועט ער אומפאַלן. ווידער נעמט רעגענען און דאָס וואַסער ריַיסט זיך כוצפּעדיק אַריַין אינעם ראַנטשאָ. ער שפּאַנט צו צו דער רעדנע, וואָס דינט פאַר אַ טיר, און אָטעמט טיף איַין די פיַיכטע לופט. די וויַיבער קוקן אים נאָך מיט באַדויערן. זיי זעען אין אים אַן אָרעמען באַטראַק, אַ דורכגענעצטן, אַן איַינגעשמירטן פון קאָפּ ביז די פיס אין רויטער ליים, דער רוקן מיט פרישע וווּנדן באַדעקט. אַ דערשלאָגענעם מענטשן זעען זיי, וואָס האָט זיַין זון אָנגעווווירן און וועט עפּשער באַלד אויך זיַין וויַיב אָנווערן. זיי קוקן אַף אים מיט זאָרג, ווי זיי וואָלטן מוירע געהאַט ער זאָל פונעם זינען אַראָפּ. זיי ווייסן ניט, אַז איצט איז ער שטאַרקער און פעסטער ווי ווען עס איז פריִער, אַז געבוירן געוואָרן איז אין אים אַ ווילן, וואָס בייגט זיך ניט. וואָרעם דערגרונטעוועט האָט ער דעם סאַמע דעק פון זיַין אומגליק.

## XXXIV

עס האַלט אָן דאָס בייזע וועטער און שטערט דער אַרבעט אינעם זשערבאַ־וואַלד. די ווינטן און דער שטורעם־רעגן לאָזן ניט פליקן די ביי־מער. איבער די ליימיקע וועגן קען מען ניט אַרויסלאָזן ניט קיין מויל־

אייזלען, ניט קיין אָקסן. אין די שוואַך־אויפגעבויטע שפּײַכלערס, פון טשע־רעטן, פון ברעטער מיט ליים, מאַכט די פײַכטקייט אַ טייל פון דער שוין געסמאַליעטער זשערבאַ. די מענטשן גייען אום מיט פאַרלייגטע הענט אָדער זיצן שאָען־לאַנג אין קראָם און לאָזן וואַקסן זייערע בעשבוינעס מיט קאַניאַ, מיט שנאַפּס, וואָס זיי וועלן שפּעטער דאַרפן דעקן מיט וואָכן און כאַדאָשים שווערע אַרבעט. ראַמאָן וויל ליבערשט שמועסן מיט די ניכטערע, הינטער די אויגן פון די קאַפּאַטאַסן, וואָס ראַק זיי שנאַפּן, אָדער בלײַבן זיצן אינעם ראַנטשאָ. אַמעליע איז נאָך אַלץ צו די קויכעס ניט געקומען און ליגט מיט אַ פאַרבלאָנדזשעטן בליק אין די אויגן, די האָר פאַרעלטערט, די הענט ציטערן און די ברוסט פאַרגייט איר אַף שאָען־לאַנג אין אַ בייזן הוסט. ראַמאָן, מיט די פינגער אײַנגעקלאַמערט איינע אין די אַנדערע ווי די וואָרצלען, דער בליק פאַרזונקען אינעם רעגן, זעט אויס אַ ליימענע סטאַטוע און וואַרט.

אין איינעם אַזאַ נאָכמיטאָג באַווײַזט זיך פּלוצים אַדאָלפאָ. כאַדאָשים שוין ווי זיי האָבן זיך ניט געזען. איצט זײַנען זיי שוין צוויי ליימענע סטאַטועס. ריידן ריידן זיי צווישן זיך ווייניק, וואָרעם די דערפאַרונגען זייערע זײַנען איינע און די זעלבע.

— איך האָב אים גוט דערלאַנגט. ווייסט דאָך, אַז איך בין ניט קיין באַרימער. נו, גוט. אָבער געווען בין איך דער בעסטער אַרבעטער אינעם לאַגער. כ׳האָב געאַרבעט שטאַרק און האָב געמיינט, אַז נאָך אַכט כאַדאָשים אַרבעט האַלט איך שוין באַם סילעקן מײַן כויוו. נאָר אַז זיי, האָבן מיר געמאַכט דעם כעשבן, האָט מען גענומען אַראָפּרעכענען פאַר דאָס און פאַר יענץ...

— איז וואָס־זשע געוואָרן?

— אַ גאַנצע געשיכטע. שטראָף־געלט און פינף פּעזעס אַ פאַר אַל־פּאַרגאַטן און צוואַנציק פּעזעס אַ האַק...

ער האָט פאַררייכערט אַ שניצל ציגאַר.

— נאָך אַלעמען ביסטו נאָך מער פאַרשולדיקט...

— אַזוי זעט עס אויס...

און ווידער אַ שווײַגן, וואָס ווערט בלויז איבערגעריסן מיט דער קראַנקערס קרעכצן.

— וואָס רעכנסטו טאָן? — טוט ראַמאָן ווידער אַ פרעג.

— זיי וועלן מיך שיקן, זאָגן זיי, אין אַן אַנדער לאַגער, טיפער אין וואַלד... שפּעטער, ווען עס וועט אויפהערן רעגענען.

אַפן רעגן רײַטנדיק איז שנעל צוגעטראָטן דער ביין־האַשמאַשעס, אַן קעגנער. אינעם שאָטן זײַנען זיך צעשוווּמען די נאָענטע באַנאַנע־ביימלעך,

די גאַרלען פון די יוקאַ־פּלאַנצן, און עס וויַיטער האָט דער וואַלד־פּלאָנ־טער זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין קאַשטאַן־ברוינער מאַסע, וואָס טריפט מיט וואַסער און וויַיטער וואַסער.

— און דו?...

— איך וועל אַוועק...

— מ'עט דיך ניט אַוועקלאָזן.

— זיכער. נאָר איך וועל אַלצאיינס אַוועק, וועסט זען...

רוזק און פאַמעלעכדיק גיסט דער רעגן, ווי ער וואָלט זיך געגרייט גיסן אַזוי לאַנג ביז ער וועט פאַרטרינקען גאָר די ערד מיט אַלע איר באַ־שעפעניש, מיט אירע וויינונגען און מיט אירע אַרומגעפליקטע ביימער. רוזק פליסט אויך ראַמאָנס קאָל ווען ער לייגט אויס זיַין פּלאַן, אַז אויס־געציַיטיקטן אין שלאָפּלאָזע נעכט און אין אומרוזיקע טעג. נאָך אַלעמען, האָט ער שוין געוווּסט, אַז זיַין עלטערער ברודער וועט אים צום סאָף ענטפערן ווי דעמאָלט אין פּאָסאַדאָס:

— גוט, כ'גיי מיט דיר...

אַמעליעס הוסט פון איר בעטל אַראָפּ, דוכט זיך, איז אויך מאַסקים. מיט זיַינע שטענדיק געמאָסטענע באַוועגונגען, נעמט זיך אַדאָלפאָ רייניקן זיַין רעוואָלווער.

# XXXV

עס איז שוין ציַיט. דער ברוינער לאָפּעז דערלאַנגט דער ערשטער דעם רוף:

— די צוויַיגן סמאַליען, כאַווירים, ס'ווערט נאַכט...

איינער נאָכן צווייטן קומען זיי צו. נאָך איין שלאָכט פאַרענדיקט. זיי זיַינען אַרויס פון איר מיט ניצאָכן. נאָר אויסזען זעען זיי אויס ניט ווי זיגער. זיי ווייסן נאָר אַז זיי זיַינען פאַרמאַטערט. אַרום זיי, ווי וויַיט דאָס אויג גרייכט, ליגן ביימער אויסגעהאַקטע, געפאַלן אין אומנוצלעכן און רומלאָזן קאַמף מיט דער האַק. דערמאָרדעטע קעדריי די בלעטער באַ זיי אָפּצורויבן. אויסגעלייגטע איבערן אויסגעהאַקטן שטעך ווי ריזיקע פייגל מיט אונטערגעהאַקטע פליגל, די טראַגישע רעשטן הענט אויסגעשטרעקט ווי צו פּראָטעסטירן קעגן דער ווילדער פאַרניכטונג, קעגן דער אויסראָ־טונג פון גאַנצע וועלדער צוליב עטלעכע טויזנט טאָנען זשערבאַ־מאַטע. נאָר דער שטומער וויי פון דער ווילדעניש קען איצט די מענטשן ניט רירן. זיי זיַינען פאַרנומען מיט גרייטן דאָס סמאַליען. זיי רוקן צונויף צוויי

שטאַמען און צווישן אין אַ גריבל צעלייגן זיי אַ פייער מיט דינעם קנאַקע־דיקן האַלץ. ווען די פלאַמען נעמען דין און בייז זיך הייבן איבער די קלעצער, טראָגן צו צוויי זייערע די זשערבאַ־שטענגלעך און זיי נעמען קלאַפּן אָן די שטאַמען.

ראַמאָן שפּאַרט זיך צו צו אַ נאָענטן לאַפּאַטשאַ־בוים מיט די הענט ווי אַ קישן אונטערגעלייגט. ער רעדט ווי ער וואָלט זיך צו קיינעם ניט גע־ווענדט:

— און אַזשאַלאַ... וואָס איז מיט אים געשען?...

וועמען וועמען, נאָר דעם אַלטן קאַסערעס קען מען ניט גענאַרן. ער איז אַן אַלטער מענטש און ווייס זייער אַ סך. אַלע קוקן זיך איבער און ער הייבט מיט די אַקסלען און ענטפערט:

— האָט אין וואַלד פאַרבלאָנדזשעט...

די שטענגלעך גייען דורך דאָס פייער צווישן די קלעצער און די בלעטער קנאַקן מיט אַ טרוקענעם קנאַק.

— און כוסטאָ מיראַילעס? און פאַניאַגואַ? און דער פרעסער?

די טעמע איז אַ געפערלעכע. נאָר זיי האָבן צופיל דערעכערעץ פאַר דעם כאַוועער און דערוועגן זיך ניט אים צו ערגערן.

און דער ענטפער איז דער זעלביקער:

— אויך אין וואַלד פאַרבלאָנדזשעט...

ווייטער קנאַקן די צווייגן.

— ווער האָט דיר דערציילט?

יענער באַמיט זיך צו פאַרבלייבן רויק. נאָר דורך זיין קאָל איז ווי דורך אַן אומגעזעענעם אונטערערדישן אָדער אַ ציטער דורכגעלאָפן:

— פאַליירא האָט אַנומלטן געזאָגט, סאַנטאַ קרוסעס קאַפּאַ, און האָט געלאַכט דערביי, דער גאַוטש...

זיי פאַרענדיקן דאָס סמאַליען, שאַרן אַוועק פונעם האַלץ די בלעטער און נעמען קלאַפּן די צווייגן אָן דער ערד.

— האָבן זיך צעבונטעוועט?

די פראַגע בלייבט ציטערן אין דער לופט, ביז קאַסערעס כאַפּט זי אויף:

— ניין. עס איז זיי אַוואַדע צופיל אַרויסגעקומען נאָכן כעשבן...

אַ לאַנגע ווייל שווייגן זיי. די פינצטערניש פאַלט שנעל אַראָפּ אַף זיי. די בלעטער זיינען שוין גענוג צעשטויסן און מען לאָדט זיי אָן אַף די וועגענער. אַ יונג באַטראַקל קומט צו און קוקט אַראָפּ אַף דעם צע־דריבלטן זאַק־שטאָף, וואָס דינט אים פאַר אַניטשעס:

— מען דאַרף ניט ריידן... נאָר נעכטן פאַרנאַכט בין איך געווען

אין דער פאַרוואַלטונג, געגאַנגען נעמען אַלפאַרגאַטן, האָבן די „כאַפּער" גערעדט מיט דאָן סאַנטאַ. זיי האָבן ניט געזען אַז איך בין דאָ און האָבן קעסיידער גערעדט. זיבן אָדער אַכט זיינען זיי געווען, אַלע באַוואָפנטע. געבראַכט האָבן זיי מיט זיך אַ בינטל. און ווי איך האָב שפּעטער געקענט זען, איז עס געווען אַזשאַלאַס אָנטאָן. געדענקסט דאָס העמד זיינס מיטן נאָמען אויסגענייט?

די שטילקייט איז געדיכט געוואָרן, האָט געוואַקסן און פאַרכאַפּט די גאַנצע לופט פאַר זיך, די מענטשן האָבן אַזש די פאַרטריקנטע מיילער געעפנט ווי די פיש אויסערן וואַסער. אַזוי געדיכט איז זי געוואָרן, אַז דער וואָס האָט גערעדט האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. דערנאָך האָט ער אַן אָנשטרענגונג געמאַכט:

— אויך פון די גוטע געווען...

אַ לאַנגע, לאַנגע פויזע ציט זיך.

מען האָט אַ טרייב געטאָן די מויל־אייזלען, וואָס שלעפּן קוים די גרויסע פּעק און מען לאָזט זיך אין וועג אַריין. צו דער וואָג איז נאָך ווייט.

— פּוטשאַ... האָבן אים אַוואַדע געקוילעט, ווי אַ כאַזער... — האָט איינער אַ זאָג געטאָן.

ראַמאָן וואַרט אָפּ ביז ער וועט זיך באַרויִקן, וואָרעם אָט די רויטע פינטעלעך, וואָס שפּריצן דוכט זיך אַרויס פון זיין בלוט, זעט ער אַרויס־שפּריצן פון אַלץ וואָס ער זעט אַרום זיך, און ער נעמט צונויף אַלעמענס קעפּ אַרום זיין פליסטערנדיקן קאָל. ס'איז ניט קיין געפאַר אַלע זאָלן אים הערן, נאָר ער האָט זיך שוין צוגעוווינט פאָרזיכטיק צו זיין מער ווי מען באַדאַרף. ווייט האָט אַ זשאַקוטינגאַ־הינדל אַ קוויטשע געטאָן און די וויל־דעניש באַקומט מעגושעמדיקע פאָרמען אונטער דעם וווּנדערלעך בלויען הימל.

— אַראַקאַ' עפּאַ? ווען?... — גיט אַ פרעג קאַסערעס, ווי ער וואָלט גערעדט אין אַלעמענס נאָמען.

ראַמאָן הייבט אויף די האַנט און ווייזט אָף דער בלויער טונקלקייט.

— אַנגע יאַסי גואַסו אָגואַכעוואָ... ווען די לעוואָנע וועט זיין אַ פולע.

# די דעראָבערונג

„די ווירקונג פון דער זשערבאַ־מאַטע אַף דעם נערוון־סיס־טעם איז אַ סטימולירנדיקע...; איך האָב געהאַט די געלעגנהייט דאָס צו באַמערקן צווישן די באַטראַקעס, וואָס נאָך שווערער אנשטרענגונג בײַ דער אַרבעט, סײַ מיט דער האַק בײַם אײַנ־וואַלגערן ביימער און סײַ בײַ פאַרשיידענער פעלד־אַרבעט, צו פוס אָדער רײַטנדיק, האָבן זיי, ווי מיט אַ קישעף, צוריקבאַ־קומען די קויכעס טייקעף נאָכן אויסטרינקען עטלעכע מאַטעס און באַלד ווידער..."

אַמבראָסעטי.

און געווען זײַנען שוין דעמאָלט טויזנטער קילאָ צוגעגרייטע, וואָס האָבן געוואַרט אַף דעם צווייטן עטאַפּ. נאָר אין דער צײַט וואָס מען האָט געסמאַליעט, געטריקנט און געריבן אָט דעם שנעל־לויפנדיקן פינצטערן שטראָם, פלעגט מען נאָכאַמאָל אַזוי פיל אויס־שיטן לעבן די ווײַסלעכע ביימער, וואָס האָבן זיי געבוירן. און אַנ־דערע בראָנדזענע מענער סמאַליען אין יעדן ווינקל פון וואַלד הויפנס שטענגלעך און קלאַפּן זיי דערנאָך, קעדיי פון זיי אַראָפּצושלאָגן די טײַערע בלעטער און זיי אָנשיטן אין פּעק און אויפלאָדן אַף די מויל־אייזלען. און אַזוי קעסיידער. און דערנאָך טריקנט מען זיי און מען רײַבט זיי ביז עס בלײַבט פון זיי אַ שטויב ניט צום דערקענען. און שוין צעריבענע שיט מען זיי ווידער אַרײַן אין די ברייטע זעק, וואָס פאַרהאַרעוועטע שקלאַפן שטאָפּן אַן עס זאָל אין זיי וואָס מער אַרײַן. און ווען עס זײַנען שוין פאַרנייט די פעלענע פּעק אָדער רעד־נע־זעק, לאָדט מען זיי אָן אַף וועגענער מיט רויִקע און זיכערע אָקסן אָדער אין די קעלערן פון די גרויסע רויכערדיקע כאַיעס, וואָס לאָזן זיך אַוועק מיט זיי איבער דעם „גרויסן גייענדיקן וועג" צו די שטעט. צו פּאָסאַדאַס אָדער צו אַן אַנדער צענטער פון אינדוסטריע. דאָרט פאַרענדיקט די זשערבאַ־מאַטע די פּרימיטיווע צוגרייטונג פונעם זאַ־וואָד. פון די גרויסע זשערבאַ־מילן גייט זי אַוועק אײַננעמען אַסונ־

סיאָן, פּאַראַנאַ, בוענאָס-אײַרעס, מאָנטעווידעאָ, די וועלט. אינעם צענטער פונעם אייבערשטן פּאַראַנאַ, אינעם צאָפּן פון מיסיאָנעס, פאַלן מיט אַ שטורעם-גערויש די וואַסער-פאַלן פונעם איגואַסו. ריזיקע שטראָמען וואַרפן אַרײַן אין שרעקלעכע טיפענישן דאָס בייז צעשטורעמטע וואַסער. פון גאַנץ ווײַט הערט מען דעם וואַסער-גערויש, וואָס די ווילדעניש טראָגט פונאַנדער. און דאָך ווער עס גייט פאַרבײַ עטלעכע קילאָמעטער פון דאָרט און ווייס ניט אַז זיי זײַנען דאָרט פאַראַן, וועט קוים אויסגעפינען די גוואַלדיקע שטענדיק אָפענע פּיסקעס, וואָס שרײַען דורך יאָרן און צײַטן. דאַקעגן, דער פינצטערער שטראָם, דער קנאַקעדיקער זשערבאַ-שטראָם, וואָס גייט אַרויס פונעם זעלביקן אָרט, איז גויווער גרויסע שווערקייטן, שנײַדט דורך ווײַסע שטרעקעס, ברענגט אין באַוועגונג טויזנטער הענט, נעמט זיך צו דינסט מויל-אייזלען און וועגענער און שיפן און באַנען און לאַסט-אויטאָמאָבילן. ער דעראָבערט די שטעט, שטעלט אויף אַ מעכטיקע אינדוסטריע, ברענגט רײַכטום פאַר אַ פּאָר טוץ מענטשן און אומגליק פאַר הונדערט טויזנט, רײַסט זיך אַרײַן אין עטלעכע בראַזיליענישע שטאַטן, אין אַ גרויסער טייל פון פּאַראַגווײַ און אורוגווײַ און אין גאַנץ אַרגענטינע. פאַרפלייצט די אַמעריקאַנישע לענדער. קומט אַרײַן אין יעדן הויז, אין יעדער היים, אין יעדן מויל, וואָס וואַרט אַף דעם שטאַרקנדיקן גרוס פון דער ווילדעניש. די וואַלדהעקער פון סאַנטיאַגאָ דעל עסטעראָ און די גאַוטשן פון ריִאָ גראַנדע דאָ סול און די באַטראַקעס פון די בוענאָס-אײַרעסער פּריצישע גיטער און די אַרבעטער פון די אַוועזשאַנעדער פריר-פאַבריקן ווייסן ניט, אַז דער ביטערער טאַם פון דעם געשמאַקן געטראַנק נעמט זיך פון דעם בלוט און וויי פון זייערע ברידער אַפן אייבערשטן פּאַראַנאַ. זי קעניגט נאָך די „קאַאַ", די האַרנטע און הערשערן, ווי מיט הונדערטער יאָרן צוריק, די אומבאַזיגטע „קאַאַ זשאַרי", די זשערבאַגעטן. זי איז שוין אָבער ניט אַלעמענס פרײַנט. טייל ברענגט זי אום קעדיי אַנדערע גליקלעך צו מאַכן. דורך דעם געדיכטן שוואַרצן פלעק מערקט מען דערום אָפּט דעם בלענדיקן פלעק פון דעם שטראָמענווײַז זיך גיסנדיקן בלוט.

# XXXVI

— ווער איז דערין פֿאַרמישט?...

— הערט אויס, באַלעבאָס. פֿאַרמישט זײַנען בײדע ברידער מאַריי־רא. נאָר דער אָנפֿירער איז ראָמאָן. און זײ האָבן מיט זיך רעוואָלווערן. דערנאָך זײַנען פֿאַרמישט נאָך זעקס אָדער זיבן. קאַסערעס...

דער מאַזשאָרדאָם מיערעס וואָס ברענגט די ידיעות, לאָזט זײ פֿאַלן מיט אויסגערעכנטער פֿאַמעלעכדיקייט, קעדיי מען זאָל זײ ווי געהעריק אָפּשאַצן. סאַנטאַ קרוס זיצט צעלייגט אינעם ווײגשטול און האַלט מיט אַ קיוון זײַן ווײַסן הוט אַראָפּגערוקט איבער אַ האַלבן פּנים קעדיי אויס־צובאַהאַלטן דעם וואַסערדיקן גלאַנץ פֿון זײַנע גרויע אויגן. מיט לאַנגע זופּן זופּט ער די מאַטע און הערט זיך צו צום קנאַק פֿון דער אויסגע־סמאַטשקעטער זשערבאַ. מיט לאַנגע פּויזעס קנאַקט ער אויס זײַנע קורצע גרונטעוועדיקע פֿראַגן:

— און פֿון וואַנען ווייסטו וועגן דעם געווער?

— אַך, דאָס בין איך זיכער. פֿאַרגעקומען איז עס אַט ווי...

דעם מולאַטס קאָל פֿליט אום ווי אַ גרויסע פֿליג אין דער שלעפּערי־קער רו פֿון אַ סיעסטאַ. ער ווייס, אַז יענער אָבסערווירט אים, אַ געשיצ־טער מיט דעם שאָטן פֿון זײַן פֿאַרשאָלטענעם הוט, און דאָס מאַכט אים אָפּהענטיק. דאָס פּאַסירט מיט אים שטענדיק ווען ער האָט פֿאַר זיך ווײַסע. ער נעמט זיך פֿיר צו זײַן געוואַגט און אַנטשלאָסן, ריידן צו זײ ווי אַ גלײַ־כער מיט גלײַכע, פֿאַרוואַרפֿן זײַן צוגעוווינטע קנעכטישקייט. נאָר עס העלפֿט ניט. מיט די מענטשן איז עפּעס אַנדערש. ער קען זיך שאַפֿן מיט זײ און זידלען זײ זאָלן ציטערן פֿאַר זײַן שטײַפֿן בליק, פֿאַר זײַנע בייזע פֿונקען, די שוואַרצאַפּלען זײַנע, אונטער די גדיכטע ברעמען. מיט די מענטשן דאַרף ער קיין שום אָנשטרענגונג ניט מאַכן אַף צו פֿילן זיך באַלעבאָס. ער זעט דאָס פֿון די געבויגענע רוקנס, פֿון די טונקעלע דערעכערעצדיקע פּנעמער, פֿון דער מוירע וואָס שוועבט אַרום אים ווען ער פֿירט אָן מיט איבערטראָגן די קלעצער אָדער מיט אָפּוועגן די זשערבאַ. ער פֿילט זיך

אָבער אומדרייַסט יעדן מאָל ווען ער שטייט פֿאַר איינעם פֿון די ווייַסע קונדן, וואָס פֿון זייער בליק, פֿון זייערע ליפּן דערפֿילט ער גלייַך, פֿון אויבן אויף זייער פֿאַראַכטונג צו אים. ער שלינגט אַראָפּ די שפּייַעכץ:

— ...און האָב געזען מען זאָל זיי נאָכשפּיאָנירן... נאָכגעשפּיאָנירט האָט זיי פּאַליירא.

(שטענדיק פּאַסירט מיט אים דאָס אייגענע. ווי בעיים יענער פֿייַנ־לעכער סצענע מיט דעם באַלעבאָס פֿונעם געהילץ־זאַוואָד באַם אַרגענטי־נער ברעג פּאַראַנאַ. מיערעס איז דעמאָלט געווען הויפּט־אויפֿזעער פֿונעם זאַוואָד און דאָס געשעפֿט איז געגאַנגען גוט. „וואָרעם איך קען מיר אַן אייצע געבן, סי סעניאָר, און איך ווייס וואָס איך טו". נאָר איינמאָל איז יענער געקומען פֿון פּאַסאַדאָס און האָט אים געשיקט רופֿן:

— איך ווייס, אַז דו שמוגלסט מיר קאַניאַ פֿון יענער זייַט און די מענטשן שיקערן מיר יעדע נאַכט. וואָס זאָגסטו? האַ?

ער פּרווּוט זיך פֿאַרענטפֿערן, נאָר דעם באַלעבאָס בליק דערלאָזט אים ניט אויסצוטראַכטן אַזאַ ליגן וואָס זאָל זיך לייגן אָפּן זינען. די אויגן לעכערן אים, מאַכן זיך אַ נעסט באַ אים אין מויער, לויפֿן אים דורך דעם גאַנצן קערפּער ווי אַ בליץ, ווי דער ביס פֿון אַ גיפֿטיקער שלאַנג. גע־בליבן איז ער באַזיגט פֿאַר דער צייַט.

— דאָס וועט דיר טייַער קאָסטן, נעגערישער עק! מיטן פֿוס אין הינטן וועל איך דיר געבן דעם וועג פֿון דאַנען!

געקענט האָט ער דערויף אָפּענטפֿערן. געהאַט האָט ער דעם אָפּענט־פֿער גרייט אַף דעם פֿאַל. נו און קאַזנאַ באַגאַנווענען? ער קען די אַלע שפּיצלעך. צוערשט גיט מען צו וויסן אין צאָלאַמט, אַז פֿאַראַן אַ צאָל קלעצער גרייט צום מאַרקירן. עס קומען די אינספּעקטאָרן און מען מאַרקירט די קלעצער מיט אַן אָנגעגליטן שטאַמפּ, אַ צייכן, אַז מען האָט באַצאָלט דעם שטייַער. באַלד אָבער פֿאַרשמירט מען דעם צייכן אָדער מען רייַבט אים אָפּ און מען רופֿט ווידער די באַאַמטע זיי צו אינספּעקציאָנירן ווי נייַע. דערווייַל אָבער גליטשן זיך אַנשטאָט יענע, געשמוגלטע מאַיעסטע־טישע פּליטן פֿון בראַזיל, געצייכנטע מיט אַ שטאַמפּ, אַ קונציק געפֿעלשטן אָפּן זאַוואָד גופֿע. צי דען ווייס ער ניט, אַז פֿונעם לעצטן שמוגל האָט דער באַלעבאָס געהאַט ריינעם רעווער 5.000 פּעזעס אַרגענטינער? און אויב אַזוי?

נאָר ער דערוועגט זיך ניט אויסצושפּילן אַלע זייַנע קאָרטן. ער איז ביז אַראָפּ דערדריקט פֿון יענעמס גאַדלעס. ערשט שפּעטער, נאָכדעם ווי יענער האָט אים אַרויסגעוואָרפֿן פֿונעם זאַוואָד, אָן אַ שום פֿאַרגיטיקונג, ווי ער וואָלט געווען אַ פּאַשעטער מענטש, האָט ער זיך אַנטשלאָסן נויקעם

צו זײַן, און האָט אים געמאָסערט אין צאָלאַמט פון פּאַסאַדאַס. נאָר יע־נער האָט געגעבן געלט און קיינער איז ניט געקומען. דער באַלעבאָס איז געווען בלאַט מיטן גובערנאַטאָר, אַ שטיקל קאָרעוו געווען מיט דעם פּרע־זידענט פון דער רעפּובליק און געשטאַמט פון אַ „העלד פון דער וויסטע־ניש", ווי מען רופט די אויסראָטער פון די אינדיאַנער. ווער קען זיך מיט אים פאַרמעסטן?

„אַזוי איז עס" — טראַכט זיך דער מולאַט. ער טוט אַ זיפץ און בעיים מײַסע קוקט ער דערווײַל אַף די בריסטן פון דעם טויב־שטומען מיידל, וואָס טראָגט צו, שווין צום הונדערטסטן מאָל, די מאַטע דעם פּאַרוואַלטער.

ער האָט שוין אַלץ געהאַט אויסדערציילט. נאָר סאַנטאַ קרוס עפּנט דאָס מויל ניט. וועט ער גאָרניט זאָגן? מיילע, זאָל ער ניט זאָגן. נאָר זאָל ער אים כאָטש הייסן זיצן. פון די קוטשערן אַפן קאָפּ ביז דער האָריקער ברוסט, ביז די ליטקעס, וואָס שטעקן אין די צעשפּאַלטענע כאַליעוועס, גיסט זיך אים דער שוויים. די היץ שטיקט אים מיט אַ פעסטער צודרינג־לעכער האַנט. סאַנטאַ קרוס האָט ווי אויפגעכאַפּט וואָס דער מולאַט טראַכט זיך און גיט אַ זאָג:

— זעץ דיך, אויב דו ווילסט... נעם רוק דיר צו דעם קלאָץ. גע־דוכט האָט זיך אים, ווען ער האָט סאַפּקאַלסאַף אוועקגעזעצט זײַן הינטן אַפן וואָרצל, ווי אַלע זײַנע ביינער קומען אים צוריק אַף זייער פּלאַץ, ווי ער באַקומט צוריק די פיס זײַנע, דעם האַלדז און נאַקן, זײַנע דיקע אָרעמס.

— גיב מיערעסן אַ מאַטע — רופט זיך ווידער אָן דאָס טרוקענע קאָל, אָן אָפּגעהאַקטס ווי מיט דער שאַרף פון אַ האַק, פון אונטער דעם שטרויענעם הוט.

בעיים די טויב־שטומע דערלאַנגט אים די מאַטע מיט אַ בלאַטן שמייכל, נעמט ער מיט איין האַנט די מאַטע און מיט דער אַנדערער גיט ער דערווײַל אַ פּיר איבער אירע בריסטן.

— און ווי מיינסטו, זאָל מען זיי עפּשער שיקן צום האַפן איינ־מאַנען...?

ער שטעלט זיך אָפּ קעדייי מיערעס זאָל צײַט האָבן איבערוועגן יעדעס וואָרט זײַנס. ער האָט ליב מען זאָל אים פאַרשטיין אַפן האַלבן וואָרט. אַף יעדן פאַל...

— ווי שטענדיק...

ער שטעלט זיך ווידער אָפּ. אין די לעכער, וואָס דינען דעם מולאַט פאַר די אויגן, צעפינקלען זיך צוויי פײַערלעך. אַ סימען, אַז ער פאַרשטייט. יענער רעדט ווײַטער:

— און דו וועסט זיי נעמען אַף זיך, אין וואַלד? ער האָט זיך דע־

רויף געריכט. ער האָט געוווּסט, אַז דער פאַרוואַלטער וועט אַף דעם אַרויפ־קומען. אַלס רעוואַנש, באַהערשט אים אַ געפיל פון ביטל צו אָט די נאַר־ניט כיטרע ווײַסע. האַלטן זיך פאַר שטאַרק געבילדעטע, פאַר ביז גאָר פעיִקע, נאָר אַז זיי געפינען זיך אין אַ קלעם, ווייסן זיי נאָר האַרגענען. יענער זאָל פאַר זיי האַרגענען. און זיי קומען אָן צו אים.

— ...ווי שטענדיק.

גאַטירלעך, באַצאָלן זיי. דערויף קען ער זיך ניט באַקלאָגן. נאָר אין דער טיפעניש פון זײַן אבערגלויבן באַגרײַפט ער, אַז די בלוט־שולד, וואָס ליגט אַף אים, קען מען ניט דעקן מיט קויטיקע פאַזיטן, באַפלעקטע מיט די טויזנטער רויטע טראָפּנס, וואָס די האַרוגים לאָזן אַף זיי איבער. ווען עס איז וועט ער אויך מוזן דערפאַר באַצאָלן. דעריין איז ער זיכער. אָבער פאַרוואָס עפּעס ער אַליין? און יענע? און די פאַכדאַנישע שלאַנג סאַנטאַ קרוס? און דאָן כוליאַ, וואָס פאַר אים באַגייט ער די אַלע שווײַנערײַען? ווען וועלן זיי באַצאָלן? ער, ווייניקסטנס, בלײַבט אינעם וואַלד און דאָרט וועט ער ווען עס איז פאַלן אַ געהאַרגעטער. אָבער די וואָס שאַפן זיך מיט אים און צאָלן אים, בלײַבן אומבאַשטראָפט. זיי לאָזן זיך וווילגיין אין בוענאָס־אײַרעס אָדער אין אַסונסיאָן, אין פּאָסאַדאַס, אין ריאָ. זיי האָבן שיינע ווײַסע פרויען, וואָס האָבן קיינמאָל די ווילדעניש ניט אָנגעקוקט; אויטאָמאָבילן און הײַזער, רײַבן זיך צווישן דער הויכער געזעלשאַפט אַף הוליאַנקעס, וואָס ער קען נאָר כאַלעמען פון זיי, און אַז זיי מאַכן אַ פאַר־מעגן, זעט מען זיי מער ניט אַפן זאַוואָד. אַף אים, ווידער, קוקט מען מיט פאַראַכטונג, סײַ פון אויבן און סײַ פון אונטן. אַפן דעק פון אַלע בליקן מערקט ער אַ שפּור פון שרעק, וואָס גייט נאָך זײַן נאָמען אַלס מערדער. אַ טעמפּע מערידע צײַטיקט זיך אין זײַן ברוסט קעגן אָט דער לאַגע, פון וועלכער ער פילט זיך אַ קאָרבן. נאָר ער איז אָנמעכטיק צו ענדערן דעם גאַנג פון די געשעענישן. דערוואַכן איז נאָך ערגער. פאַרמישפּעט איז ער צו דער פאַראַכטונג פון די אייבערשטע און צום אומגעבראָכענעם האַס, וואָס שלאָגט צווישן די מענטשן. ער מוז שוין אַזוי האַרגענען ביז...

— דו וועסט זיי נעמען אַף זיך, ווי שטענדיק...

...ביז עמעצער וועט אים ווען עס איז ליקווידירן. אָט די איבער־צײַגונג האָט אים פאַרשאַפט אַ וווּליונגישע זיכערקייט אין זיך, וואָס אַנ־דערע האָבן אָנגענומען פאַר מוטיקייט. ווען ער שטייט אַמאָל צופעליק מיטן רוקן צו אַ באַטראַק, האָט ער שטענדיק מוירע פאַר אַ פאַררעטערישן מעסער, וואָס קען אים אַוועקשיקן אַף יענער וועלט. ער באַהאַלט אָבער זײַער פאָרזיכטיק אויס זײַן מוירע. דער בעסטער שוץ איז זײַן קלוימערשטע גלײַכגילטיקייט צו געפאַר און די שרעק וואָס זײַן אָנוועזנהייט רופט אַרויס.

וועט אַמאָל אַט די געשאַפענע פעסטונג אָפּגעשוואַכט ווערן, איז ער אַ פאַר־לוירענער. דערווייַל איז ער זיכער.

— איז ווי מיינסטו?

כאָטש ער קען ניט זען סאַנטאַ קרוסעס אויגן, פאַרשטייט ער, אַז יענער שטעכט אים דורך. נאָר ער שיצט זיך אונטער זייַן פאַלשן פּאַנעם און באַהאַלט אויס זייַן אומצוטרוי. פּונקט אין דעם מאָמענט דערמאָנט זיך אים אַ שמועס, וואָס ער האָט געהאַט אַף דער שיף בערמעכאַ מיט אַ טוריסט, וואָס איז צוריקגעפאָרן פון אַ באַזוך באַ די וואַסערפאַלן פונעם איגואַסו. געווען איז יענער אַן אינזשעניער אָדער אין דעם ערעך. אַ דאַ־רער, אַ לאַנגער, מיט ברילן, וואָס האָבן אים צוגעגעבן דעם אויסדרוק פון אַ סאָווע. געפרעגט האָט ער אים צי איז עמעם וואָס מען דערציילט, אַז „מען הארגעט די אָרעמע אַרבעטער". מיערעס האָט אים געפּרווּוט אָרנט־לעך און מיט אַן עמעם אויפקלערן דעם איניען.

— הערט אויס, סעניאָר. שולדיק דערין זייַנען די אוואַנסן. די באַ־טראָקעס קומען פון פּאַסאַדאָס קאָמפּראָמעטירט מיט אַביסל געלט, פון דרייַ הונדערט ביז פינף הונדערט פעזעס העכסטנס. מען גיט אייַך פופציק מענטשן און איר זייַט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם געלט. איר מוזט זען דאָס געלט זאָל אַרייַנברענגען. אַנטלויפן זיי זייַט איר שולדיק. און די מענסום האָבן ניט ליב צו אַרבעטן. פאַרוואָס זאָלן זיי יאָ ליב האָבן! פוילן זיך, שטיי און קוק זיי אָן. און ווי נאָר זיי קענען, זייַנען זיי אויס די צייַט. דאָס זייַנען ניט קיין מענטשן ווי איר, ווי איך, איר מעגט מיר גלייבן, סעניאָר. מוז מען זיך לאָזן ווי עס איז רעספּעקטירן...

קעגן אַלע זייַנע דערוואָרטונגען, איז יענער געווען איבערראַשט, סקאַנ־דאַליזירט:

— ווי הייסט? איז עס מעגלעך? איר באַרעכטיקט, הייסט עס, מאָרד. דאָס איז דאָך ווילד! איצטער זע איך שוין, אַז ס'איז עמעם וואָס...

מיערעס האָט אים געפּרווּוט באַרויִקן. נאָר דער אינזשעניער איז גע־ווען אויסער זיך און האָט זיך מיט אַ געליאַרעם פונעם טיש אויפגעהויבן:

— ס'איז אַ ביזאָיען אין אַרגענטינע זאָל אַזוינס פאָרקומען! און מען זאָגט נאָך, אַז מיר זייַנען ציווילִיזירטע מענטשן! און איך ווייס ניט וואָס טוט די רעגירונג...

און אַזוי ווייַטער די אַלע נאַרישקייטן. דערנאָך פלעגט ער באַ יעדן מאָל באַגעגענען מיערעסן אָפּקערן די אויגן פון אים. שולדיק איז ער אַליין וואָס ער איז געווען מיט אים אָפנהאַרציק און אָרנטלעך. וואָס איז דאָ צו ריידן. זיי קענען אים ניט פאַרשטיין. ער וואָלט אַ באַלן געווען זען אַט דעם שטאָטישן ווי ער ספּראַוועט זיך מיט די מענטשן אין וואַלד!

מען װאָלט אים באַלד גענומען אַף כּװיזעק. מען דאַרף זיי גוט קענען די מענטשן, רײדן זייער שפּראַך, אין אַלע זײערע באַהאַלטענע קאַװאַנעס אַרײַנדרינגען, טרעפן װאָס זיי טראַכטן אַפילע אין שלאָף. און באַגיין מוז מען זיך מיט זיי שטרענג. בעשומויפן ניט נאָכלאָזן. איס קומט מען דערצײלן װעגן „אָרעמע אַרבעטער", אים, װאָס האָט שוין אַפן בויך אַ גוטן סימען, אַז אָנדענק פון אײנעם אַ דאָן סאַנטאָס! און זיי קומען מיט ראַכמאָנעס, די שטאָטישע, אַף אָט די הינט!

סאַנטאָ קרוסן װוּנדערט און עס ערגערט אים אַביסל מיערעסעס צורוקגעהאַלטנקייט. װאָס איז היינט מיט אים געשען? פון צװישן די האַלב געשלאָסענע װיִעס, פון אונטערן שיצנדיקן ראַנד פון זײַן הוט, פּאָרשט ער אים. ער האָט מיט אַן עמעס אַ מיִעסן פּאָנעם. די נאָז, אַ צעפּלעטשטע פון אַ טרעפלעכן זעץ מיט אַ פויסט, זעט זיך קוים אָן צװישן די אַרויסגעשטאַרצטע באַקנביינער. אונטער די געדיכטע שעטינענע װאָנצעס שפּאַרן אַרויס די ליפּן װי אַ שנוק און פאַרשטעלן צװיי שורעס דריבנע, קויטיקע און ניט גלײַכע ציין. די געדיכטע קוטשעראַװע האָר פון קאָפּ און פון די פּייעס זײַנען אויסגעמישט מיט די האָר װאָס װאַקסן אים אין די אויערן, װי בײַ אַ מאַלפּע. אַ קויטיק העמד פאַרדעקט זײַן ברוסט, װאָס הייבט זיך אַ מעכטיקע יעדעס מאָל װי דאָס מויל עפנט זיך אים און בעט אַביסל רײנערע לופט פאַר זײַנע זשעדנע לונגען.

מען מוז אָבער מוידע זײַן. ער האָט די פעִקייט זיך צו אימפּאָנירן. ער מוז שוין אַװאַדע זײַן איבער דרײַסיק יאָר אַפן אייבערשטן פּאַראַנאַ, און פאַר דער גאַנצער צײַט האָבן זיך אים פון אונטער די הענט ניט אַרויסגעדרייט קיין האַלבער טוץ באַטראַקעס... לעבעדיקערהייט. װאָרעם פליײטעס זײַנען פאַרגעקומען זייער אָפט, סײַ אין די זאַװאָדן װוּ ער איז געװען אָנגעשטעלט און סײַ אין אַנדערע. װי נאָר אַ באַטראַק אַנטלויפט פון שטראָף אָדער פון שװערער אַרבעט און געטרויט אָז זײַן לעבן דער װילדעניש, אַזוי זעצט זיך מיערעס אויף אַף זײַן פערד און לאָזט זיך אַװעק אויפזוכן דעם פאָליט. ער פאָרט אַרויס אַליין אָדער מיט אַ באַגלייט, לויטן פּלאַן. װי אַ טיפער קענער פונעם װאַלד, װייס ער, אַז אַף די פעלדזיקע געגנטן און אומװעגן איז אוממעגלעך עמעצער זאָל זיך קענען אַרויסדרייען פון זײַנע הענט. פאַראַקשנט און זיכער געפינט ער אויס, פון סימאָנים, װאָס קיין אַנדערע זײַנען זיי ניט באַקאַנט, דעם װעג אַף װעלכן דער אַנטלאָפענער באַטראַק האָט זיך פאַרנומען. ער שנאַפּט אַזוי לאַנג ביז ער דערשנאַפּט. די באַגעגעניש איז שטענדיק אַ ניט גלײַכע. דער געיאָגטער פאַרמאָגט בלויז זיך ניט מער װי זײַן װאַלדמעסער, אַקעגן דעמס רעװאָלװער אָדער װינטשעסטער. דאָ העלפן ניט קיין טײַנעס און געשרייען.

ער שטעלט אים צו דאָס געווער צום פּאָנעם און מיט איין קויל ליגט ער אים אַוועק אַ טויטן. דערנאָך שיקט ער אַנדערע באַטראַקעס אויפזוכן דעם האַרעג און אים באַגראָבן. נאָר דעם מאָרד באַהאַלט ער ניט אויס. פאַר־קערט, ער זעט די ידיעה זאָל אומגיין פון מויל צו מויל, וואָרעם אַזוי אַרום דערגרייכט די שטראָף איר ציל. וויפל האַרוגים האָט ער שוין אָף זיך?

— נו, איז וואָס זאָגסטו?...

יענער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט, ווי איבערצוריַיסן דאָס שוויַיגן.

— איר זייט גערעכט, דאָן סאַנטאָ, נאַטירלעך. מען דאַרף זיי גוט אָנלערנען, די מאַריידאָס, און די אַנדערע אויך. נאָר...

— נאָר וואָס דען?

— ...איך זאָג, אַז זיי זיַינען זייער געוואָרנט. דערצו נאָך, איז איין זאַך ווען זיי האָבן ניט קיין געווער. די, אָבער, קענען זיך פאַרטיידיקן, גלייַך שיסן.

ער דערוועגט זיך ניט, הייסט עס, דער אַלטער באַרימער, אָף אַ באַ־געגעניש גלייַך אָף גלייַך? גיי פאַרלאָז זיך אָף אַזוינע מענטשן!

— מולאַט מאַמזער!...

נאָר זאָגן זאָגט ער עס אים ניט. ער האָט דאָס קוים אַ טראַכט געטאָן. מען טאָר קיין צייַט ניט פאַרלירן. זייַן פּלאַן איז שוין אויסגעציַיטיקט און ער נעמט זיך ניט די מי אים אויסלייגן פאַר מיערעסן. ער באַפעלט אים בלויז:

— אויב אַזוי, וועסטו מיר אַ רייד טאָן מיט דעם „פּאַכי" און אים זאָגן...

קוים האָט דער פאַרענדיקט, מאַכט יענער אַ לייַכטן פאַרנויג און שפּאַנט אַוועק אַהין וווּ ער האָט זייַן פערד געלאָזט שטיין. ער איז זיכער, אַז סאַנטאָ קרום האָט סאָפקאָלסאָף אַרויפגערוקט זייַן פאַרשאָלטענעם הוט און בויערט אים דעם רוקן מיט די אויגן, מיט זייַנע גרויסע פאַראַכטנדיקע אויגן פון אַ ווייַסן מענטשן...

# אין דער פאַסטקע

פון פאַרשיידענע זײַטן קומען די מויל־אייזלען צום ווײַטן זאַוואָד. צוויי מיט איין שטעג, זעקס מיט אַ צווייטן. ווײַטער, אַ לאַנגע שורע. רויִק, געלאַסן, נאָר אומאויפהערלעך, טרעטן זיי איבער די אײַנגעוואַלגערטע שטאַמען, איבער די פעדער־גראָזן, דורך דעם געדיכטן פלאָנטער, וואָס גרייכט אַמאָל ביז די קנאָכיקע קניִען. קוּענע פעלן אָנגעשוואָלענע מיט שוואַרצער, אין וואַלד געסמאַליעטער זשערבאַ, ווייגן זיך, צו איינער אַף ביידע זײַטן אייזל. לעבן זיי שפּאַנען די באַטראַקעס, שמײַסן זיי פון צײַט צו צײַט מיט שטעכיקע צווײַגלעך פון דער ערד אויפגעהויבענע. טרעפט זיי פילן זיך אָנגעשטעקט מיט דעם לאַנגווײַל און מיט דער טעמפּקייט פון די מויל־אייזלען און נעמען טרעטן אויך אַזוי נאָכלעסיק. נאָך די קרומע שטעגן צעעפנט זיך אַ גלײַכער, אַ ברייטער און באַקוועמער, דער גרויסער וועג. אַלע נעמען דעמאָלט טרעטן שנעלער, וואָרעם באַלד וועט מען זיך אָנטרעפן מיט אָט דער מיִעסער נעווײלע פון סענטראַל סאַנטאַ קרוס. דאָרט וועגט מען די זשערבאַ, ווי שטענדיק. ווי שטענדיק רעכנט מען זיי ווילקירלעך אַראָפּ פון דער וואָג, מיט אַזעלכע טערוצים ווי שלעכט געשניטן, פײַכטע בלעטער, צופיל שטענגלעך. ווי שטענדיק, נוצט מען די וואָג אַזוי אַז זי זאָל ווײַזן עטלעכע קילאָ ווייניקער. די רײַסער, אויך ווי שטענדיק, רײַסן זיך פּראָטעסטירן פאַר דעם געניייווישן אַראָפּרעכענען און פאַר די פאַרשיידענע טערוצים, מיט וועלכע מען רײַסט זיי אַראָפּ פונעם לוין. נאָר צום סאָף באַגרײַפן זיי, אַז מיט קלאָגן זיך וועלן זיי בלויז פאַרלירן. ווי שטענדיק גייט דער גרינער שטראָם אַריבער צו די „באַרבאַקואַס", ווּ דער „אורו" און זײַן אַרויסהעלפער, דער „הוזשאַנאַ", סמאַליען זיך פאַמעלעך אינאיינעם מיט דער זשערבאַ. דערנאָך באַווײַזט זיך דער קנאַקנדיקער שטראָם אין די „קאַנטשאַדאָראַס", וואָס צערײַבן אים. אַרום ערדענע קרײַזן, באַדעקטע מיט ברעטער, ווּ מען הויפנט אָן

די זשערבאַ, זיצן מענטשן און האַקן מיט די וואַלדמעסערס, פון לינקס אַף רעכטס, פון לינקס אַף רעכטס, אָן אויפהער, ווי רודערער אין דער לופטן. זיי צעהאַקן די שטענגלעך, שפּאַלטן די בלעטלעך, מאַכן פון דער זשערבאַ אַ באַרג דיקן אַש, פון וועלכן עס שטעקן אַרוים בלויז ווו ניט ווו אַ פּאָר אַקשאָנים שטעקלעך. אַט דער גלאַנ־ציקער שטויב איז דאָס איינציק פאַרבליבענע פון דעם ריז מיט דער ווײַסער גלאַטער קאָרע, וואָס די האַק האָט אומגעוואַלגערט. ווען די זשערבאַ וועט קומען אַף איר באַשטימטן אָרט, וועט דער בוים שוין ליגן אַ צעפּוילטער צווישן דעם היציקן געפּלוידער פון די טראָ־פּישע בלומען, פון די גראָזן־שטריק און מאָכיקע געוויקסן, וואָס פלעכטן פאַר זײַן אייביקן שלאָף די פלאַנצן־קרוין פון פאַרגעסן. דער בוים וועט מער ניט בליִען אַרום אָקטאָבער און נאָוועמבער, נאָר דער פינצטערער זשערבאַ־שטראָם גייט ווײַטער זײַן שנעלן וועג.

# XX XVII

נוצנדיק דעם „סאַראַקואַ", האָט מען אַרום דעם ראַנטשאָ פאַרזייט „אַפּן קרעאָלישן שטייגער", אין גרויסע לעכער, וווּ מען וואַרפט אַרײַן די זרײַע. אַזוי אַרום האָט זיך באַקומען דאָס ביסל מאַײַס, די שורעס יוקאַ־פלאַנצן און דאָס באַנאַנע־ביימל. ס'איז זונטיק. ראַמאָן נוצט אויס די געלעגנהייט וואָס די זון ברוט נאָך ניט צו שטאַרק און יעט אויס דעם פאַרזיי. דאָס ווילדגראָז איז הויך און שטאַרק. עס וואַקסט פאַנטאַסטיש שנעל. טייל גראָזן האַקט ער מיט דעם וואַלדמעסער און אַנדערע רײַסט ער אויס מיט די הענט, און זיי ווערן באַ אים קלעפּיק פון דעם גראָזן־זאַפט. אַ טאָפּען פון פערד רײַסט אים פּלוצים אָפּ פון דער אַרבעט. ער טוט אַ קוק צום שמאָלן וועג וואָס ציט זיך פונעם געדיכטן וואַלד און בלײַבט אַזוי שטיין און קוקן ביז די פיר רײַטער זײַנען שוין עטלעכע מעטער פון אים. איז עס אַן עמעם? אַפריִער רײַט אַנאַסטאַסיאָ ראַמירעז גופּע, דער „פּאָכי". ראַמאָן גיט אַ שטילן פײַף און ערשט דעמאָלט זעט ער זיך אַרום, אַז אויך זײַן ברודער האָט זיך צוגעשאַרט, אַף אַט דער אויסערגעוויינלעכער געשעעניש.

— מבאַעיטשאַ פּאַ נדע קאַע, טשע „פּאָכי"? גוט־מאָרגן, וואָס מאַכסטו? — דערוועגט זיך ראַמאָן און פילט זיך גליקלעך וואָס ער האָט מיט זיך דעם רעוואָלווער.

יענעמס געדיכטע ברעמען ציִען זיך צונויף אַזוי אַז געוואָרן איז פון ביידע איינע, און גיט פאַרדראָסיק אַ זאָג, ווי ער וואָלט זײַנע ווערטער געוואָרפן צו הינט וואָס זײַנען צו אים צוגעקומען.

— אימפּאָראַנטע, פּאַ . . . גוט.

נאָר ניט ער און ניט די אַנדערע דרײַ זײַנען גרייט אַראָפּצוגיין פון די פערד.

פונעם וואַלד דערטראָגט זיך דער גערויש פון טשערעט ווען מען ברעכט אים. די זון־שטראַלן שפּרייטן זיך אײַליק איבער די נאָך פײַכטע פלאַנצן און גיבן צו דער לאַנדשאַפט אַ רויִקן גליקזעליקן אויסזען. די מענטשן באַהאַלטן אויס זייער אומרו אונטער דער מאַסקע פון זייערע פאַראינדישטע פּנעמער.

— איר וועט עפּשער אויסטרינקען עטלעכע מאַטעס? אָדער „טערע־

רע״, ווארעם ס׳עט זיך באַלד שטעלן אַ געפּערלעכע היץ.

אויך דאָס ווילן זיי ניט. ראַמירעזעס באַגלייטער זעצן זיך פעסטער אַריַין אין די זאָטלען, באַלעסטיקטע דערפון וואָס די פֿייַנלעכע סצענע ציט זיך צו לאַנג.

— סאַנטאַ קרוס שיקט מיך אייַך זאָגן, אַז איר האָט צוויי רעוואָל־ווערס און איר דאַרפט זיי אים איבערגעבן. איר ווייסט שוין, אַז דאָ טאָר מען ניט האָבן בייַ זיך קיין געווער. קוים דאָס וואַלדמעסער, צו פּליקן די זשערבאַ...

אַלע אָטעמען אַריַין מיט גרויס כיישעק די לופט. דאָס אייַנגעהאַל־טענע איז אַרויס אַף דרויסן.

— אָבער, פאַרוואָס זאָלן מיר דאָס איבערגעבן?... — פרעגט אַדאָל־פאָ ניט אויפהייבנדיק דאָס קאָפּ. — מיר האָבן עס געבראַכט בלויז זיך צו פאַרטיידיקן.

— יאָ, מיר האָבן געווער. מיר לייקענען ניט. נאָר אויב אַזוי, דאַרף מען אונדז באַצאָלן. ס׳האָט אונדז געקאָסט געלט...

— ווילט איר ניט, הייסט עס, איבערגעבן?

— ניט דאָס, פרייַנט מייַנער. נאָר זע אַליין, מיר זייַנען אַלטע באַט־ראַקעס... פאַרוואָס זאָל מען זיך מיט אונדז אַזוי באַגיין? און אויב דער פאַרוואַלטער האָט ניט צו אונדז קיין צוטרוי, וועט שוין קיינער, קיינער ניט האָבן צו אונדז קיין צוטרוי...

די גרויסע אומגוצלעכע ביימער־סקעלעטן, וואָס זייַנען שטיין געבליבן אַפן אויסגעהאַקטן פּלאַץ, זעען אויס ווי אַ שוואַרצער פרעג־צייכן צווישן דעם פריידיקן וואַלד־גרינס.

— הייסט עס, שטעלט איר זיך קעגן?

— אָבער, ניין...

אומזיסט זייַנען שוין די רייד. די הינט אַפילע פילן די נערוועזע שפּאַ־נונג. דאָס איינציקע לעבעדיקע אין די פאַרשטיינערט געוואָרענע מענטשן, זייַנען די אויגן, וואָס היטן פאַרזיכטיק, פון אונטער די האַלב־צוגעמאַכטע ווייעס, דעם קעגנערס יעדן ריר. די פאַרמאַזאָליעטע הענט גייען אויס פאַר כיישעק זיך צו כאַפּן פאַרן געווער. דאָס שווייַגן ליגט ווי אַ בלייַ אַף די מענטשן און אַף די פערד. און די זון באַלייַכט רומפול דאָס גאַנצע פעלד.

אַ ווייַל שפּעטער קוקן שוין די ברידער מאַריירא אַף די ווייַטע הינטנס צווישן גרינעם געוויקס און קענען זיך נאָך ניט גלייבן, אַז דער „פּאָבי״ האָט אָפּגעטראָטן — דעם ערשטן מאָל עפּשער אין זייַן לעבן. ער האָט זיי בלויז פאַרבאָטן, אינעם נאָמען פון סאַנטאַ קרוס, נאָענט צוצוקומען צום פאַרוואַלטונגס־לאַקאַל מיט געווער.

# אין דער פּאַסטקע

פּלוצים אַ טרוקענער קלאַפּ, איינאונאיינציקער. נאָר ווען די שטילקייט וויל פֿאַרכאַפּן דעם וואַלד, קומען אונטער נאָך אַנדערע קלעפּ און שטויסן אַרויס דעם ערשטן. אַפֿן שטאַם איז שוין פֿאַראַן אַ ווײַסע ווונד, און די האַק זעצט זיך אָן אַף איר און באַפֿאַלט זי איין מאָל און אַ צווייטן מאָל און מאַכט זי אַלץ גרעסער, ביז דער בוים ווערט איין גרויסע ווונד, דורך וועלכער עס יאָגט אַרויס זײַן פּלאַנץ-לעבן אינאיינעם מיט די לופֿט-דערייַנערונגען, ניט אויסצו־דערציילן, וועגן רעגנס און זונען און וועגן דעם קווויטשען פֿון ווע־ווערקעס, וואָס זײַנען איבער זײַן קרוין אומגעשפּרונגען און וועגן נעסטן, וואָס האָבן זיך אַף זייערע צווײַגן געהאַלטן. ניט גרויס איז דער קנאַל זײַנער בעייסן פֿאַלן, ווען מען נעמט אין אַכט זײַנע פֿופֿ־ציק אָדער זעכציק יאָר אײַנגעפּונדעוועטן אָבער מיט פּאַסירונגען פֿולן לעבן. ער וואָלט עפּשער קענען שטעלן אַ גרעסערן ווידערשטאַנד דעם האַלב-נאַקעטן מענטש, אים אויפקלערן, אַז אים קומט ווייניק וואָס אַרויס דערפֿון וואָס ער האַקט אים אויס; אים פֿאַרשטיין צו געבן, אַז זייער געמיינזאַמער סוינע איז דער ווײַטער „טשע רובי־טשאַ", דער באַלעבאָס, וואָס זויגט אויס דעם מענטשן נאָך מער ווי די נאַטור. נאָר דער מענטש מיט דער האַק קען אים ניט הערן. שוין לאַנג ווי ער האָט אָנגעווירן די פֿעיִקייט זײַן לאָשן צו פֿאַרשטיין. אַכוצדעם גייט דאָ אום אין דער נאָענט דער אויפזעער און אויך ווייס ער, אַז ער מוז וואָס מער געלט אָנקלײַבן אַף זײַן כעשבן און דעקן זײַן קיינמאָל ניט געזעטיקטן כויוו, קעדיי צוריקצובאַקומען זײַן פֿרײַהייט כאָטש אַף עטלעכע טעג, אַראָפּצוקומען קיין פּאָסאַ־

דאַס און ווי געהעריק זיך אָנצושיקערן, כאָטש וויסן ווייס ער, אַז דערנאָך וועט ער זיך ווידער דערזען אַ געבונדענער אין איינער פֿון די גענעם-אָפּטיילונגען, די האַפּנס אַפֿן אייבערשטן פּאַראַנאַ. דעם לאַמפּאַטשאָ-בוים וועט סײַ ווי ניט העלפֿן דאָס ראַכמאָנעס בעטן. דער מענטש וועט אים אַזוי לאַנג האַקן אַ צעווילדעוועטער, ביז ער וועט אים אומוואַרפֿן, אַן אונטערגעגעבענעם, אַ צעשויבערטן, ווי אַ פֿאַר-גוואַלדיקטע בסולע. וואָרעם דער מענטש פֿאַרשטייט ניט, אַז ניט דער בוים איז זײַן סוינע, אָדער ער קען נאָך ניט אויסקירעווען זײַן שאַרפֿע האַק אַף זײַן עמעסן סוינע, דעם ווײַטן „טשע רוביטשאַ”.

# XXXVIII

ראמאָנס גרויסע לאַפּעס ווערן צאַרט ווען זיי שטעכן מיט דער נאָדל אין די שווין געגנוג געלאַטעטע באַמבאַטשן און באַמיט זיך פאַרנייען אַ נייַעם רים. עמעצער גיט אים צו וויסן:

— טשע, איינער פון די הינט גייט אהער...

— ס׳איז דער „בישאָף״. וואָס דאַרף ער דאָ?

רוזיק זיצט ער און נייט, ביז יענער שטעלט זיך אוועק פאַר אים.

— מבאָעיטשאַ פּאַ נדע קאַארו?... גוטן אָוונט. — געגומען האָט ער ריידן מיט אַ פאַלשן שמייכל. נאָר ראַמאָן רייַסט אים איבער:

— אָף וואָס באַדאַרפסטו מיך? אַרויס מיט לאָשן!

— דער באַלעבאָס פאַרבעט דיך אויפן 25טן. ס׳איז דער ארגענטינער יאָנטעוו, ווייסט מיסטאָמע... און ס׳וועט זייַן גאָר אַ גרויסער יאָנטעוו, מיט מוזיק און אַלץ מיט אַן אַנדער.

— און מיך, הייסט עס, שיקט ער פאַרבעטן צום יאָנטעוו?...

— נו, ווי דען. דיך און דייַן ברודער אויך. וואָס זאָל איך אים זאָגן? איר׳ט קומען?

מאַריירא׳ס בליק, פול מיט פאַרדאַכטן, פאַלט אהין ווו דער האָריזאָנט פאַרשלינגט די ווילדעניש.

— וואָס־זשע זאָל איך אים זאָגן?

— זייער ווויל. זאָג אים, אַז מירן קומען!...

די נאָדל שטעכט ווייַטער אינעם גראָבן שטאָף.

— האָסט גליק — רופט זיך איינער אָן און וואַרט וואָס מאַריירא וועט דערויף ענטפערן.

— וואָס מיר גליק, ווער מיר גליק! זיי ניט קיין טיפּעש! — ענטפערט דערויף דער וואָס האָט דערלאַנגט דעם קאַלטן זשערבאַ־געטראַנק. — זעסט דען ניט אַז מען בעט אים אויס דאָס געלעגער?

— פאַרשטייט זיך, — איז ראַמאָן מאַסקים, בייַסט אָפּ דעם פאָדעם און טוט אָן די באַמבאַטשן. — אַליין האָסטו עס ניט צעקייַט?... דער

באַלעבאָס וועט דאָך אונדז ניט פאַרבעטן טאַנצן מיט אים... מיר זײַנען ניט מער ווי אַרבעטער...

— ריכטיק! וואָס־זשע וועסטו טאָן? רעכנסט גיין?...

ראַמאָן מאָריירא לאָזט זיך אַוועקגיין אַ געשטרעקטער, אַ ברוינער און אַ מעכטיקער.

— כ׳וועל גיין... אַז ער בעט מיך...

— מ׳עט דיך דאָרט דערהאַרגענען!

פון ווײַטן שוין הערט זיך זײַן קאָל:

— אַז ער פאַרבעט מיך...

# אין דער פּאַסטקע

צווישן גרינעם געוויקסן־יאַם שטעקט אַרויס די אָרכידעע איר בלענדיקן קאַם. אַפן שפּיץ שטענגל וויגן זיך צוויי אָדער דריי געלע בלימעלעך מיט גרינע פּינטלען פון איידעלן גרינעם טאָן. באַם אונ־טערשטן טייל בוים הייבט זי זיך און קוקט זיך צו צום אַרומיקן לעבן. עטלעכע דראָסלען פליִען פאַרביַי, יאָגן זיך איינער דעם צווייטן. דערנאָך קומט אַ דעפּיליע פון מערעשקעם מיט וויַיסע אויפגעבלאָ־זענע בייַכעלעך. אין־אַ שאָ אַרום איז שוין קיין איינע פון זיי ניטאָ. אַ פּאָפּוגיַי פּיַינט זיך אויס אַף אַ נאָענטן צוויַיג מיט זיַינע ריַיכפאַר־ביקע פעדערן, און אָט איז ער שוין אויך ניטאָ. אַ פענצטער־שפּין רוקט זיך אַרויס פון אַ גריבעלע אין דער ערד, שפּינט אַביסל אָן אַרום זיך און לייגט דערויף איבער עטלעכע צוויַיגעלעך און אַ שטיקל פאַרטרוקנטן בלאַט, גאָר אַ קליין שטיקעלע. דערנאָך פאַרשווינדט זי. אין אַ רעגע אַרום קומט צו שפּאַנען, קוים וואָס ער שלעפּט זיך, אַ מיסט־זשוק. אַז ער וויל אויסמיַידן די שטערונג, די שטענגלעך און די שטיינדלעך און די ליַיכטע בערג מיט שטויב, מוז ער פונקט אַרי־בערגיין די פּאַסטקע. ער הייבט אויף די פעדערשטע לאַפּקעס, פּרוּווט זיך אָנכאַפּן אָן עפּעס אַ פעסטער זאַך, נאָר עס געלינגט אים ניט. ער פאַרזינקט אינעם פּוסטן כאָלעל, ביז ער טרעפט אָן אַף דער שפּינס געניטע קלאַמערן. זי שטעקט קוים דעם קאָפּ אַרויס און מער זעט מען שוין גאָרניט. די אָרכידעע פּעכערט זיך וויַיטער אַזוי פּאַ־מעלעך ווי פריִער.

## XXXIX

דעם גאַנצן פרימאָרגן מוזן זיי גיין ביז זיי באַוויַיזן צופוס צוצוקומען צו „סענטראַל סאַנטאַ קרוס״. דאָס זײַנען פּופצן קילאָמעטער גאַנג איבער אַ קוים אויסגעטראָטענער סטעזשקע. אַ ווײַל פאָרן צוקומען וואַשן זיי זיך אָפּ די פיס אין אַ קילער ריטשקע. אָפּגעווישט זיך די פאַרשטויבטע פּענעמער און אַז אַ וואָרט אויסצורײדן, שפּאַנען זיי ווײַטער. עמעצער, קענטיק, קוקט אַרויס אָף זיי, וואָרעם איידער נאָך זיי קומען צו צום גרויסן הויז, זעען זיי דאָרט מענטשן זיך אומדרייען. נאָר קײנער מערקט ניט קיין וואַקלדיקייט אין זייערע טריט און אַ צען מעטער פון דאָרט בלײַבן זיי שטיין. באַ אַ וואַנט פון טרוקענער ליים מיט שטרוי שטייען אָנגעשפּאַרט אַ טוץ מענטשן מיט ביקסן אין די הענט און שמייכלען פאַלש. אַז אַ זײַט שטייט דער מאַזשאָרדאָם דאָן סירילאָ און סאַנטאַ קרוס גופא. פון יאָנטעוו איז קיין שפּור ניט. נאָר קײנער לאָזט זיך שוין ניט נאַרן.

— נו, — קומט צו דער פּאַרוואַלטער, — איצט וועט איר איבער־געבן דאָס געווער צי ניין?

— אָבער, באַלעבאָס...

— דו שווײַג, הינטישער זון! דאָ וועט איר דעם קאָפּ אַראָפּבייגן אָדער איך וועל אים אײַך אַראָפּשיסן! וואָס מיינט איר אײַך?...

— אַניטשענע, טשע קאַראַ!... ניט אַזוי דאַרף עס זײַן, מײַן האַר... מיר ווייסן ניט פאַרוואָס זײַט איר מיט אונדז דערווידער...

— סאַנטאַ קרוסן האָט זיך נאָך קיינער ניט אַקעגנגעשטעלט, ווייסט איר? קיין איינער ניט אַ לעבעדיקער! איר גייט דאָרט אַרום צווישן די אַנטרײַבער און מענטשן און איר באַרימט אײַך וווילײַנגעריש, אַז איר וועט ניט איבערגעבן די רעוואָלווערן.

— אָבער...

די ביקסן גיבן זיך אַ שטרעק אויס. די הענט וואָס האַלטן די ביקסן מיט געמאַכטער צערטלעכקייט ווי זיי וואָלטן געווען קינדער זייערע, באַ־

קומען לעבן. זיי רוקן דעם שלאָס, ווישן אָפּ דעם שטויב פון די רערן, שמייכלען, ווי זיַיטיקע, וואָס קערן זיך גאָרניט אָן מיט דעם שמועס...

— ...און דאָ וועט איר איבערגעבן אַלץ וואָס איר האָט! ניט איר זיַיט די שוויַינעריַי, וואָס וועט מיך שטעלן צום ביזאָיען!

— אָבער, באַלעבאָס, אַז איר האָט ניט קיין צוטרוי, וועלן אַנדערע אויך ניט האָבן...

— גענוג גערערט! שוין זאָלט איר אָוועקגעבן דאָס געווער!

— אַכוצדעם, האָט עס אונדז געקאָסט געלט, און מיר באַדאַרפן עס ווײַל די כאַיעס גייען אום און מאַכן אַ טעל פון די פּלאַנצן. כ'שווער דיר, באַלעבאָס, מיר דאַרפן עס...

באַ די קאַפּאַטאַסן פון די גאַרטלען קוקן די פּיסטוילן אַרויס מיט זייער געבראָכענעם סילועט. פּאַליירא רופט זיך אָן און ציט די ווערטער, קעדיי אַלע זאָלן אים הערן:

— מיר הייבט זיך אָן דוכטן, אַז ווײַל מיר האָבן היַינט דעם 25טן מיַי, וועלן זיי האָבן וואָס זיי באַדאַרפן...

— נאָך אַלעמען — גיט טשאַמאַראַ צו אײנעם זעלבן טאָן, — איז שוין דער קאַסטן פאַר זיי גרייט.

— נו, איר גיט אָוועק אָדער!...

ראַמאָן נעמט אַרום זיַין ברודער מיט אַן אומאויסדריקלעכן בליק:

— מיילע, טשע, פּאַרפאַלן. מירן זיך איבערגעבן...

— וואָס קען מען זיך העלפן! — איז יענער מאַסקים אויך מיט אַ פעסטן טאָן. — וויַיזט זיך אַרויס, אַז זיי האָבן שוין גרייט די שיסער...

סאַנטאַ קרוס האָט געזאָלט באַפעלן איינער זאָל צו זיי צוגיין נעמען דאָס געווער, נאָר פונעם קאָל זיַינעם ווערט אַ קרעכץ. נאָכדעם ווי די ברי־דער מאַריירא טראָגן צו האַכנאַעדיק די הענט צו די גאַרטלען, כאַפּן זיי שנעל אַרויס די רעוואָלווערן און שיסן אויס עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד. ווען די איבערראַשטע קאַפּאַס האָבן געוואָלט ענטפערן, זיַינען שוין עטלעכע זייערע געווען געפאַלן. דער קאָנטראַקטיסט דאָן אַמאַראַ איז טייקעף געפאַלן אַ טויטער פון אַ קויל אין האַרצן, דאָס אייגענע סירילאָ, וואָס ראַמאָן האָט אין אים מיט אַ באַזונדערער קאַוואָנע געצילט. סאַנטאַ קרוס איז געפאַלן אַ פאַרוווּנדעטער; קרעסצענסיאַ אויך. מיט דער זעלביקער רויִקייט ווי די ברידער מאַריירא האָקן אונטער די לאַפּאַטשן־ביימער אָדער די זשערבאַ־ביימער, שטעלן זיי אויך אײַן זייערע לעבנס. וואָס ס'וועט זיַין וועט זיַין. זיי ווענדן אָבער אָן אין דעם נויטפאַל אַלע זייערע קענטעניש פון מענטשן וואָס זיַינען געווויינט פּולווער צו שמעקן. זיי שיסן פּינקטלעך, אין אונ־טערגעקליבענעם ציל, און אַליין שטעלן זיי זיך מיט אַ זיַיט קעדיי די קעג־

נער זאָל שװער זײַן צו צילן. די אַנדערע, שױן אָן די אָנפירער, דערשראָ־קענע ניט אַזױ פֿאַר דער שיסערײַ פֿון די מענטשן װי פֿאַר זײער געװאַגטן זשעסט, שיסן אָן אַ ציל, קוקן זיך קימאַט ניט אײַן. טײל זײַנען אַנטלאָפֿן. ראַמאָן גיט זיך דערמאָלט אַ װאָרף אויף פֿאַליראָן, װאָס האָט זיך געהאַט צוגעשאַרט צו נאָענט, און פֿאַרענדיקט אים מיט אַ פּאָר מעסער־שטעך.

— און דאָס — רעדט ער צו אים בײַ די לעצטע שטעך — איז פֿאַר אַזשאַלאַ; און דאָס פֿאַר אַמעליען און דאָס פֿאַרן קינד...

סאַנטאַ קרוס איז ערגעץ פֿאַרשװוּנדן. עס איז קײן צײַט ניט געװען אַפֿילע װידער דאָס געװער אָנצולאָדן. מיט דעם טויטנס ביקס דעקן זײ זײער פּלײטע און עטלעכע זײערע קוילן טרעפֿן אין די בײמער, איבער די ברידער מאַרײראָס קעפּ.

װען די מאַרײראָס עפֿענען זיך מיט זײערע װאַלדמעסערס אַ װעג דורך דער געדיכטער װילדעניש, טרעט אַדאָלפֿאָ ניט װילנדיק אַרויף אויף אַ גרוי־סער „פֿענצטער־שפּין", װאָס איז אַרױס פֿון איר באַהעלטעניש, נאָכדעם װי זי האָט געהאַט פֿאַרענדיקט מיט אַן אַרײַנגעפּאַקטן מיסט־זשוק...

# אין דער פּאַסטקע

אין דער ווילדעניש קען אַ מענטש זיך פאַרטיידיקן נאָר דעמאָלט ווען ער ווערט פאַרוואַנדלט אין נאָך איין כאַיע. איבערהויפּט דער אַנטלאָפענער מענטש. די אינסטינקטן מוזן אַרויף אַף דער אייבערפלאַך, אינגאַנצן אים איינצושלינגען, אויב ער וויל זיך ראַטעווען. ער מוז באַקומען דעם געהער פון אַ הירש, די פלינקייט פון אַ יאַגואַר, דעם אויסדויער פון טאַפּיר, דאָס אויג פון אַ שפּאַרבער. ווי זיי, דורכגליטשן זיך, פאַרביי אומבאַמערקט, ניט שלאָפן, ניט עסן, ווען די אומשטאַנדן פאָדערן עס, און האָבן די געדולד פון אַ ניאַקאַנינאַשלאַנג, וואָס וואַכט איבער אַ נעסט שאָען-לאַנג קעדיי קענען צוקומען צו איר פאַנג. אין דער ווילדעניש קען לעבן נאָר דער וואָס האָט באַ זיך געפּויעלט צו ווערן איר קנעכט, איינער פון איר גרויסער צאָל קינדער, היטן די פאַרפלאָנטערטע געזעצן, וואָס פירן אָן מיט איר גראַנדיעזער אומאָרדענונג. און מען מוז קענען די שפּראַך פון די פלאַנצן און פון די נאַטור-עלעמענטן, זיך אָריענטירן לויט נאַטור-סימאָנים, דעם אייגענעם גורל אָנטרויען דעם וואַסער און די שטערן. און ניט פאַרצווייפלט ווערן. קיינמאָל ניט פאַרצווייפלען, מעג דער עלנט טאַנצן פאַר די אויגן אַ טויטן-טאַנץ, מעגן די טריט פון לאַנגע טעג פירן אַלץ צום זעלביקן פלאַץ, מעגן — פאַרשאָלטן זאָל דאָס ווערן! — די פאַרפאָלגער צוקומען וואָס אַמאָל נענטער. דאָס פאַרקערטע דערפון איז טויט, אָדער נאָך ערגער, פון זינען אַראָפּ. די נעקאָמע פון דער ווילדעניש.

# XL

זיי האָבן שוין קימאַט געהאַט פאַרלוירן דעם כעשבן וויפל טעג זיי לויפן שוין. זיי ווייסן; אַז גרויסע גרופעס כאַפּער לויערן אַף זייער שפור און אַז דאָס לויפן ווערט מער העלדישקייט ווי די שלאַכט אין „סענטראַל סאַנטאַ קרוס". און אַזוי איז עס טאַקע. ערגעץ, גאָר ניט ווייַט פון זיי, גייען מענטשן אום. וויפל? אויב אַף אַוועקצוהאַרגענען אַן אָרעמען מענטש קעדיי ניט צו דאַרפן באַצאָלן אים פאַר דער אַרבעט, נעמען זיך צונויף אַכט זייערע, מוזן זיך פון זייערט וועגן מאָביליזירן אַ האַלבע מייע. פון זייערט וועגן, וואָס זיי זייַנען באַגאַנגען דעם פאַרברעך צו האָבן פאַרטייַדיקט זייער לעבן מיט געווער, און וואָס נאָך געפערלעכער, געוויזן און אַרויסגעהויבן פאַר די מענטשן דאָס הייליקע רעכט פון אויפשטאַנד. זיי זייַנען אַוואַדע אויסן זיי צו באַשטראָפן אַזוי, אַז דאָס זאָל זייַן אַ בייַשפּיל, מען זאָל זיי האָבן צו געדענקען אַף יאָרן. זיי לויפן דעריבער טאָג ווי נאַכט, אָן אָפרו, און הערן אַ מעשונעדיקן גערויש אין דער ווילדעניש. ערגער איז ווען עס נעמט רעגענען. נאָר אָפּשטעלן זיך ווילן זיי ניט.

פאַרנאַכט צו איז געשען דאָס אומגליק. ראַמאָן גיט פלוצים אַ זאָג:

— וואַרט נאָר, טשע. מיר זייַנען אָפּגעצוימט מיטן טשערעט.

ריכטיק. זיי געפינען זיך איצט אַף דעם זעלביקן פּלאַץ וווּ זיי זייַנען געווען נעכטן פאַרנאַכט. ווי אַזוי איז עס געשען? ווייַט ציט זיך אַ געדיכטער טשערעט, און שוין לאַנג ווי זיי בלאָנקען דאָרט אַרום און קומען אַלץ אָפּן זעלביקן פּלאַץ. ווי נאָר זיי פּרוּוון אַרויסקומען פון דאָרט, טרעפן זיי זיך אָן מיט דער זעלביקער טעמפּער אַרמיי טשערעטן און ווידער טשערעטן, וואָס שטויסן פון זיך אָפּ זייערע שוין אויסגעשטשערבעטע מעסערס. שוין עטלעכע שאָ ווי עס רעגנט געדיכט און אָן אויפהער. זיי זייַנען דורכגענעצט, טויט הונגעריק און שלעפעריק, זיי די פאַרבלאָנדזשעטע.

— פּי... כו... איכו...

זיי שוידערן אויף. דאָס קאָל הערט זיך מוירעדיק נאָענט. העכסטנס פון צוויי קילאָמעטער. ס'איז דער „מבורעאָ", דער גוואַראַני-צייכן אַף צו

אָריענטירן זיך און זיך איבערצורופן אין דער ווילדעניש. מען מוז זיי איצט אוואדע אָרומרינגלען, מעטאָדיש, פּינקטלעך און אויסגערעכנט, זיי מאַכן ענגער די באַלאַגערונג אַרום די בונטאַרן.

— כּוּ... איכוּווּ...

די קוילעס הייבן זיך אַלץ העכער, הינטער זייער רוקן, פון איין עק וואַלד צום צווייטן. מען הערט זיי מיט רעגולערע געמאָסטענע האַפּסאַקעס. זיי לעכערן דורך דעם רעגן און דאָס אומאויפהערלעכע רוישן פונעם טשערעט.

— איכוּווּווּ...

דאָס קאָל איז צודרינגלעך, מאָנאָטאָן, פונעם זינען אָראָפּפירנדיק. ער ווערט אַלץ נענטער, ער נעמט זיי אַרום מיט ניט מאַמאַשעסדיקע נאָר זיי־כערע נעצן. די נערוון זײַנען געשפּאַנט, וואַרטן דער סיגנאַל זאָל זיך דער־הערן און נאָך אים דער ניט מיד ווערנדיקער ענטפער:

— פּי... כּוּוּ...

צוליב דעם דער גאַנצער קאַמף? צוליב דעם געלאָפן, די באָרוועסע פיס צעבלוטיקט, געקײַט ליים און וואָרצלען צו פאַרווײַלן דעם הונגער, אַזויפיל וועג דורכגעהאַקט ביז די הענט האָבן אויפגעהערט פילן, אַזויפיל געליטן קעדיי צום סאָף אַזוי מיִעס אַרײַנצופאַלן? — דאָס קלערן מאַכט ראַמאַן מאַרייראַן ווילד. און ניט קענען אַפילע שטאַרבן מיטן רעוואָלווער באַם פאַרטיידיקן זיך, מאַכמעס אַלץ איז דורכגענעצט, דאָס אָנטאָן און דער פּולווער!

— איכוּווּווּ...

דאָס קאָל הערט זיך איצט לענגער, שטאַרקער, הילכיקער, מיט כוצפּעדי־קער גרינגשעצונג, און פאַרענדיקט זיך פּלוצים מיט אַ שאַרפן שנײַדיקן:
אוּ...

ער אַנטשליסט זיך:

— קום, טשע, אַדאָלפאָ, שנעלער.

— ניין. צו וואָס? מיר זײַנען אַרײַנגעפאַלן... איך בין טויט מיד.

— אָבער...

— זאָל דיך פאַר מיר ניט אַרן. דו גיי, לאָז מיך דאָ איבער...

מען טאָר קיין צײַט ניט פאַרלירן. דאָס קאָל הייבט זיך ניצאָכנדיק עטלעכע הונדערט מעטער פון זיי. ער קומט צו צום ברודער, וואָס שטייט אָנגעלענט אָן אַ שוואַכן בוים. און דאָ געשעט עפּעס שרעקלעכס. ער דער־לאַנגט אים אַ פּאַטש.

# XLI

צו שווער געוואָרן איז פאַר אַמעליען צו פאַרבלייַבן אַליין. די מענער זייַנען פאַרנאַכט צו אַוועקגעגאַנגען און האָבן איר אַפילע ניט געזאָגט וווּהין. לאַנג וואַרט זי אַף זיי און אומזיסט. עס וואַקסט אין איר דער אומרו. דער וועוועריק שפּרינגט אַרום אָן אָפּשטעל, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט גלייַך מיט איר, און קלאָגט זיך און קוויטשעט. זי וויל אים מיט אַ גלעט איינשטילן, שפּאַנט צו צו דער טיר און מיטאַמאָל דערפילט זי אַז זי ציטערט. ביז דער טיפעניש פונעם בלוט ציטערט זי. די שרעק שנייַדט דורך די נאַכט, זי קומט אָן פונעם בלענדיקן וואַלד, רייַסט זיך אַרייַן אינעם ראַנטשאָ און ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ האָריקער שפּין אַף דער סטעליע צווישן איימעדיקע שאָטנס, דאָרט ווו די שוואַכע שייַן פונעם ליכטל קומט ניט צו. אַליין איז זי, איינע אַליין, צווישן די פיר טשערעטענע ווענט, וואָס שטייען אין דער גרינער וואַלד־געפענקעניש. זי גיט אַ טראַכט דערפון און דערפילט ווידער אַ שוידער. די מוירע באַפאַלט זי, דריקט זי צו מיט אירע דאַרע הענט, פאַרקלייַבט זיך אונטערן העמד מיט אומענדלעך לאַנגע אייַז־קאַלטע פינגער. די דאָזיקע קאַלטע פינגער פאַרהאַלטן זיך איצט באַם אויסבויג פונעם בויך, וואָס ווערט פּלוצים פאַרפלייצט פון אַ מוירעדיקער קעלט. זיי קריכן העכער, כאַפּן אַרום די ברוסט, נאָר זיי שטעלן זיך ניט אָפּ, נעמען אַרום דעם האַלדז, צוערשט מילד, דערנאָך האַסטיקער, דריקן, שטיקן. זי הייבט אויף אירע אייגענע הענט קעדיי זיך צו באַפרייַען פון דער טויט־פינצטערער אומאָרעמונג און בלייַבט דערשטוינט ווען זי דערזעט קיינעם ניט. ערשט דעמאָלט כאַפּט זי זיך, אַז זי האָט פריִער אַ געשריי געטאָן.

— איך גיי, דוכט זיך, פון זינען אַראָפּ — טראַכט זי און כידעשט זיך. נאָר געוועזן איז עס ניט מער ווי איין קלאָרע רגע. עפּעס וואָס איז שטאַרקער דריקט אַף אירע אַקסלען און לויפט מיט איר איבער פאַרבאָרגענע קרומע קאַנאַלן צו פאַרלוירן גיין.

אין דער דאָפּלטער געדיכטעניש פון נאַכט און ווילדעניש הערט זיך דער פרויס געשריי ווי פאַלש, און פאַלט ווי אַן אונטערגעשאָסענער פויגל אַף אַ צווייַג. די פינצטערניש איז דוכט זיך נאָך געדיכטער געוואָרן. נאָך דעם קורצן אָנמאַכט, פּרוווט זי זיך אויפהייבן. זי וויל טראַכטן פון ראַמאָנען. נאָר שווינדלדיק שנעל גליטשן זיך די בילדער דורכן זיקאָרן און פאַרשווינדן איידער זי באַווייַזט זיי אָנצוכאַפּן. מיטאַמאָל דערזעט זי זיך אין אַ פּאָסאַדעסער שאַנדהויז און וואַשט זי גאָר וועש מיט איר מוטער באַם טייַכל אין ווזשאַ ענקאַרנאַסיאָן; דערנאָך גייען פאַרביי אין

אַ געדיכטער פּראָצעסיע, לאַכן וויינען, הייבן די פויסטן, שיקערע, פריילעכע, די אַלע מענער, וואָס זײַנען דורך איר לעבן דורכגעגאַנגען. איר שטיפטאַטע קומט צו מיט זײַנע טײַוועדיקע אויגן און מיט זײַן שטענדיקער גיטאַרע אַפן אַקסל. ער שטרעקט די הענט צו אירע יונגע בריסטן, זײַן זשעדנעם פּאָנעם, זײַן גאַווערדיקן מויל, אָט איז ער שוין דאָ, אָט נעמט ער זי . . . און מיטאַמאָל באַקומט ער פּאַליראָס פּאָנעם. אויך ער שטרעקט די הענט, נאָר דראָענדיק, און ווען ער טאַפּט זי, מורמלט ער נעקאָמעדיק :

— ווערסט שוין זען, דײַן ראַמאָן . . . עפּעס וועט אים שוין געשען . . .

זי קען ניט באַהערשן איר ציטער. די קני קלאַפּן זיך איר דורך דעם פּאָשעטן געקייטל פון אירע העלע זאָקן. אירע הענט פאַרברעכן זיך נערוועז און קראַקען מאָדנע, ווי די זשאַבעס אין דער קאַלוזשע. אין קאָפּ צו איר האָט זי זיך פאַרקליבן, די מוירע, און איז געוואָרן די האַרנטע איבער אירע עמפּינדונגען, פּלאָנטערט זיי און וואַרפט זיי איינע אַף דער צווייטער אין געגעמדיקן געראַנגל. נאָר דערנאָך לאָזט זיך די מוירע אַראָפּ צום האַרצן און קוועטשט דאָס אויס ביז עס ווערט דערפון אַ בלוטלאָזע טרוקענע פרוכט. און די העסלעכע פרוכט שווימט אַלץ און צימבלט אויס אַ פאַרדאַכט, אַז עפּעס שרעקלעכס איז געשען. זי האָט מיט דער האַנט צוגעדריקט אירע פאַרשוויצטע שלייפן :

— ער לאָזט מיך איבער ! -- האָט זי אַפן קאָל אַ זאָג געטאָן, ווי עמעצער דאָרט וואָלט זי קענען באַרוּיקן. זי גיט זיך אַ וואָרף אַפן טיש און דער טיש גיט אַ קרעכץ, ווי ער וואָלט באַגלייט איר געוויין.

שוין באַלד האַלבע נאַכט. ראַמאָן קומט ניט און דער ברודער אויך ניט. אומזיסט דאָס וואַרטן. דער פאָרגעפיל רײַסט דורך דורך איר אָפּגעשוואַכטן זינען און זאָגט איר אונטער אַ שרעקלעכן עמעס. זי וועט איר מאַנספאַרשוין מער ניט זען. אַזוי זיכער איז זי דעריןן, אַז זי האָט שוין קימאַט קיין מוירע ניט פאַר דעם געשעענעם טויט. איר פּײַניקט בלויז דאָס געפיל פון שרעקלעכן עלנט אין דער איימעדיקער נאַכט, און דאָס וואָס זי דאַרף איבערלעבן ביז דער אומפאַרמײַדלעכער באַשטעטיקונג. פאַר דעם ווי איר שטיפטאַטע האָט זי פאַרגוואַלדיקט, האָט זי געהאַט אַן ענלעכן פאָרגעפיל. אַזוי אַז ווען די קאַטאַסטראָפע איז געשען, האָט זי שוין ניט געקענט וויינען. דערנאָך האָט זי פאָרגעפילט איר שלעפעריש לעבן פון מאַנצביל צו מאַנצביל, און זי האָט זיך ניט אָפּגענאַרט. אויך האָט זי אַפריער געוווּסט, אַז איר איז ניט באַשערט צו האָבן קיין לעבעדיק קינד. און ווען זי האָט דערזען דאָס גופל אַזוי צעקנייטשט און אַזוי ווײַט פון איר און פון איר לעבן, האָט זי שוין פריִער געהאַט אַזויפיל טרערן פאַר־

גאַסן, אַז זי האָט זײַט דעמאָלט קיין איין טרער ניט געקענט מער לאָזן.
איצט זאָל ראַמאָן וויינען.

דער ווינט שמײַסט אַלץ די פּאַלמען־ביימער. ער וואָרטשעט עפּעס אומקלאָר און שמײַסט די ביימער און זיי ענטפערן אים בערוויגעז: רוף, רוף! ער נעמט זיך ווילד און כיטרע דרייען און פּאַטשט דאָס ווילדגראָז, טרייסלט די טשערעטן, כאַפּט זיך אַרויף און לאָזט זיך באַלד האַסטיק אַראָפּ איבערן ראַנטשאָ, וואָס שטייט דאָרט אַן אומבאַשיצטער. דערנאָך כאַפּט ער זיך כוצפּעדיק אַרײַן אינעווייניק, ווי אַ פינצטערער פאַרויסגייער פון דער נאַכט, פון דער ווילדעניש און פון דער שרעק.

נאָר זי פילט זיך שוין אַף יענער זײַט שרעק. ער איז שוין טויט און אומזיסט דאָס וויינען, אָדער ניט דערלאָזן געשען דאָס וואָס איז שוין געשען. זי זעט דאָס גאַנץ קלאָר. ער ליגט מיט צוויי קוילן דורכגעשאָסן — צוויי שרעקלעכע וווּנדן — דורכגעלעכערט זײַן מעכטיקע ברוסט. פּונקט ווי לאָרענסאָ, ווי מײַדאַנאָ, ווי פּאַנטשאָ, ווי פּאַניאַגואַ. זי האָט אַזויפיל מאָל געהערט דערציילן די געשיכטעס, זי האָט זיך אַזוי לײַכט געריכט אַף דער שרעקלעכער מינוט, אַז זי איז גרייט אויפצונעמען דאָס ערגסטע מיט פּאַרצײַטיקער רעזיגנאַציע. שרעקן שרעקט איר דער שרעקלעכער עלנט אירער, אינמיטן דעם וואַלד, אינמיטן דער פײַנטלעכער נאַכט, ווען ער ליגט ערגעץ אַ טויטער, מיט צוויי קוילן דערשאָסן.

פּאַרטראָגן אין איר פּאַרלוירנקייט, הערט זי ניט די טריט, וואָס עמעצער שטעלט אַרום דעם ראַנטשאָ זײַט אַ היפּשער ווײַל. פּלוצים גיט זי אַ הייב אויף דעם צעשויבערטן קאָפּ. אַף דער שוועל שטייט אַ מאַנספּאַרשוין.

— ראַמאָן!!...

# XLII

דער רויטער נאָך פײַכטער שטויב קלעפּט זיך צו די אויפגעלאָפּענע און מיט ווונדן באַדעקטע פיס. דער טאָג איז אַ הייסער און גערדיכטע וואָלקנס מבאַריגי־פליגעלער יאָגן זיך נאָך זיי און באַלעסטיקן זיי. דאָך פילן זיי זיך גליקלעך. אינדערפרי האָט דער רעגן אויפגעהערט און אַ גלענצנדיקע זון האָט זיך גענומען דורכזיפּן דורך אַלע לעכער פונעם וואַלד. איצט זײַנען זיי שוין אָריענטירט און שפּאַנען לענגאַוים איינער פון דער גרויסער צאָל ריטשקעס, וואָס מוז זיי צופירן, זײַנען זיי זיכער, ביז צום פּאַראַנאַ. באַטאָג איז דאָס וואַסער שטענדיק ריין ווי קרישטאָל; באַנאַכט פינקלען

די שטערן ווי אויסגעשניטענע אַפן לויטערן בלוי. פאַרבלאָנדזשעטע קענען זיי ניט. זיי שפאַנען אומגעגעסן, אומגעשלאָפן, נאָר מונטערע און גליקלעכע. אַדאַלפאַ איז פאַרטאָן אין זײַנע דערינערונגען; ער שלעפט אַרויס זאַכן פון קינדווײַז און פאַרגעסט דאָס איצטיקע און דעם ווייטיק אין די פיס. ראַמאָן שפאַנט און מאַכט כעשבוינעס, דרײַסט שטעלט ער אויס די מאַפע פון זײַן פליטע. אַלץ איז פראָסט און שיין, ווי דאָס שנעל לויפנדיקע הירשל, ווי דאָס מורמלענדיקע טײַכל וואָס פירט זיי, ווי די גרויסע פרייד צו פילן זיך פרײַ, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך אַרויסגעדרייט פון די כאַפער. אַפילו דער יאָמערלעכער קוויטש פון דעם גיקסאַ־יאַגואַ־כאַיעלע, מיט זײַן איינטאָניקן און אומשולדיקן „קואַ", וואָס האָט הינטער זיך אַ שוואַרץ־קישעפדיקע לעגענדע, ווערט דערטרעגלעך. זיי שפאַנען.

(מער האָבן זיי ניט גערעדט וועגן יענעם אומאָנגענעמען אינצידענט. נאָכדעם ווי ראַמאָן האָט זײַן ברודער צעטומלט מיט דרײַ אָדער פיר זעץ מיט דער פויסט, האָט ער אים אַ כאַפ געטאָן אַף זיך און אַזוי געטראָגן אַקעגן אַ שאָ צײַט, ביז זיי האָבן אָנגעטראָפן אַן אויסגעלייגטן טשערעט און די ניסימדיק־אָנגעטראָפענע באַנליניע האָט זיי צום איבעריקן אַריענטירט. דער „מבורעאַ" הערט זיך וואָס אַמאָל ווײַטער און די טונקעלע פיס, אַליין ליימיקע, קנעטן די ליים, נאָר פול מיט טיטאַנישן ווילן, מיט דעם גײַסט פון דער ווילדעניש, וואָס איז געוואָרן אַנטשלאָסנקייט און קראַפט. זיי שפאַנען).

# אין דער פּאַסטקע

שווער נאָר מוטיק פליט די יאַקוטינגאַ-הון אַריבער די שטרעקע ביז צום קרעפּטיקן גואַטאַמבו-בוים. דאָרט צעפּעכערט זי אירע פּעדשוואַרצע פעדערן. דערנאָך קוקט זי זיך אַרום און באַטראַכט דעם גאַנצן ראַכוועסדיקן אַרום. די פלאַנצן-וועלט וואַקסט דאָ טײַוועדיק מיט איר גאַנצער פּראַכט און ווי זי וואָלט אַ נײַדער געטאָן קיינמאָל זיך ניט איבערצוכאַזערן. קעגנאיבער שטייט אַ טונקעלער מאַריִאַ פּרעטאַ-בוים מיט זײַן מוסקלדיקער קאָרע; ווײַטער — אַ צאָפּנדיקער גוטעס-בוים, אַ גואַזשיבירא'. לעבן אים שטרעקט זיך אין דער הייך אַ העלער לאַפּאַטשאַ-בוים. אַ דרײַ-פיר טונקל-צעצווײַגטע סאָסנע-ביימער שטייען ווי אַ גרופּע הויכע לאַמטערנס. קימאַט פון אַלע ביימער הענגען אַראָפּ פּעסטע גראָזן-שטריק און פּאַרוואַרפן שלייפן, שטעלן אויף מויערן און שליסן אָפּ די מעגלעכע שטעגלעך. און אונטער די פיס אַ פּאַנטאַסטישער אויפקום פון אַמאָמבאַים און אַנד. מינים פעדער-גראָזן און טעקסטיל-גראָזן, קאַראַגואַטאָס, קולאַנטריזשאָס, ווילדע טשערעטן, שטעכיקע און קריכיקע פלאַנצן, וואָס קלאַמערן זיך אַרום די פּאַלמען-ביימער און באַוווּנדערן זייער לופטיקע ניט צוטריטלעכע שיינקייט. אַ מאַיעסטעטישע רו, דוכט זיך, הייבט זיך פונעם וואַלד, אַ רו, וואָס ניט דאָס קוויטשען פון עטלעכע אַפּן, וואָס יאָגן זיך איינער נאָכן צווייטן, ניט דער קורצער געזאַנג פון דעם סורוקואַ-פייגעלע און ניט דאָס קנאַקן פון די טרוקענע צווײַגן, וואָס די גליִענדיקע זון ברעכט זיי אײַן, קען זי שטערן.

מיטאַמאָל האָט זיך אַלץ געענדערט. די ביימער, די כאַיעס, די לופט, אַלץ זעט פלוצים אויס אַנדערש, פרעמד איינס דעם צווייטן, סאָנים זיך געוואָרן. אַ שאָס האָט אָפּגעהילכט און אַ סאַראַקוראַ האָט זיך שנעל אַראָפּגעלאָזט פון דער הייך מיט איר קליינעם צעציטערטן גופל, ביז זי האָט מיט איר גרינעם שנעבעלע די ערד אַ קוש געטאָן. די רו איז פאַרשוווּנדן. דער מענטש איז דורכגעגאַנגען.

# XLIII

דער געשריי איז פאַרבליבן ווי ער וואָלט זיך אין דער לופט געשניטן. זי צעעפנט גוואַלדיק ברייט, ביז ווייטיק, די אויגן, און פאַלט פון דער הייך, פאַלט אַראָפּ פון איר דעראַבערטן גליק, אין אַ נײַעם אַנמאַכט. עס קומען צו נאָך צוויי מענער און שפּאַרן אַן זייערע ווינטשעסטערס אינעם טיש און טראָגן איר צו אַביסל וואַסער צום מויל, נאָר די ציין זײַנען איר אַזוי פאַרקלעמט, אַז זיי מוזן זיי מיט די פינגער צענעמען. די ווײַעס הייבן זיך ווידער אויף, נאָר דער בליק איז אַ ווײַטער, אַ פאַרשווינמענער, ווי אין זיך אַרײַן.

— טשע, עפּעס איז מיט איר... — רופט זיך אָן דער דינערער פון די קאַפּאַס און קוקט זיך אום צו סאַנטאַ קרוסן: — איר האָט געזען? ווען מיר זײַנען געווען אַרײַנגעקומען, האָט זי אויך געשריגן ראַמאָן... זי איז אַפּאַנעם פונעם זינען אַראָפּ, האַ?...

דער פאַרוואַלטער באַוויליקט ניט צו ענטפערן. ער וואַרפט אַ פאַרשנדיקן בליק אַפן בעטל, אַפן קאַסטן, אַפן הענגענדיקן אַנטאָן, אַפן טיש, ווי אַף צו צוזאַמענשטעלן אַ גענויעם אינווענטאַר. דערנאָך גיט ער פינצטער אַ זאָג:

— איך האָב עס מיר פאַרגעשטעלט... די הינטישע זין מוזן שוין זײַן ווײַט. ניט געוואָלט גיין אין מײַזן־שטײַגל, נאַטירלעך!

— דער „פּאָכי” וועט זיי זיכער פּאַקן...

יענער ווערט מיטאַמאָל בייז:

— דאָ, פאַרשטייסטו מיך, זײַט איר אַלע ניט מער ווי טינויפעסן, אַלע ווי איינער. אויב מען וועט זיי מיר ניט כאַפּן, וועל איך אַלעמען אַוועקשיקן!

און ער הייבט זיך אויף. דער פאַרוווּנדעטער אָרעם הענגט אים אַף אַ שטיק גרויען שטאָף. די וווּנד שמאַרצט אים שטאַרק. ערגער פון אַלץ וואָס ער מוז אַוואַדע האָבן היץ. אַ ווילדער כאַלעם רײַסט זיך צו באַוועל־

טיקן אים. נאָר נאָך מעכטיקער איז זײַן גרימצאָרן. די מענטשן אינעם ראַנטשאָ און אינדרויסן קוקן אַף אים מיט דערעכבערעץ און וואַרטן.

— אַ נו! — דרייט ער זיך אויס צו אַרטיגאַסאָן און דער פאַרנייגט זיך. — שיק מיר אַרויס נאָך צען אַפּן גרויסן וועג. און פּעריירא מיט זײַנע מענטשן זאָלן זיי אָפּשנײַדן דעם וועג צום האַפּן. די רעגע!

עס ווערט אַ גערודער. טריט, באַפעלן, געקלימפּער פון געווער. בייז קרעכצט דער ווינט אַרום און אַרום. סאַנטאַ קרוס קוקט זיך אַף די צעריסענע און פאַרבלאָטיקטע שטיוול און באָמבאַטשן.

— זאָג זיי, אַז פאַראַן אַ גרויסער פּרײַז פאַר דעם וואָס וועט זיי מיר ברענגען, לעבעדיקע אָדער טויטערהייט!

דאָס ליכט ברענט שוין מיט קליינינקע בלויע פלעמעלעך, וואָס מאַכן נאָך ריזיקער די פינצטערע געשטאַלטער. זיי רירן זיך שווער און לאָזן ניט אַרויס די ווינטשעסטערס פון די הענט, דערשראָקענע פון די געשעענישן, מרעטן מיט מוירע און אומדרײַסט, ווי זיי וואָלטן געוואָרט אַ נעם זאָל געשען און זיי באַפרײַען פון זייער אויפגאַבע. איינער נאָכן צווייטן שפּאַנען זיי אַרויס.

— און מיט אַמעליען וואָס טוען מיר, באַלעבאָס?

— נעם זי דיר, איך פאַררעכן זי אַף דײַן כעשבן. דעם ראַנטשאָ גיב איבער פּעראַלטאַן.

— אָבער...

סאַנטאַ קרוס איז שוין אינדרויסן, מיט זײַן היץ און מיט זײַן ניט געשטימטקייט. אַרטיגאַסאָ רוקט אָן די ברעמען.

— די מאַטאָנע, קענטיק, איז דיר ניט געפעלן...

— ווען קען זי געפעלן? זעסט דען ניט, אַז זי איז פונעם זינען גערירט?

אַ מוירע באַפאַלט זיי. די פרוי לאַכט אין דער שטיל, ווי זי זאָל זיך האָבן דערוווּסט אַ זייער וויכטיקע זאַך. ראַמאָן איז ניט טויט. ס׳אַליגן. זי האָט אים ערשט געזען. ווו זשע איז ער איצט? פאַרוואָס קומט ער ניט?

זי גיט אַ ווילדן יאָג אַרויס פונעם ראַנטשאָ, אין דער נאַכט אַרײַן:

— ראַמאָן! ראַמאַ־אַ־אַ־ן!...

# XLIV

זיי דוכט זיך איצט, אַז דאָס ערגסטע איז שוין פאַריבער. די ווילדעניש האָט זיי געראַטעוועט און איצט ווײַזט זי זיי איר מילדן פּנעם. גוטע זאַכן פּאַסירן מיט זיי. זיי האָבן געפונען אַ סטעלניק פון מאַנדאַרי־בינען

און האָבן אים אויפֿגעגעסן. דערנאָך האָבן זיי אומגעריכט אָנגעטראָפֿן אַ געוויסן ווענטוראַ לאָפּעז, וואָס וווינט אין וואַלד אַן אָפּגעזונדערטער אַלס מעצוירע. ער האָט זיך דאָרט, אַף אַן אויסגעהאַקטן פּלאַץ אַ קליינעם ראַנטשאָ אַוועקגעשטעלט. זיי האָבן מיט אים פֿאַרבראַכט עטלעכע שאָ און ער האָט זיי געגעבן דריי טײַערע מאַטאָנעס: די פֿרייד פֿון קוקן אַף אַ פֿרײַנטלעכן מענטשלעכן פּאָנעם, וועש צום איבערבײַטן און אַכצן קוילן. אַוועק זײַנען זיי פֿון דאָרט געשטאַרקטע אַף זייער ווײַטערדיקן וועג. באַנאַכט דערלויבן זיי זיך עטלעכע שאָ שלאָפֿן. אַדאָלפֿאָ ליגט זיך און ראַמאָן האַלט וואַך, אוים מוירע פֿאַר די ווילדע באַיעס. ווען די געדיכטע וואַלד־רייכעס, די הייסע שטילקייט פֿון דער נאַכט און די פֿאַרמאַטערטקייט, נעמען צוזאַמען דריקן ווי אַ בלײַ אַף זײַנע וויעס און זײַנען גרינוער זײַן וואַכזאַמקייט, פֿאַרנעמט זײַן אָרט דער צווייטער. אַמאָל שיסן זיי אַ זשאַקוטינגאַ־הון און בעיים זיי עסן זיך איבער מיט איר, ליגט אַ שמייכל אַרויף אַ סטירעדיקן שטריך אַף זייערע צעקאַרבטע פּענעמער און צווישן די פֿאַרוואַקסענע בערד באַווײַזן זיך די קויטיקע ציין און די נאָך ניט פֿאַרהיילטע שראַמען. אַפֿן עלפֿטן טאָג פֿון זייער אַוואַנטורע טרעפֿן זיי אָן עטלעכע געצעלטן מיט קאַינגואַ־אינדיאַנער. קיין סאַך ריידן באַדאַרף מען ניט. די אינדיאַנער האָבן פֿאַרשטאַנען. אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי פֿאַרבראַכט מיט זיי, אָפּגערוט און אַף אַ ווײַל פֿאַרגעסן די נאָך ניט בײַגעקומענע געפֿאַר. זיי באַקומען יוקאַ, ריבן, אַן אורו־הון און געשאָנקען האָבן זיי די לײַבלעך זייערע און די רויטע אַרבעטער־פּאַטשיילעס, וואָס די קאַינגואַס האָבן צו זיי גרויס כיישעק און לאָזן זיך אַוועק ווײַטער אין וועג, אַלץ צו דער זײַט פֿונעם פּאַראַנאַ.

# אין דער פּאַסטקע

צו וואָס קען מען פאַרגלייַכן דעם טייַך פּאַראַנאַ? גלאַנציק זיל־בערנע פיש אין ליכטיקער נאַכט, וויגעוודיק שוואַרצע פּאַמפּאַ, ווען די לעוואָנע וויל ניט פון אירע וואָלקן־טויערן אַרויסקומען; גליטשי־קע סירענע אין זוניקע טעג. שלאַנג, ווייַבלעכע און ניט צוטרוילעכע, ווי די גיפטיקע ברייטע זשאַראַראַס, וואָס באַוווינען זייַנע ברעגעס. אַטלעט מיט בלענדיקן נאַקן, באַצירט מיט די ליסקעס פון זייַנע שנעל־שווימענדיקע גאָלדענע קאַרפּן. אַקערשניט שעפעדיקער, ווונד פאַרגעניגנדיקע. שטילער, טיילמאָל נאָכגיביקער, אַן אַנדערשמאָל צעשוימטער און צערעוועטער טייַך, שטאָלצער שרעק פון די געניטע שיפס־פירער. קאַפּריזנער, ניט צוטריטלעכער באַ דעם אַפּיפּע־פּאַל אין דער צייַט פון די שרעקלעכע אָפּפלוסן; לעבעדיקע גלאָר און רו, ווען ער שטראָמט פאַרביי די בערג פונעם טעזשו־קואַרע, אומגעצוים־טער אָגער, ווען ער שנייַדט זיך אַרייַן אין דעם אומדורכדרינגלעכן פרעג־צייכן פון בראַזיליענישער ווילדעניש. וואַסער־מענטש, וואָס קרימט זיך אַליין זיך אויסצוגעפינען און עס געלינט אים ניט. קופּער־נער שנור אינעם אומאויפהערלעכן גרינס, טייַנעג־געשריי פונעם ווונ־דערלעכן אומבאַשרייַבלעכן צאָפּן־מייַרעוו־קאַנט. ווער וועט אַמאָל זינגען אַ לויב צו דיר, ווער וועט אַמאָל זייַן גערעכט צו דיר, דו הי־ציקער זאָקן, קרעפּטיק־פאַרליבטער אין די אַרגענטינער באַרג־שפּיצן און באַרג־רוקנס, פרוכטיקער פאָטער פון פראָווינצן און לענדער, היימישער, כּאַווערישער טייַך, גאָט פּאַראַנאַ?

# XLV

און אַט זײַנען זיי שוין באַם פּאַראַנאַ. זעכצן טעג האָט דער וועג געדויערט. ווי לאַנג קען אַ מענטשלעך געמיט זײַן געשפּאַנט? אַ שאָ, אַ טאָג אַ גאַנצן, עטלעכע טעג עפּשער. די נערוון שפּאַרן זיך אײַן אַף איינאַונאיינציקן ווילן, די מוסקולן ציִען זיך צונויף צו איינאיינציקן פאַר־לאַנג, דאָס בלוט פאַרשנעלערט זײַן לויף אין איין ריכטונג. דאָס פּאָנעם ווערט האַרט, דער בליק שטעכיק שטײַף, אויך דער טראָט און דאָס קאָל צו איין ריכטונג אָנגעצילט. דער מענטש, דוכט זיך, גייט אַזוי, דורך גע־שעעניש און מענטשן, ווי אַ נאַכט־וואַנדלער, נאָר דער ווילן, אַ פאַרבאָר־גענער און אַ זיכערער, פירט זײַן גערפאַנג און לאָזט אים ניט אָפּ. די שטער־רונגען ווערן אָפּגעווישט, די צוימען אַריבערגעשפּרונגען איינער נאָכן צווייטן. נאָר פאַר דער אויסערגעוויינלעכער שפּאַנונג פונעם מענטשלעכן געמיט, ווי אומגלויבלעך דאָס איז, קימאַט אוממענטשלעך, איז נייטיק עס זאָלן זײַן שטערונגען און צוימען. פאַרשווינדן זיי, אַזוי גיט זיך אויך אונטער דער ווילן און ווערט פאַרטריקנט ווי אַ בלום, וואָס ווערט פאַר־לאָזט פון איר נייטיקער פײַכטקייט.

ווי נאָר זיי דערזעען פאַר זיך די געלע סטעננגע פּאַראַנאַ, אַ פאַרצווי־געגע מיט די געדיכטע נעפּלען, וואָס די פּרִיע זון האָט געהאַלטן אין צע־טרײַבן, דערפילט ראַמאָן ווי עפּעס אַ זייער זיסע זאַך האָט זיך באַ אים אינעווייניק אײַנגעבראָכן און ער איז אומגעפאַלן ווי אַ געכאַלעשטער אַז דעם מינדסטן קויעך נאָך איין טראָט צו מאַכן.

:: :: ::

ער וואָלט זיך עפּשער ניט אונטערגעגעבן ווען עמעצער וואָלט אים דעמאָלט געקענט זאָגן, אַז די געפאַר לויערט פון דער נאָענט, גאָר נאָענט פון זיי. מיט אַ טאָג פריִער האָט אַ גרופּע פון זיבן כאַפּער אָנגעטראָפן דאָס פּלאַץ, ווו זיי זאָלן האָבן פאַרנאַכט געגעסן און איז נאָכגעגאַנגען זייער שפּור. געהיט האָבן זיי זיך ניט צו מאַכן דעם מינדסטן גערויש,

וואָס אַמאָל אַלץ זיכערער מיט זייער פאַנג. מעטאַדיש, שנעל האָבן זיי גע־דעקט דעם וועג, נוצנדיק די דורכגעבראָכענע שפּאַלטן, וואָס די נאָכגע־יאָגטע האָבן פאַר זיך געעפנט. זיי זײַנען געניטע כאַפּער, מענטשן־יאָגד איז זייער פאַך, און דערשנאַפּט האָבן זיי זייער נאָענטקייט, דעם גערוך פון זייער לײַב, אַפילו דעם הויך פון זייער אָטעם. זיכער און גווירלדיק שפּאַנען זיי פאָרויס. אַ קוים דערהערטער שאָרך גיט זיי צו וויסן, אַז דער פאַראַנאַ איז נאָענט. מען מוז אָפּצוימען פאַר די בונטאַרן די לעצטע, די איינציקע מעגלעכקייט אַרויסצודרייען זיך פון זייער נעקאָמע.

# אין דער פאַסטקע

ווי אין שטיין אויסגעהאַקט, איז די איגואַנאַ שטיין געבליבן לעבן די טשערעטן, ווי אײַנצוהערן זיך צום צאַפּל פון דער צײַט. די פעדערשטע פיסלעך רוען אַף אַ מאָכיקן שטיין און האַלטן אונטער די אויסגעבויגענע ברוסט. ווי באַ אַ שטיינערנעם געץ, קוקן דוכט זיך אירע אויגן אַף איין מאָל אין פאַרשיידענע וועלטן און זעען וואָס עס איז געווען און וואָס עס וועט זײַן, די נעכטיקע רעגנס און דעם טונקעלן שלייער, וואָס דאַרף קומען פאַרבײַטן אָט די שטאַרקע און ליבע ליכטיקייט. עס הייבט זיך נאָך די ברוסט באַ איר פון שנעלן געיעג און זי שטעקט אַרויס אַ שפּיציקע דינע רויטע צונג. אַ רעגע דוכט זיך ס׳איז אַ שרעקלעכער דראַקאָן, וואָס שפּײַט מיט פײַער, רויטע פלאַטערנדיקע פלאַמען פײַער. עס גיט זיך אַ שלענגל די צונג אין דער לופט, פאַרשווינדט צוריק אין איר באַהעלטעניש, און ווידער איז די איגואַנאַ דאָס וואָס זי איז: אַ מיִעס כאַיעלע, אָן פראַפאָרץ, אַן עקלהאַפטיקע נאָכקרימעניש פון איר שרעקלעכע מינכאַוויירים: דער עקדיש, דער קראָקאָדיל. מיטאַמאָל באַקומען אירע אויגן אַ לעבעדיקן גלאַנץ און מער זעט זי שוין ניט די זון. אָן גערויש, איבערענטפערנדיק איר אייגענע פלינקייט, פאַרשווינדט זי צווישן די פעדער־גראָזן, וואָס האָבן האַרמאָניש צונויפגעפלאָכטן זייערע פרעכטיקע קאַמען און באַוועגן זיך אונטערן בלאָז פון אַ מילדן ווינטל. זיי באַוועגן זיך אַפילע ווען עס גייען זיי פאַרבײַ די שווערע מענטשן, וואָס טרעטן די רויטע ערד מיט זייערע שטויביקע שטיוול.

# XLVI

אויך אַדאַלפאָ דערשפּירט זײַנע פֿאַרפֿאָלגער. ער דערשפּירט זיי גראָד ניט מיט די כושים, נאָר מיט ז׳עם אונטערבאַוווּסטזײַן פֿון אַ וואַלד־מענטשן, מיט דעם אינסטינקט, וואָס איז נאָך ענג פֿאַרבונדן מיט דער נאַטור. ער רעאַגירט ריין כאַיעש, אָן אומרו באַפֿאַלט אים. ער וואָלט ווילד אַנטלאָפֿן. נאָר וווּהין? הינטער אים איז די ווילדעניש, וואָס אָט וואַרפֿט זי אַרויס פֿון זיך די יעגער. פֿאָרויס, ניט מער ווי צוויי הונדערט מעטער ווײַטער, איז דער פֿאַמעלעך זיך וויגנדיקער פּאַראַנאַ. דער טײַך, וואָס וואָלט געקענט זײַן זייער רעטער, וועט זיי זיכער אומברענגען, וועט זיך זיי אַנטקעגנשטעלן דאָ מיט זײַן טיפֿקייט. אַף יענער זײַט איז דער פּאַראַגווײַער ברעג אַזוי נאָענט, אַזוי פֿרײַנטלעך, אַזוי גרין אַף זײַן גרונט, דער זאַמד ווײַסלעך און פֿון דער זון באַגילדעט, אַז מען קען אים דוכט זיך מיט עטלעכע שפּרינג אַריבער. ער קוקט זיך אום לינקס, אַקעגן די שטעכיקע שטראַלן, צום קעגנאיבערדיקן ברעג און בלײַבט איבערראַשט. מענטשלעכע געשטאַלטער, אײַנגעבויגענע, באַוועגן זיך און טיילן זיך אויס אַפֿן גרינעם הינטערגרונט. מענטשן! מענטשן אין אַ שיפֿל! ער שטייט לעבן ראַמאָנען, וואָס ליגט ווי אַ קלאָץ אַף דער ערד און אַ האָפֿענונג נעמט אים אַרום און פֿאַרטרײַבט זײַן מוירע און זײַן פֿאַרמאַטערטקייט. ווי ניט מיט זײַנע פֿיס, לויפֿט ער דורך די שטרעקע ביז צום טײַך; ווי ניט מיט זײַן האַלדז, גיט ער אַזאַ פֿאַרגעניגנדיקן געשריי, וואָס רײַסט זיך באַ אים אַרויס מיט אַ ווייטיקלעכן כאָרכל; ווי ניט ער פֿאָכעט דאָס מיט די הענט און גיט פֿאַרצווייפֿלטע סיגנאַלן. ניט ער, נאָר די האָפֿענונג, די קישעפֿדיקע, הימלשע, אומאויסלעשלעכע האָפֿענונג פֿון דעם מענטשן, וואָס איז אַליין געוואָרן שטים און זשעסט, פֿאָן און געזאַנג און סימבאָל אין איין צײַט, פֿון דעם רוף צו ברידערלעכער סאָלידאַריטעט און אָנגעצונדענעם ניצאָכן־געפֿיל. באַם רוישיקן פּאַראַנאַ שטייענדיק, איז דער מענטש גופֿע אַ געשריי, אַ פֿלאַטערנדיקער פֿויגל, אַ פֿלאַם.

ער אַליין איז די האָפֿענונג.

# XLVII

— אין אַ גוטער שאָ אַרײַנגעפֿאַלן ! ...

זיי ליגן אַפֿן דעק פֿונעם שיפֿל און זייערע פֿענעמער וואַשט די זון, וואָס האָט שוין גענומען באַקן צו שטאַרק. זיי ליגן און הערן זיך קוים אײַן צום געשפּרעך פֿון זייערע רעטער. עס רעדט אַ הויכער פֿעסטער באַ־טראַק, וואָס רודערט קרעפֿטיק און גיט געלאָסן אַ זאָג :

— איך בין ניט קיין באַלן אַף זייערע רעוואָכים ...

— איך אויך ניט ...

אַדאָלפֿאָ קוקט אַף זיי מיט שלעפֿעריקע אויגן, אַ גלײַכגילטיקער צו זײַן ווײַטערדיקן גורל. ראַמאָן הערט זיך אײַן און איז אויפֿגערעגט. וואָס מיינען זיי דערמיט ? ער הייבט זיך שווער אונטער אַף אַן עלנבויגן, שפּאַרט אַף דעם קאָפּ פֿון דער ברעט און צום סאָף געלינגט אים אַ ריר צו טאָן מיט דער צונג, כאָטש זי ליגט באַ אים אין געדיכטן קלעפּיקן שפּײַעכץ.

— איז וואָס קען מער זײַן ? ערגער ווי דאָס וואָס מיר האָבן געהאַט, וועט עס ניט זײַן ...

פֿון אָנהייב ענטפֿערט ניט קיינער. זיי לאָזן בלאָנדזשען זייערע בליקן איבערן שטילן טײַך, אַריבער די פֿעלדזן, וואָס שטייען צעוואָרפֿן אַפֿן נאָענטן ברעג, ווי עטלעכע פֿייגל בלאָזן זיך, און דערנאָד איבערן זאַמד אַף דעם ברעג, וואָס זיי האָבן ערשט געלאָזט הינטער זיך. דער יינגסטער פֿון זיי אַלעמען זיפֿצט אָפּ. ראַמאָן לאָזט דעם אומרו אַרײַנדרינגען אין זייערע פֿרעגנדיקע אויגן, ביז זיי קענען מער ניט אויסמײַדן דעם שטומען פֿרעג :

— וואָס איז דער אונטערשייד ? — רופֿט זיך אָן איינער און מײַדט אויס אַ קוק צו טאָן אַף אים. ער גיט זיך ענערגיש אַ רײַב די מאַזאָליע־דיקע הענט, וואָס האָבן אָקערשט די וועסלעס אַרויסגעלאָזט.

זייער אומרו גייט אַריבער אין אַ מוירע, אַ דרינגלעכע און האַסטיקע מוירע, וואָס רייצט דאָס בלוט. ער הייבט אונטער דעם נאַקן מיט דער הילף פֿון די אָרעמס און דרייט זיך אום צום ריז, וואָס וועקט באַ אים מער צוטרוי וואָס ער איז ענלעך צום פֿאַרשטאָרבענעם לאָרענסאָ.

— מ׳עט אונדז צוריקשיקן צו אַזשיקאַ, האָ ?...

ווידער דאָס פֿאַרשאָלטענע שווײַגן. נאָר דאָס מאָל ניט אַזוי לאַנג. באַלד קומט אַ דערלײַכטערונג.

— ניין. קימאַט זיכער אַז ניין, מאַכמעס מען גייטיקט זיך אין מענטשן ... מ׳האַלט אין מיטן שניט און ניטאָ גענוג רײַסער ... וועט ניט ...

— א שלעכטער דער באַלעבאָס, האַ?

— א מענגוול, דאָס איז ער. אַף ניט צו זאָגן ערגער. דאָ, אין האַפן סאַענז פעניא, שמײַסט מען, אַז עס גייט א רויך...

— מ׳האַרגעט מענטשן, אַ שרעק. יענע וואָך האָט מען דרײַ אַוועקגעשיקט צום האַפן שווימען קיין פּאָסאַדאָס אָפּנעמען וואָס זיי קומט...

— ער האָט אַף זיך מער הארוגים, דער דאָן וויקטאָריאַנאָ, ווי איך לײַזן.

נאָר די פּליטים הערן זיך ניט אײַן. זיי זײַנען איצט ווײַט פון ראָרט, ווײַט פון זייערע רעטער, פון אַזשיקאַ און פון דאָן וויקטאָריאַנאָ, וואָס האָט אַף זײַן געוויסן אַזוי פיל הארוגים. דעריקער מען זאָל זיי ניט צוריקשיקן. ווי נאָר עס טרעט פון זיי אָפּ די מוירע, בלײַבן בלויז קאָנקורירן צווישן זיך דער הונגער און די שלעפעריקייט און דער שרעקלעכער ווייטיק אין די געפּענטעטע גלידער. די קעפּ פאַלן זיי ווידער טעמפּ אַוועק אַף די ברעטער, די פיס און די הענט זײַנען ווידער אויסגעצויגן אַפן דעק שיפל, נאַסע און רויקע, ווי גרויסע געפייגערטע פיש. דאָס גלעטן פון דער זון, דאָס זומזען פון די מאָסקיטן, דער געפּלוידער פון די באַטראַקעס, מישן זיך אין איין געדיכטער מאַסע, וואָס שלעפּט זיי אינאיינעם מיט זייער מידקייט איבער די רעלצן פונעם שלאָף.

— אויב דאָרט האָבן זיי געליטן, וועט זיי דאָ זײַן שוואַרץ פאַר די אויגן, — רעדט אין דער רעגע אַ הייזעריקע צאַרנדיקע שטים.

איידער ראַמאָן שלאָפט אײַן, באַוויַיזט ער צוזאַמענצונעמען עטלעכע ווערטער און לאָזט זיי אַרויס פונעם מויל מיט זײַן גאַנצער צופרידנקייט, ווי ער וואָלט דאָס געטאָן מיט דער הילף פון אַ וווּנדערלעכער אַנטדעקונג:

— איז וואָס־זשע... וועלן מיר ווידער אַנטלויפן!...

יענע שפּאַרן זיך ניט מיט אים. זיי רודערן מיט אַלע זייערע קויכעס.

אין אַ ווײַל אַרום פאַראַנקערן זיי לעבן די פעלדזן. אין פירן טראָגן די באַטראַקעס אַראָפּ די אײַנגעשלאָפענע און לייגן זיי אַוועק אינעם שאָטן פון דיביימער, וואָס שטייען דאָרט. זיי ווישן זיך אָפּ די פאַרשוויצטע פּענעמער מיט די קאָלירטע טיכלעך, שמועסן ווײַטער צווישן זיך אין דער שטיל און קוקן אַף זיי. ווידער זיפצט אָפּ דער יינגסטער פון זיי אַלעמען.

## XLVIII

מיר זײַנען פעדערירטע...

די שיף וויגט זיך אַף אַ שמאָלן אָרט פון טײַך, זוכט דאָס טיפסטע וואַסער, מאַכמעס דער פּאַראַנאַ שטייט איצט זייער נידעריק. מיטאַמאָל

גיט די שיף עטלעכע שטאַרקע טרייסל און דאָס וואַסער פאַרגיסט דעם דעק, וואַשט אים אָפּ און רינט פון דאָרט אַרײַן אינעם טאַקלוואַרג. דערנאָך גליטשט זיך די „איבעראַ״ אַ שטיקל וועג שטיל, ביז די בלעזלעך אויף דער אייבערפלאַך גיבן צו וויסן, אַז דאָרט זײַנען פאַראַן פעלדזן און מען מוז ווידער ענדערן דעם וועג. עס שטייט אַ דערדריקנדיקע היץ.

— איר זײַט פעדערירטע, ניין?

— ווי דען, טשע, מיר צווינגען אונדז צו רעספעקטירן, ווייסט איר? ווען מיר אַלע הייבן זיך אויף, רירט זיך קיין איין שיף ניט...

די איבערראַשונג פון די מענטשן צעגייט זיך בײַ זיי אין די מינעס, צעעפנט ווי זיי וואָלטן דורשטיק געווען אויף רעגן.

— אַזוי!...

— וואָרעם אַז מיר אַרבעטער זײַנען איניק, קראַצן זיך די באַלע־באַטים. אַז מיר אַרבעטן ניט, איז צו וואָס טויג זיי דאָס געלט?

דער אַגיטירנדיקער מאַטראָס מאַכט זײַן קאָל אַלץ איבערצײַגנדיקער. אינעם האַלב־טונקל פונעם אונטערדעק, ווו די אַרבעטער פאַרן צוזאַמענ־געפּרעסטע, קוקן זיי זיך איבער און פרעגן זיך אויס און דערנאָך דריקן זיי אַלע אײַנאיינעם אויס זייער באַוווּנדערונג:

— אַזוי... זעט נאָר!...

— און וואָס האָבן מיר געטאָן אין איסועטאַ? ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט וועגן סיריטאָס רעציכעס, האָט דער סינדיקאַט דערקלערט אַ שטרײַק...

נערוועז צעעפנטע אויגן, קעפּ צוגעבויגענע קעדיי זיך אײַנצוהערן, אַ געמורמל וואָס ווערט אַלץ שטילער און מיטאַמאָל אָפּגעהאַקט. די שיף גיט זיך ווידער אַ טרייסל.

— סיריטאָ? — האָט ראַמאָן זיך אָנגערופן.

— יאָ, מענטש, אַזוי איז עס געווען...

קימאַט אַלע ווייסן עס. אין פּאָסאַדאָס הערט מען ניט אויף רײדן וועגן דעם סקאַנדאַל.

— מען האָט בײַ אים געפונען אַ ערעד פּופּציק און נאָך מער טויטע גופים פון מענטשן...

— טײַוולשער זון... הערט נאָר, הערט...

— האָרגענען פלעגט ער און זײַן מאַזשאָרדאָם, אָט דער לאָפּעז, וואָס מען האָט אים גערופן „דער קוילער״...

אַ שטילשווײַגן בלײַבט שטיין אין דער לופט. דער מאַטראָס דערציילט ווײַטער:

— נו, האָבן מיר געזאָגט: קיין איין מענטש ניט פאַרן זאַוואָד!

און קיינער איז ניט געגאַנגען. קיין איינער ניט! פֿוטשאַ, ס'אַרא יאָנטעוו ס'איז געוואָרן! די זעלנער זײַנען ווי די מעשוגאָים אומגעגאַנגען און דער אוילעם אין פּאַסאַדאַס האָט פּראָטעסטירט קעגן די פֿאַרברעכנס און אַ טומל — פּרימאַ. אַן ערעך פֿיר כאַדאָשים אַזוי. און דערנאָך...

— פּעראַלטאַ אַ אַ אַ אַ...

דאָס קאָל טראָגט זיך באַפֿעלעריש פֿון אויבן ווי מען וואָלט אים פֿאַרן קאָלנער אָנגעכאַפּט און זײַן דערציילן אויף צוווייען איבערגעהאַקט, האָט דער מענטש אַ זאָג געטאָן:

— דער צווייטער געהילף! — און ווי אַן אויף גיט ער זיך אַ וואָרף אויף די טרעפּ און פֿאַרשווינדט אין דער אייבערשטער ליכטיקייט.

דער אוילעם בלײַבט זיצן און שווײַגט. נאָר באַלד נעמט מען זיך ווידער צו די קאָרטן. ראַמאָן טרעט אָפּ אין אַ זײַט. ער פֿילט זיך ווי אָפּגענאַרט דערמיט וואָס יענער איז ניטאָ און ער קען זיך ניט דערוויסן גראָד דאָס וואָס אים ווילט זיך אַזוי שטאַרק וויסן. די פֿראַגן בײַסן אים אין האַלדז. נאָר געוווּסט האָט ער שוין, אַז דעם ענטפֿער קען ער ניט באַקומען פֿון אינעווייניק. איצט איז ער ערגעץ אַנדערש, אָבער וווּ? עס זשומעט קוים פֿאַרבײַ אַן אויפֿקלערנדיק וואָרט. און ער כאַפּט זיך אַז דערין אַ פֿאַרצווייפֿלטער. אים דוכט זיך אַז אָט האָט ער געפּאַקט דעם סאָד, נאָר די ווערטער פֿליִען אַוועק און ער בלײַבט ווידער אַ פֿאַראינטריגירטער, אַ זשעדנער. כאָטש אַ פּאָדעם האָט ער שוין.

— איין רעאַל אויף אַלע, שוואָגער מײַנער! — רופֿט איינער אויס און גיט זיך אַ בייג ווי שפּרונג צו טאָן.

— דער קענגנער קוקט אויף אים איראָניש:

— מיר גלייבט זיך ניט, ראָלדאָן,
אַז אַלע קי זאָלן דײַנע זײַן...

די קוויטיקע קאָרטן, אויסגעטאַפּטע, אָנגעשפּאַלטענע, אומגלויבלעך אָפּגענוצטע בײַ די ראַנדן, פֿאַלן איינע אויף דער צווייטער אין דעם קליינעם ליכט־קרײַז, וואָס שלאָגט זיך דורך דורך דעם קעלער־דעקל. אַרום זײַנען די קעפּ אַנגעהויפֿנט און ווען זיי קומען אויף אַ רעגע אַרויס פֿון דער פֿינצטערניש, זעט מען געשוואָלענע וויִעס, געלע ציין, שיטערע וואָנצעס אַראָפּגעהאָנגענע, גלאָנציקע אויגן און אָנגעשפּאָלטענע הויט אויף ברוינע באַקן. צווישן זידלערײַ און שפּײַעכצער, בראָנפֿן און געשריי, איז מען ווי קינדער פֿאַרטיפֿט אין דער שפּיל. אין די מאָמענטן לעבן זיי ביז גאָר שאַרף. באַם טרוקאָ־שפּיל זײַנען זיי ניט מער די שטענדיקע נישטיקע מענטשן. דאָ ליגנערן זיי, האַלטן אָפּ ניצכוינעס, ראַנגלען זיך טראָט נאָך טראָט

דעם מאַזלס געראַנגל, לייגן אַרײַן אינעם שפּיל זייער שאַרפזין און זייער שפּיציקייט און דערצו נאָך קענען זיי געווינען אַ פּאָר סענט. אַ פּאָר מי־נוט זײַנען זיי גליקלעך. און ראַמאָן וויל זיי אָט דאָס גליק איבערשלאָגן.

ער ווערט אָבער דערשטיקט אין דעם געוועלב, וואָס איז פול מיט רויך, מיט געלעכטערס, מיט אַלערליי מיִעסע רייכעס. ער גייט אַרויף די טרעפּ און האָט דאָס גליק אָנצוטרעפן פּעראַלטאָן.

— זייער ווויל, כאַוועך, וואַרט דאָרט אויס אַ ווײַל — איז ער מאַס־קים. — סײַ ווי, די פון ערשטן קלאַס האָבן זיך אַלע פאַרקליבן אינעם עס־זאַל צום אַזאַרט־שפּיל. נאָר היט דיך זיי זאָלן דיך ניט באַמערקן. זיי האָבן ניט ליב אַזוינע זאַכן...

ער גיט אַ ווינק צום אייבערשטן דעק אָפן קאַפּיטאַן און דעם שיפס־קאָמיסאַר, אַף די באַלעבאַטים און פאַרוואַלטער פון די געהילץ־זאַוואָדן און זשערבאַ־וועלדער און אויך אַף איינעם אַ קאָנטראַקטיסט, אַ סיריער, וואָס פאָרט מיט זיי.

— דאָס זײַנען די וואַנצן פונעם אייבערשטן פּאַראַנאַ. ווען איך קען, לייג איך זיי אַלעמען אונטער אַ באָמבע...

אים וווּנדערט וואָס ראַמאָן זאָגט זיך אָפּ פון אַ קאַניאַ אויסטרינקען.

— שוין דרײַ טעג ווי איך האָב געשוואוירן מער ניט צו טרינקען... שוין צום צווייטן מאָל ווי מען פירט מיך ווי אַ בעהיימע צו דער שכיטע, ווײַל איך האָב מיך אָנגעשיקערט. מער טרינק איך ניט.

פּעראַלטאָ וויל וויסן. ראַמאָן דערציילט אים אויס די אַוואַנטורע אי־נעם האָפן אַזשיקאַ, דעם געשלעג מיט סאַנטאַ קרוזן, דאָס אַנטלויפן.

— אַך, דאָס ביסטו געווען? ווייסט, מען האָט פאַר דײַן קאָפּ אַ פּרײַז באַשטימט. יעדער איינער ווייס עס שוין אין פּאָסאַדאַס... ווי־אַזוי האָסטו זיך אַרויסגעדרייט?...

ראַמאָן איז קיינמאָל ניט געווען קיין גרויסער שמועסער. נאָר געלונ־גען איז אים אויפצוקלערן ווי־אַזוי ער איז אַנטלאָפן פון אַזשיקאַ, די רײַזע אינעם שיפל צום האָפן סאַענז פּעניאַ און ווי־אַזוי ער איז אַוועק אַרבעטן טיף אין וואַלד. נאָר אין עטלעכע טעג אַרום איז ער קראַנק געוואָרן. מיס־טאָמע פון דעם נעצן זיך אין דער ווילדעניש. ער האָט זיך געמוזט אַוועק־לייגן, עטלעכע טעג געלעגן מיט גרויס היץ. איבערגעלאָזט האָט ער אַדאָל־פאָן, האָט פאַרקויפט פון זיך וואָס ער האָט געקענט און צונויפגעשלאָגן אַף הויצאָעס קיין ווייזשאַ ענקאַרנאַסיאָן. נאָך דרײַ וואָכן ליגן צווישן לעבן און טויט, איז ער אַרויס מיטן לעבן.

— איך בין אַריבער קיין פּאָסאַדאַס, ווײַל איך האָב מיך געוואָלט צעשטרײַען, פאַרגעסן אַף אַלץ...

ער בלײַבט שטיין. אים פֿאַלט אײַן, אַז ווען נאָר ער דערמאָנט זיך וואָס מיט אים האָט פּאַסירט, מוז ער דאָ שטיין בלײַבן. אַנשטאָט קלאָרע געשעענישן, הייבט זיך דאָ אָן אַ נעפּל.

פונעם באַלויכטענעם עס־זאַל טראָגט זיך דער גערויש פון דער גע־רעדערײַ, דער דײַטלעכער קלאַפּן פון די ווערפלעד, וואָס צעלויפן זיך איבערן נאַקעטן טיש, און דאָס שנײַדיקע קאָל פון די געוועטן, וואָס ווערן דאָ געמאַכט.

— נאָך צוואַנציק... 5 און 3... אָפּן גאַנצן.

— און ווײַטער?... — אײַלט פּעראַלטאַ אים אונטער.

עס העלפט ניט. ער קען ניט וויסן אַף ריכטיק וואָס ווײַטער איז מיט אים געשען. אַלץ איז צעמישט. ער געדענקט מוזיק, פרויען און פרויען. אַ טומל און איבערהויפּט אַ שרעקלעכן קאָפּ־ווייטיק, פון דער שיקרעס, וואָס האָט אַוודע אָנגעהאַלטן צוויי אָדער דרײַ טעג. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער זיך ווידער דערזען אַף אַ שיף. אַף אָט דער שיף. נאָר קיין שום ווידערשטאַנד האָט שוין ניט געהאָלפן. פונקט ווי באַעזן.

— יענער פלעגט אויך אַזוי זאָגן, אַזוי ווי איך, אַז צוריק וועט ער ניט פאָרן... און אַז ער האָט זיך געוואָלט דערמאָנען, איז ער שוין גע־לעגן אַ צוגעבונדענער צו אַ שיף־קלאָץ...

מיט דעם קין ווײַזט ער אָן אַף דער פלאַש:

— דערפאַר האָב איך געשוואוירן ווי לאַנג איך לעב מער ניט טרינ־קען. און אַזוי וועט עס זײַן. אַ מאַריירא זאָגט עס דיר...

די שיף בויערט אַף ווײַטער און ווײַטער די נאַכט. דורך דער האַלב־אָפענער טיר פונעם עס־זאַל טראָגט זיך גערויש, געלעכטער און גלעזער־קלאַנג. נאָר איבער אַלץ דאָס קאָל פון די שפּילער, מיט דעם שנעלן און איינטאָניקן געזעגנגעלע.

— אַ פערטל... נאָך פופציק... צוויי און זיבן, עלף...

— איך האָב דיר שוין געזאָגט — האָט פּעראַלטאַ אַ מורמל געטאָן.

— מען דאַרף זיי אַלעמען אויפרײַסן.

# XLIX

— און דאָס וואָס איר האָט געזאָגט וועגן דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַר־איין, ווי־אַזוי איז?...

פּעראַלטאַ וויל אים דוכט זיך צוערשט אויפקלערן מיט די הענט, וואָס זײַנען געוווינט צום האַרטן געצערטל פון דער שיפס־ווינדע און פון

די שטריק; מיט די הענט וויל ער פאַרקניפּן די געדאַנקען. דערנאָך נעמט ער שיטן די ווערטער.

— הערט אויס, דאָרטן איז אַנדערש. איר קענט סאַן איגנאַסיאָ? אַך, און סאַנטאַ אַנאַ... באַמפּלאַנד? אויך ניט? גו, איז דאָרטן האָט מען צוריק מיט עטלעכע יאָר אָנגעהויבן פּלאַנצן זשערבאַ־זוימען, אַף אַ פּרווו. האָט זיך עס איינגעגעבן, און פון דעמאָלט אָן קולטיווירט מען אַ סאַך. איצט זיינען שוין פאַראַן אַ סאַך אונטערנעמונגען, וואָס פאַרמאָגן אַ שלאַל מיט פּלאַנצן. אַ מעכאַיע צו קוקן אַף זיי. אין שורעס אויסגע־שטעלט, ווי אַ קאַזאַרמע. און אַזוי קילאָמעטערס ווייט...

געדוכט האָט זיך אים ער זעט זיי דאָרטן טאַקע אַפּן וואַסער הינטער דער שיף, אין צעבליטע גלייכע שורעס. גאָר ניט ווי די ווילדע ביימער, וואָס מען איז געוווינט אויסצוגעפינען אין די וועלדער און מען האַקט זיי אויס אָן ראַכמאָנעס.

— ווי קוסטעס זעען זיי אויס, איר זעט? און מען היט זיי אָפּ ווי די סעניאָריטאַס, מען יעט זיי אויס מען שנײַדט זיי אַרום זייער אָפּט... דערנאָך באַם שניט, רײַסט מען זיי פאָרזיכטיק קעדיי ניט שאַטן דער פּלאַנץ, אַלץ ווייסנשאַפטלעך, טשע...

ביידע זיצן זיי לעבן דעם קוכערס קאַבינע און טרינקען מאַטע אין דער וואַרעמער נאַכט. די ווערטער פון דעם סינדיקאַליסטישן מאַטראָס עפענען פאַר ראַמאָנען אומבאַקאַנטע וועלטן, אַ מאָדנע זשערבאַ־זאָנע, גאָר אַנדערע ווי די וואָס האָט אים געזען אַרבעטן און לײַדן און אויס־טראָגן דעם שטורעמדיקסטן עטאַפּ אין זײַן לעבן. איין זאַוואָד נעמט אַרום עפּשער אַ מיליאָן פּלאַנצן. דער שניט האַלט אָן דרײַ כאָדאָשים און די מערסטע רײַסער וווינען אויסערן זאַוואָד. דאָרט ליקווידירט מען ניט די באַטראַקעס ווי אין די אַנדערע געגנטן פון דעם אייבערשטן פּאַראַנאַ. זעלטן אַז מען שלאָגט דאָרטן, און...

— ...און מען לעבט דאָרטן בעסער און די באַלעבאַטים זיינען דאָרט ניט אַזוינע הינט?

פּעראַלטאַ קלאַפּט אים אין פּלייצע, ווי אַ קינד וואָס פאַלט ווען עס לערנט זיך גיין. באַלעבאַטים זײַנען אומעטום הינט. דאַרף מען עס אים ערשט זאָגן? אויב אַזוי, איז ער דאָ דערויף און גיט עס אים צו פאַר־שטיין, ער אַליין, דאָסיטע פּעראַלטאַ, מיט זײַן געניטקייט פון אַ מענטשן, וואָס האָט שוין געגוג פּולווער געשמעקט, פון אַן אַרבעטער, אַ פאַרהאַר־טעוועטן אין אַלערליי פּאַכן אונטער צען פאַרשיידענע זונען, און אַלץ אונטער דער זעלביקער עקספּלואַטאַציע אָן אַ מאָס. ניין, פריער האָט ער אים דערציילט די גוטע זײַט פון די זשערבאַ־פּלאַנטאַציעס, נאָר איצט די

אַנדערע זײַט. מען צאָלט אַזוי ווייניק, און אין קראָם ערשט באַשווינדלט מען ווידער; מען צאָלט טאָקע, נאָר מיט קוויטלעך, וואָס אויסבײַטן קען מען זיי נאָר אױף סכוירע. און די מאַכט איז שטענדיק אױף דער זײַט פֿון די אונטערנעמונגען. די זאַך איז וואָס דער אוילעם ווײנט אינאײנעם און נאָענט פֿון די שטעטלעך. ס'איז ניט ווי אינעם וואַלד, וואָס אַלצדינג פֿאַר־שטעלט ער. דער אוילעם באַטראַקעם קומט זיך צונויף, מען דיסקוטירט די פֿראַגן, מען שטעלט זיך אַלע ווי איינער אַקעגן די באַלעבאַטים און מען פֿאַראייניקט זיך צום קאַמף ווען מען באַדאַרף. אַזוי אַרום איז אויפֿגע־קומען דער פּראָפֿעסיאָנעלער פֿאַראיין.

יענעם מאָל איז געווען אַ שרעקלעכער שטרײַק. פּאָליציי האָט זיך אַרײַנגעמישט, געשלאָגן, געשאָסן, נאָר ס'האָט זיי גאָרניט געהאָלפֿן... אין סאַן איגנאַסיאָ איז עס פֿאָרגעקומען, באַ מאַרטינעזן און באַ אַנדערעס פּאַ־לאַסיאָס... די באַלעבאַטים האָבן געכאַפּט אַ מאַפֿאַלע און די רײַסער האָבן באַקומען אַ העכערונג. איצט באַקומען זיי אַ רעאַל פֿאַר אַ מעסטל און ניט אַכט סענט, ווי פֿריִער...

דעם קאָריענטעסער ווילט זיך דערציילן, אַז אין נעכט פֿון צווייפֿל און אומרו, האָט ער געטראַכט פֿון עפּעס ענלעכס דערצו, אַז דאָס טאָקע וויל ער. נאָר עס פֿעלן אים דערצו די ווערטער און עס געלינגט אים בלויז אַ זאָג צו טאָן:

— שיין אַזוי! איך וואָלט עס.ווען זען...

דערווײַל אָבער נעמט ער זיך פֿיר באַ דער ערשטער געלעגנהייט זיך לאָזן אַראָפּ וואַסער. איינעם אַליין, באַזונדער פֿון אַנדערע, קען זיך אים עפּשער אײַנגעבן דער אָדער יענער קאַפּאָ זאָל כאַפּן אַ מאַפֿאַלע. ער וויל אָבער אַ מאַפֿאַלע פֿאַר אַלע פּאַרוואַלטער, באַלעבאַטים און קאַפּאַס פֿונעם אייבערשטן פּאַראַנאַ. אויב דאָרט, אַראָפּ וואַסער, קענען מענטשן פֿאָדערן דערגרײכן, צו זיך, איז זײַן פּלאַץ דאָרטן. אין אָט דאָס וואָס מען רופֿט פּראָפֿעסיאָנעלער פֿאַראיין מוז זײַן אַן אָרט פֿאַר אים. ער איז גרייט דאָס צו פֿאָדערן.

# L

אָנגעלענט אָנעם באָרט, האַלט ראַמאָן זײַן בליק אײַנגעשטאָכן אינעם וואַסער, וואָס האָט איצט אַ שווערן קאַשטאַן־קאָליר און ווערט פֿון צײַט צו צײַט געשפּאָלטן מיט דעם אָפּשטאַרבנדיקן טאָגליכט. די שיף באַפֿאַלט אַן ראַכמאָנעס דעם טײַך, שפּאַלט־אים און מאַכט זיך אַ וועג מיט דעם גאַנצן אָנדרוק. דער וואַסער־ברויז פּראָטעסטירט און שלײַדערט דעם שוים

אַף דער שיף־נאָז, שוים־כוואַליעס, וואָס שטאַרבן אָפּ אַפן דעק. טייל כוואַ־ליעס שווענקען אונטער ראַמאַנען. איבער דער שיף קלײַבן זיך געשוואַ־לענע כמאַרעס, וואָס זעען אוים ווי ריזיקע שיפן. קימאַט אַלע ווײַס, ריין ווײַס, טונקל־ווײַס, געל־ווײַס. נאָר די ווײַסקייט איז אַ דערווידערדיקע, אַ שטורעמדיקע. אַנטקעגן און לינקס הייבט זיך אַרויף צו אַ גרויער גע־וועב, וואָס פאַראייניקט דעם טײַך מיט דעם הימל, ווי נאָך איין האָריזאָנט, אַ מער נאָענטער. ווי אַ ניט־מאַמאַשעסדיקער טויער זעט ער אויס, ווי אַ ווילדער געפלעכט פון דורכזיכטיקע צווײַגן. איצט איז ער נאָך נענ־טער, נאָר זען זעט מען אים נאָך אַלץ לינקס, צום פאַראַגווײַער ברעג צו. אין יענער זײַט האָט די שיף זיך געגעבן אַ שטאַרקן הוידע און ווען זי איז צוגעקומען צו דעם לופטיקן בינין, האָט מיטאַמאָל אַ כליאַפּע געטאָן אַ גאָס־רעגן. גרויסע טראָפּנס קלאַפּן הילכיק איבער די שיף־ברעזענטן. אין איין אויגנבליק איז דער אייבערשטער דעק פאַרגאָסן פון רעגן און דאָס וואַסער שטראָמט אַראָפּ מיט גרויסע ריטשקעס. די מאַטראָסן קומען צו לויפן אַרויפציִען די ברעזענטן און אויך זייערע מוסקלדיקע גופים פאַר־גיסט דאָס וואַסער. ווײַטער איז דער פאַראַגווײַער ברעג אַ כמורנער, אַ פאַר־נעפּלטער און וואָס אַמאָל זעט מען אים אַלץ ווייניקער אָן הינטער דער רעגן־שירמע.

ראַמאָנען איז קאַלט און ער טוליעט זיך אינעם פּאָנטשאָ. פעראַלטאַ קומט צו אַ צערודערטער:

— מ'האָט דיך דערזען! — גיט ער אַ זאָג מיט אַ צעריסענעם קאָל.

— ביסט אין פּעסל, ברודער. זיי האָבן דיך דערזען, די הינטישע זין!

— ווער?

— זיי, די אייבערשטע. אַזשיקאַ איז דאָ. ער האָט דיך דערקענט. ער פאָרט ערשטע קלאַס און האָט דיך געזען פאַרבײַגיין. איצט וויל ער דיך כאַפּן...

— מיך כאַפּן? ס'עט אים קאָסטן...

— גיי אַראָפּ אונטן און וואַרט אַף מיר, גיי...

אינעם אונטערדעק שפּילן נאָך עטלעכע באַטראַקעס אין קאָרטן. אַנ־דערע ריידן צווישן זיך און ציִען די ווערטער. טייל דרעמלען אין די ווינ־קעלעך, הערן ניט דעם גערויש פון די מאַשינען, פון די קייטן, פון דעם רעגן. אַ שווערער געדוך טראָגט זיך פון דעם געוועלב און נעמט אַרום די מענטשן, קלעמט זיי אײַן אין זײַנע שטינקענדיקע אויסדעמפונגען.

פעראַלטאַ קומט מיט נײַע ידיעות. אַזשיקאַ זאָל האָבן פונאַנדערגע־טיילט הויפנס געלט צווישן דער מאַנשאַפט. פינף הונדערט דעם קאַפּיטאַן

און דעם קאָמיסאַר אויך אַזויפיל. די מאַטראָסן האָט ער צוגעזאָגט צו הונדערטערס. דער באַדינג איז: ניט לאָזן דיך אַנטלויפן.

— אַ לעבעדיקן װעלן זיי מיך ניט נעמען. דאָס איז זיכער. — זאָגט דערויף ראַמאָן.

ער טראַכט דערביי װעגן די צעברויזטע װאַסערן פונעם פּאַראַנאַ.

— ער אָבער וויל דיך האָבן אַ לעבעדיקן. ער האָט אונדז אַלעמען באַפוילן, מיר זאָלן דיך היטן זאָלסט זיך ניט וואַרפן אין וואַסער...

די מענסום הערן דאָס אויס און זײַנען אויפגערעגט. זיי ווייסן אַז מיט זיי פאָרט ראַמאָן מאַריירא, איינער פון די דרײַסטע, וואָס האָבן אײַנעם האַפן אַזשיקאַ דערלאַנגט אַ טויט־קלאַפּ סאַנטאַ קרוסן און זײַנע קאַפּאַס. זיי באַוווּנדערן אים און פּאַטשן אים אין פּלייצע, צופרידענע וואָס זיי האָבן אים צווישן זיי און זײַנען אין דער זעלביקער צײַט אין שרעק פאַר דעם שוואַרצן סאָף, וואָס קלײַבט זיך שוין אַף זיי און קיינער, דוכט זיך, קען אים ניט אויסמײַדן.

— ער זאָגט, אַז ווי נאָר מירן צוקומען צום בראַזיליענישן ברעג, וועט ער דיך הייסן שמידן אין קייטן; אַז דערווײַל היט ער זיך נאָך, מאַכמעס מיר זײַנען אין אַרגענטינער וואַסערן... — פאַרענדיקט פּעראַלטאַ.

— אַ לעבעדיקן, אַ לעבעדיקן וויל איך אים זען — שרײַט איינער פון די קאָרטן־שפּילער און קוקט זיך מיטלײַדיק אום צו ראַמאָנען. — וואָס וועט ער אים טאָן, פרעג איך?

— אַ, דו ווייסט ניט?... ער'ט אים מיסטאָמע מאַכן פאַר קאַפּאַטאַס...

דער אוילעם לאַכט אַפן קאָל, נאָר אָן כיישעק. הינטערווײַלעכס קוקן זיי אַף דעם קאַריענטעסער פאַרשוין, ווי זיי וואָלטן וועלן זען דאָס אָרט אַפן לײַב, ווו די ווילדע שמיץ מיט דער בײַטש, וואָס זײַנען פאַר אים באַשטימט, וועלן זיך אײַנשנײַדן. זיי קוקן אַף דעם גוף, וואָס איז אָנגעגרייט אַלס שפּײַז פאַר דער אַכזאָריעס פון די קאַפּאַטאַסן און וועט שווימען ווען עס איז אַ טויטער מיטן צעשטורעמטן וואַסער אַראָפּ, ווי איצט, אָדער מיט דעם שטילן אין אַ רויִקער צײַט. זיי קוקן אַף אים ווי ער וואָלט שוין געשווּמען אַ רויִקער, אַ האָרעג, שפּײַז פאַר די פיש אָדער פאַר די וואַלד־כאַיעס, אַ סימבאָל פאַר דער מאַכט פון די זשערבאַ־באַלעבאַטים, אַ שרעקלעכע שטראָף פאַר אַלע ווידערשפּעניקטע אַפן אייבערשטן פּאַראַנאַ. נאָר ראַמאָן וויל לעבן און זייער מיטלייד באַלעסטיקט אים.

— קען מען גאָרנישט ניט טאָן? — ווענדט ער זיך צום פּעדרירטן.

זײַן פרעג שפּירט מען גיכער פון די אויגן איידער מען הערט אים פון די ווערטער.

פּעראַלטאַ שטייט נאָך אַלץ און קלערט.

— מיר וואָלטן עפּעס געקענט אויפטאָן פאַר דיר... ביסט אַ שוויי־מער?

ער גיט ענערגיש אַ מאַך מיטן קאָפּ אַף אַראָפּ און אַרויף, איין מאָל און אַ צווייט מאָל.

— עפּשער... — נעמט פּעראַלטאַ ריידן ווי ער וואָלט זיך ניט וועלן פאַרפּליכטן. — דער אוילעם, פאַרשטייסטו מיך, איז פאַרכאַפּט פון־נעם פּרײַז. כ'וויים ניט, מירן זען...

ווען ער גייט אַוועק, נעמט זיך דער אוילעם אויסשפּרייטן די קאָל־דרעס און די פּאַנטשאָס. נאָר פריִער וואָלטן זיי אים וועלן אויסדריקן זייער שטאַרקע סאָלידאַרישקייט. זיי ווייסן אָבער ניט ווי דאָס צו טאָן און, פון ניט געשיקטקייט, שטאַרבן די ווערטער באַ זיי אַפּ איידער זיי קומען אַרויס פון די ליפּן. זיי נוצן זיך דעריבער מיט די געוויינטע זשעסטן. איינער באַט אים אָן זײַנע ציגאַרעטן און דריקט אים די האַנט. אַנדערע זײַנען אים מעכאַבעד מיט קאָניאַ. ער טרינקט ניט? ווי הייסט? ס'איז דוכט זיך ווי אַנגעמאָסטן פאַר אַ מענטשן, וואָס איז פאַרמישפּעט צו פּײַ־ניקונג און צו באַלדיקן טויט. וויינקסטנס, צוליב קוראַזש... נאָר אים פעלט ניט קיין קוראַזש און ער וויל לעבן. ער איז דער ערשטער אײַנ־געשלאָפן און האָט זיי פאַרכידעשט מיט זײַן שטאַרקן כראָפּען. ער וויל לעבן.

דער רעגן שמייסט דעם דעק און קאַטעוועט אָן ראַכמאָנעס דאָס טאַקלוואַרג. ער פּינקלט אויס אַ סימפּאָניע אָפּן קוימען און אַף די פעסער, וואָס זײַנען מיט גראָבע שטריק צוגעבונדן. די שיף גייט זיך איר וועג, אָן איבעריקער גיִיִוע, פאַרזיכטיק נאָר זיכער שנײַדט זי דאָס וואַסער אונ־טער זיך און שיצט זיך פונעם וואַסער איבער זיך. יעדער גערויש שטאַרבט אַפּ אינעם אונטערדעק, וווּ די מענטשן ליגן אַנגעוואָרפן אַף אַ קופּע צווישן סטויסן זעק מיט רײַז און צוקער און קאַסטנס מיט קאָנסערוון, און שלאָפן אַף זייער מוירע און אַף זייער אומענדלעכן עלנט.

# LI

גאָר אַן אַנדער קלימאַט אָטעמט מען אַף דער שיף. די מאַטראַסן מוען איינע און די זעלביקע אַרבעט מיט דער דערעסנדיקער רוטין. מען עסט און מען שלאָפט אין באַשטימטע צוגעוווינטע שאָען. פון אונטן אַרויף

קען מען זען דעם רודערער אָדער דעם געניטן פּירער, דעם „באַקעאַנאַ", אין זײַן רודער־ביידל, די אויגן אָנגעשטעלט צום סאָפּעקדיקן וועג און די הענט צוגענאָגלט צום רודער, ווי שטענדיק. פונעם עס־זאַל ערשטע קלאַס הערן זיך געלעכטערס, פּיקאַנטע מײַסעס דערציילטע מיט אַ ווײַניקן קאָל, קוילעס באַ דעם קעסיידערדיקן קאָרטן־שפּיל. נאָר די רו פון דער רײַזע איז שוין אינגאַנצן אַ געשטערטע און וועט שוין ביזן סאָף ניט צוריק־געשטעלט ווערן. ביזן סאָף פון דער דראַמע, וואָס אַלע זעען זי שוין, די טאַליאָנים ווי זייערע קאָרבאָנעס. קיינער רעדט ניט דערפון, נאָר קיינער הערט ניט אויף טראַכטן וועגן דעם גורל, וואָס איז אויסגעפאַלן אַף דעם מענטש, וואָס ליגט מיסטאָמע ערגעץ אין אַ ווינקל אַפן אונטערדעק אָדער שפּאַצירט אום איבערן שמאָלן שעטעך באַ דער שיף־נאָז פון איין באָרט צום צווייטן. דרײַ שפּאַן אַף אַהער און דרײַ אַף צוריק. אינאיינעם מיט דער שיף פאָרט דער טויט. נאָר דער טויט איז אַפן אייבערשטן פאַראַנאַ אַ גע־וויינלעכע זאַך. דאָס אינטערעסאַנטע דערבײַ איז די יאָגד אַפן מענטשן, אַף דעם אײַנגעפּלאָנטערטן עלנטן וועזן, וואָס פאַרבליבן זײַנען אים ניט מער ווי עטלעכע שאָ אָדער עטלעכע מינוט אומזיסטער גראַנגל. ראַמאָן ווייס, אַז מען שפּירט אים נאָך, אַז מען האַלט אַן אויג אַף זײַן יעדן שפּאַן, אַז יעדער ריר זײַנער ווערט פאַרצייכנט, יעדער בליק זײַנער קאָנטראָלירט. ער, פאַרקערט, פילט זיך דערפון וואָס ווײַטער אַלץ שטאַרקער. דער ניש־טיקער, אומבאַקאַנטער און גרינגעשעצטער מענטש איז דאָ געוואָרן אַ וויכ־טיקע פיגור, און דאָס מאַכט אים שטאָלצער און פעסטער.

עס רעגנט ניט מער, נאָר עס איז נאָך אַלץ נעפּלדיק און אומעטיק. ווידער פאַלט אַף דער שיף דער ביינהאַשמאָשעס. עמעצער האָט אַ זאָג געטאָן ראַמאָנען ער זאָל צוריק אַרײַנגיין אינעם אונטערדעק. אים כידעשט וואָס דער טאָן איז ניט אַזאַ האַרטער ווי פריִער. איז עס דערעכערעץ, מיט־לייד? ער פאַרקלעפּט די ליפּן, פילט ווי עס וואַקסט אין אים די סינע, פּלייצט אַריבער די ברעגעס און דערלאָזט ניט צו אים קיין אַנדער געפיל. ער האַסט מיט אַלע קויכעס, נאָר אַנטשלאָסן איז ער ניט צו לאָזן זיך פאַרשלינגען פון דעם האַס. דאָס וואָלט געווען אַזוי געפערלעך, ווי די קאַניאַ, וואָס ער זאָגט זיך אָפּ פון איר און וועט זיך שוין פון איר שטענ־דיק אָפּזאָגן. ער מוז האָבן אַ קילן קאָפּ און אַ שנעלע האַנט. עס גייט אים ניט נאָר אין ראַטעווען זיך דאָס לעבן. ער פילט, אַז ער מוז נאָכאַמאָל באַווײַזן, אַז כאָטש ער איז אַ נישטיקער באַטראַק, קען ער מאַכן צום נאָר זײַנע מעכטיקע סאָנים. די זאַך איז קלאָר. זיי ווילן באַ אים אויפּמאָנען דעם הינטערשטעליקן כעשבן און ער איז גרייט ניט צו צאָלן. דעם פריי־מאָרגן האָט ער זיך שוין איינמאָל שיר ניט אין וואַסער געוואָרפן מיט

דער געפאַר באַשאָסן צו ווערן פון דער שיף גופא. נאָר פאַרשטאַנען האָט ער, אַז מען וואַכט איבער אים. גלײַכער אָפּוואַרטן.

אויך יענע וואַרטן.

# LII

ער ליגט אַ געפאַלענער מיטן רוקן צו דער ערד. אַקעגן אים אַזשיקאַ מיט דער בײַטש אין דער האַנט און שמייכלט דראָענדיק. דערנאָך נעמט ער אים מאַרדעווען מיט אַ מעכטיקער האַנט און רעדט עפּעס צו אים. דוכט זיך ער באַליידיקט אים, נאָר ער פאַרשטייט ניט אַקוראַט וואָס יענער זאָגט. אַ מאָדנע זאַך. ער האָט אים לעבן זיך, מען קען זאָגן פּאָנעם צו פּאָנעם, ער קען פילן זײַן אָטעם, ער פילט דעם ווייטיק פון זײַן געדראָשענעם לײַב, און דאָך, קלײַבט ער זיך ניט פונאַנדער אין די ווערטער. פאַרשטאַנען האָט ער, אַז ער מוז זיי פאַרשטיין, אום יעדן פּרײַז. אַ פּלוצימדיקע קלאָרקייט פון געדאַנק מאַכט זיך בליציק אַ וועג צו אים. ער הייבט זיך אונטער אַף אַן עלנבויגן און עפנט די אויגן. ס'איז פינצטער און עמעצער רעדט צו אים שטיל און פאַרטרויליך:

— הייב זיך אויף! קום! וועסט ניט אויסנוצן די געלעגנהייט, וועסטו זיך שוין ניט ראַטעווען!

ער האָט מיטאַמאָל אויפגעוואַכט. פּעראַלטאַ טרייסלט אים נאָך, נאָר ער פילט זיך שוין אינגאַנצן אויסגעניכטערט. יענער גיט אים אַ שמאַטע אין דער האַנט.

— קום מיט מיר. טו דיר אָן דאָס טיכל אָפּן קאָפּ, מ'זאָל דיך ניט דערקענען. נו, שנעלער!

ער קומט אַרויס פונעם אונטערדעק און זעט עס איז נאָך נאַכט. די קעלט איז אַ שאַרפע.

די מאַטראָסן רירן זיך ווי צוגעשלאָגענע, נאָך פאַרשלאָפענע. ערשט דעמאָלט כאַפּט ער זיך, אַז מען האָט פאַראַנקערט. פון די מאַשינען הערט זיך אַ צוגעטעמפּטער טאַראַכקען. פּעראַלטאַ גיט אים אָנווײַזונגען. מען שטייט איצט אינעם האַפן קאַנאַלכאַס, באַם אַרגענטינישן ברעג. מען לאָזט דאָ אַראָפּ עטלעכע באַטראַקעס און מען לאָדט אָן געהילץ. די געלעגנהייט איז אַן אומגעריכטע און אַ גינסטיקע. שוין די מינוט, איידער מען ליגט אַוועק די קלאָדקע, דאַרף ער אַראָפּשפּרינגען און זיך אויסמישן מיט דער מאַנשאַפט, וואָס דאַרף אַנלאָדן דאָס געהילץ. וועט מען אַוועק־

ליגן די קלאדקע, וועט שוין דארט שטיין דער קאמיסאר אכטונג צו געבן און אים וועט מען ניט קענען באשווינדלען. איצט וועט אים דאס טיכל און די פינצטערניש ארויסהעלפן. נאך דריי מאטראסן ווייסן דערפון און זיינען גרייט צו העלפן.

איידער נאך ראמאן באוויזט דאס אלץ צו באנעמען, איז שוין יענער ניטא און האט נאר באוויזן אים ארומצונעמען. ער דערזעט זיך אין א ריי פון פינף מענטשן. צווישן זיי און דער קימאט ניט אנזיכטיקער ערד, גלאנצט שטיל דעם טייכס שווארצע מויל. צוויי שפרינגען ארויס פאר אים און נאך זיי, אומגעטראכט, אויך ראמאן. ער גיט זיך א גליטש אינעם ליים, נאר ער איז שוין אפן ברעג און גייט זיי נאך בארג ארויף איבער די קלעצער, וואס זיינען אויסגעלייגט פאר טרעפ. אלץ איז אזוי פאשעט, אז אים דוכט זיך ס'איז גאר קיין וואר ניט.

זיין פארדאכט האט זיך באשטעטיקט. ער האט נאך ניט געהאט דערגרייכט דעם שפיץ בארג ווי אף דער שיף האט אויסגעבראכן דאס געפילדער. זיי קוקן זיך אום. איינער פון די וואס מען האט געזאלט אראפלאזן, האט זיך ניט געלאזט נעמען, און די וואכלייט האבן אים געהאלטן און דער קאמיסאר האט געשריגן. ראמאן האט שוין פארשטאנען. דאס איז אזא שפיצל מען זאל זיך ניט ארומזען אז ער פעלט. אין דער צייט וואס די מאטראסן לאדן אויף דאס געהילץ און זיינען גרייט אראפצוגיין, לייגט איינער אים אומגעריכט אריין א מעסער אין דער האנט:

— פארנעמט זיך מיט דעם שטעגל און שניידט גלייך. באלד וועט נעמען טאגן, וועט איר דערזען צוויי צלאמים איינער לעבן צווייטן. דארטן וועט איר אייך פארקירעווען און אריין אין א צעדער־וואלד. פארנאכט וועט איר אנקומען אינעם געהילץ־זאוואד פון...

מיט די לעצטע ווערטער איז דער מענטש פארשוווּנדן אינעם נעפל בארג אראפ. ראמאן לויפט, אן גערודער, פארשטעקט זיך ווי א וואלדקאטער און פילט ווי דאס הארץ וויל אים פון דער ברוסט ארויסשפרינגען ווי א באלעם און זיך קייקלען באגלייך מיט אים. אלע זיינע קויכעס זיינען אים אין די פיס אריין און די פיס שניידן זיך שנעל דורך די רווישיקעביימער, וואס זייערע בלעטער, דוכט זיך, וויגן די שוין בלייד־ווערנדיקע שטערן. א פאר מאל פאלט ער, נאר ער מאכט זיך קיין ווען ניט פון דעם בלוט, וואס פליסט בא אים פון דער וווּנד אינעם מויל, פון די גרויליקע צעשניטענע קני, פון די הענט וואס שטרעקן זיך פארויס און באזייטיקן ווילד יעדע שטערונג. ער וויל לעבן און לעבן מיינט איצט לויפן. צווישן די שאטנס וואס טרעטן אפ פארן באגינען, איז ראמאן נאך איין לויפנדיקער שאטן.

# LIII

— אוּ... פֿאַ!...

ראַמאָן מאַריירא שלעפּט מיט קוויעד אַרויס די האַק פונעם געעפנטן שפּאַלט אינעם פּעטעריבי־בוים, שפּאַרט זיך אָן אין דער ערד און רוט אָפּ דעם גוף זײַנעם אָן אָנגעשפּאַרט אָנעם הענטל פון דער האַק. די קווילעם קומען פון רעכטס. פונעם הויפּט־וועג, וואָס פון דאַנען קען מען זען אַ שטיק פון אים. ער ווישט זיך אָפּ דעם שטערן מיט זײַן גרויסער רויטער פּאַטשיילע. ער איז מיד. יעדן מאָל ווי די הענט פאַלן אים אַראָפּ נאָכן דערלאַנגען דעם זעץ מיט דער האַק, דוכט זיך אים, אַז מער וועט ער זיי ניט קענען אויפהייבן. נאָר ער אַליין גיט זיך קיין כעשבן ניט דערפון ווי זיי הייבן זיך אויף מיט אַ נײַעם און אומבאַקאַנטן אימפּעט, ווי זיי וואָלטן ניט זײַנע געווען. אַ ווײַל גיבן זיי אַ דראָע דעם שטומען סוינע און דערלאַנגען אים מיטאַמאָל דעם שרעקלעכן זעץ. דערנאָך ווידעראַמאָל. די אָנגעלאָפענע אָדערן אַף זײַן פאָדער־אָרעם ציִען זיך מיט מעכטיקע וואָרצלען ביז זײַן שטאַרק־נערוויקער און פאַרשוויצטער האַנט. טיפע וווּנדן צעאַקערן זײַן האַנט־פלאַך, מאַכן פון איר אַ מאַפּע מיט אומרעגלמעסיק דורכגעשניטענע קויטיקע קאַנאַלן. ווידער דערהערט ער:

— אוּ... פֿאַ!...

אַף זײַן לינקער זײַט האַנט, פון דאָרט וווּ דער קליינער פינגער הייבט זיך אָן ביזן געלענק, ציט זיך אַ שורע שוואַרצע פינטלען, וואָס מען זעט זיי אויך דאָ און דאָרט באַזונדערע זיך שוואַרצן. די מבאַריגי־פליגעלעך לאָזן איבער אַף לאַנג אַ סימען פון זייער שמאַרציקן ביס. אין דער רעגע האָט זיך איינס אַזאַ, אַ פיצל, אַ שוואַרצינקס, זיך באַ אים אַוועקגעזעצט. ער צעקוועטשט עס מיט זײַן גרויסן ווײַז־פינגער און זיפצט דערנאָך טיף אָפּ. ער הייבט ווידער אויף די האַק, נאָר דאָס מאָל לאָזט ער זי פאַלן אָן דעם זעץ אינעם בוים. עס שטיקט אים. די זון קלעמט מיט רויט־אָנגעגליטע צוואַנגען זײַן נאַקעטן נאַקן און שטעכט אַרײַן אינעם הויט בריִענדיקע שטעכלקעס, וואָס בויערן אים דעם קאָפּ. די אַרומיקע געדיכטע געוויקסן־וועלט, דוכט זיך, לאָזט זיך גיין אַף אים, אים צו דערשטיקן מיט דער הייסער אויסדעמפונג, וואָס שטערט אים קימאַט צום אָטעמען. אַ גרויסער בלויער שמעטערלינג זעצט זיך אַוועק אין דער רעגע אַקעגן אים אַף אַ זשמוט דינע פעדער־גראָזן, וואָס בייגן זיך אונטער אים. ווי נאָר ראַמאָן נעמט צעשטרייט קוקן אַף אים, פליט ער אַוועק און פאַרשווינדט צווישן דער גרינער געהיימעניש פונעם ווילדגראָז.

— רירט אײַך... טשירוסאַ! * באַגואלאַ!... * גענגאַנגען!...

מיט אַ הונדערט מעטער ווײַטער באַווײַזט זיך דער וואָגן, וואָס נעמט אויף די קלעצער. אײַנגעשפּאַנט זײַנען אין אים אַכט אָדער צען מויל־אייזלען פאַרשוויצטע, פאַרמאַטערטע פון דער שווערער מאַסע. דער אָנ־טרײַבער — גומערסינדאָ — גיט אַ קנאַק מיט דער בײַטש און קריכט אַראָפּ. ער טראָגט אַ רויט העמדל אָן אַרבל, אַ קויטיק טיכל אַפּן האַלדז און אַן אַלט היטל שיצט אים פון דער זון. גרויע וואָנצעס שטאַרצן אים אַרויס פון זײַן ברוינעם פּאָנעם. הינטער אים גייט דער שפּיצאַק־רײַטער. אַן אינדיאַנערל פון קוים אַ יאָר צען. זײַן העמדל און באָמבאַטשן זײַנען קויטיק און צעריסן. די ברוסט איז בײַ אים אַן אײַנגעפאַלענע צווישן די אויסגעבויגענע אַקסלען. ראַמאָן קוקט אויף אים מיט ראַכמאָנעס. ער איז אַוואַדע שווינדזיכטיק. וועט ער לעבן, וועט ער זיך שעצן גליקלעך אויב ער וועט זײַן אַ נישטיקער דערשלאָגענער מענטש, ווי איצט. איז דען ניט בעסער אַ מויל־אייזל זאָל אים מיט אַ ווילדן בריקע אָוועקהאַרגענען, ווי עס איז דאָ ניט לאַנג געשען מיט איינעם אַזאַ שמײַסער־ייִנגל?

— טשירוסאַ! שטיי!... טײַוולשע טאָכטער!

דאָס אינדיאַנערל רעדט מיט אַ הייזעריקן מענערישן קאָל. דאָס קאָל, דוכט זיך, קומט בײַ אים אַרויס פון דער טיף, אַרויסגעצויגן מיט שטיקער לונג, מיט שליימיקער פלאַגמע און בלייכן בלוט. איצט בייגט ער זיך, ער מיט גומערסינדאָן, איבער אַ שטאַם. זיי דאַרפן אים אויף די הענט אויפ־הייבן ביז דער הייך פונעם וואָגן. — ער וועגט זיכער אַ פיר טאָנען — שאַצט ראַמאָן. נאָך צוויי קומען צו אַרויסהעלפן. די הענט קלאַמערן זיך אָן די רעשטן צווײַגן. די אויגן זוכן אַלעמענס העסקעם און דער געשריי רײַסט זיך בײַ גומערסינדאָן פונעם האַלדז און די אַנדערע כאַפּן אים אונטער אין כאָר:

— או...

די מוסקולן, ווי שטאַלענע שטריק, שווילן אויף אונטער דער הויט ווי גראָבע פּרוזשינעס וואָס זײַנען גרייט צום פּלאַצן.

— פּאַ...!

אונטערגעלייגטע קלעצלעך צווישן דעם ראַנד פונעם וואָגן און דער ערד, דינען דעם שטאַם פאַר אַ לייטער. ווען דער שטאַם קומט צו אויף דער הייך פונעם וואָגן, רוען זיי זיך אָפּ. פאַנטאַלעאָן שילט זיך אין גוואַ־ראַניש און ווישט זיך דעם שווייס מיט זײַן אָפּגעבליאַקעוועטן בערעט. אינעם גאַרטל טראָגט ער אַ מעסער מיט אַ שוואַרצן הענטל און אַפּן האַלדז

* צונעמען פאַר קי אָדער שקאַפּעס, וואָס מיינען: כצופע, ווילדע.

אַ מעדאַלכל אָנגעהאָנגען אַף אַ קויטיקן שנירל. ער בייגט זיך איבערן קלאָץ אינאיינעם מיט די אַנדערע. די פיר גופים ציִען זיך ווי וויַיט זיי קענען און דער באַזיגטער בוים הייבט זיך פּאַמעלעך. די באַטראַקעס מונטערן זיך איינער דעם צווייטן מיט קוואַטשיקע קוילעס און נעמען זיךווידער צו זייער:

— אָו... פּאַ! אָו... פּאַ! אָו...

ראַמאָן שפּיַיט זיך אָן אַף די הענט, ריַיבט זיי ענערגיש אָן איינע אָן דער אַנדערער און ווידער טוט די האַק אַ פּאָכע באַ אים אין די הענט. טרוקן הילכן אָפּ די קלעפּ אינעם האַרץ פונעם בוים. די שפּענער צעשפּרינגען זיך האַסטיק און איינער טרעפט אים אין דער ברוסט אָדער אין פּאַנעם. פּאַמעלעך און זיכער גייט ער פאָרויס. בעייסן האַקן אומפּאַרפעלט אינעם צעעפנטן שפּאַלט, כעשבנט ער. אין אַ פערטל שאָ אַרום וועט דער פעטעריבי־בוים שוין ליגן אַף דער ערד. ער גיט נאָך אַ האַק. דערנאָך דאַרף מען אים אַרומהאַקן און אָפּשיילן. ער ׳גיט נאָך איין האַק. וועט ער האָבן אַף זיַין כעשבן נאָך זיבן אַרגענטינער פעזעס. ווי האַלט ער איצט מיטן כעשבן? געקומען איז ער אינעם האַפן אַגירע מיט קנאַפּע דריַי כאַדאָשים צוריק, ווען ער איז אַנטלאָפן פון אַזשיקאַן און האָט ניט גערעכנט לאַנג דאָ צו פאַרבליַיבן. אָפּגעמאַכט האָט ער באַ זיך אַוועקצולאָזן זיך צו דער ניַיער געגנט, וווּ מען פלאַנצט די זשערבאַ. ער מוז אָבער פאַרדינען כאָטשבי אַף דער ריַיזע און אָף אויסהאַלט. נאָך איין זעץ מיט דער האַק. נאָר קיינמאָל ענטפערט מען אים ניט קלאָר ווען ער פרעגט אַף כעשבן. ער פאַרדריקט בייז דאָס הענטל און גיט נאָך איין זעץ. דער שניט איז דאָס מאָל אַ טיפער און מען קען אים נאָך טיפער מאַכן, ווי דער בוים וואָלט פאַרשטאַנען, אַז עס וועט אים שוין ניט העלפן קיין ווידערשטאַנד. ער אַרבעט וואָס וויַיטער אַלץ בייזער ביז עס דערגייט צו אים אַ גערויש פון עטלעכע דערצערנטע קוילעס און ריַיסן אים אָפּ פון דער אַרבעט. די קוילעס הערן זיך נאָענט פון אים, דאָרט ווו פּרוטאָס אַרבעט. איינס פון די קוילעס איז זיַין גוטן ברודערס, און דאָס צווייטע? ראַמאָן ליגט אַוועק די האַק און שפּאַנט צו אַהין מיט דעם שמאָלן שטעגל, פונאַנדערנעמענדיק די שטעכיקע פלאַנצן און די טשערעטן, וואָס שטערן אים. ער קומט צו צו אַ קליינעם אויסגעהאַקטן פלאַץ. אַן אומגעפאַלענער גרויסער וויַירעד־בוים פאַרנעמט דאָס גאַנצע פלאַץ. פון איין זיַיט שטייט דער קאָנטראַקטיסט פעליִסיאָ און פון דער אַנדער זיַיט פּרוטאָס, אָן אָנגעשפּאַרטער אַף דער האַק, וואָס מיט איר האָט ער געהאַט גענומען אַרומהאַקן די צוויַיגן פון דעם פרעכטיקן עקזעמפּלאַר. זיי אַמפּערן זיך:

— מען זעט אַז דעם שפּאַלט. ער טויג ניט! — שרייַט פּעליסיאַ. — איכל דיר אַראָפּרעכענען.

— דאָס דאַרף אַזוי ניט זייַן. קוק דיך צו. — בעט זיך דער וואַלד־העקער. — ס׳איז ניט מער ווי אַ שניט.

— ס׳עט דיר גאָרניט העלפן. — שנייַדט יענער אָפּ.

— אָבער, טשע באַלעבאָס, איך האָב דאָך די גאַנצע צייַט געאַרבעט אים אַפּצוהאַקן. באַם פאַלן האָט ער זיך קוים אַ ריס געטאָן. ניט מער ווי צוויי פינגער די גרויס.

— ניין, ניין. דו דערצייל מיר ניט קיין מייַסעס. אַכוצדעם, וויל איך דיר געבן אַ שטראָף, ווייַל דו ביסט אַ בונטאַר... איכל דיר ווייַזן!

— איך האָב געאַרבעט און איצט ווילסטו מיך באַרויבן... ביסט אַ גאַנעוו, פּעליסיאַ!

— ביסט אַ כוצפּעניק! נאַ דיר און וויים!...

דער קאָנטראַקטיסט שפּרינגט אָפּ ווי אַ קאַץ, אַף אַ געהעריקער דיס־טאַנץ פונעם וואַלדהעקער און דערלאַנגט אים אַ שמיץ מיט דעם אַראַפּניק איבער דער ברוסט און באַלד דערויף אַ צווייטן שמיץ איבערן פּאָנעם, וואָס לאָזט אים איבער אַ בלוטיקן צייכן. פּרוטאָס וויל זייַן מעסער אַרויס־כאַפּן, נאָר אַ דריטער שמיץ מיט דעם אַראַפּניק, שלאָגט עס אים פון די הענט אַרויס.

— נאַ דיר, נאַ!

ער וויל אַנטלויפן, נאָר נייַע צוויי שמיץ אַפּן רוקן שוידערן אויף זייַן הויכן דאַרן גוף. פּעליסיאַ וואַיעט אַ ווילד־צעיושעטער באַ יעדן זעץ מיט דעם אַראַפּניק.

— נאַ דיר, נאַ!

פּרוטאָסן געלינגט דאָך אַ לאָז טאָן זיך צום שטעגל, מיט וועלכן ראַמאָן איז צוגעקומען. ער וואַרפט זיך ווי אַ פאַרוווּנדעטער הירש אין טשערעט און אין די שטעכערס אויסצומייַדן די שמיץ. פּעליסיאַ לויפט אים נאָך, וואַרפט אַוועק די בייַטש און כאַפּט זיך צום רעוואָלווער. דער־הערט האָבן די קוילעס נאָך וואַלדהעקער און זייַנען געקומען צו לויפן. זיי שפּאַנען נאָך דעם קאַפּאַטאַס, מיט ראַמאָנען אַפּריער, וואָס האָט גע־האַט די געלעגנהייט צו זען ווי עס האָט זיך אויסגעוויקלט די גאַנצע דראַמע, וואָס האָט געדויערט ניט מער ווי עטלעכע סעקונדן; פּרוטאָס איז צוגעקומען צום אָרט ווו ראַמאָן האָט פריער געאַרבעט און האָט זיך אָנגעבויגן נעמען די האַק.

— שטיי... וואָרעם איכל דיך אַפּבריִען! — גיט אים אַ וואָרן פּעליסיאָס קרעמפּיק קאָל.

עס דערהערט זיך אַ טיפער סקרוכע, ווי אויך דער בוים וואָלט פֿור־נעם קאַפּאַטאַס קאָל אויפגעשווידערט, און ער גיט אַ פּאַל אום און שלעפּט מיט זיך מיט אַ קייט פֿון גראָזן־שטריק מיט עטלעכע קלעטער־אָרכידייען, וואָס האַלטן זיך אַף זייַן שפּיץ. די ווונד, קענטיק, האָט אים זייער טיף דערגרייכט, נאָך טיפער ווי אין זייַן צעהאַקטן האַרצן, דעם געדיכטן און צעשמעקטן האַרץ, און געפאַלן איז ער אַ מאַיעסטעטישער, מיט אַ טרו־קענעם קנאַק, ווי ער וואָלט זיך געזעגנט מיט זייַן וואַלד־מישפּאָכע. אונ־טער אים ליגט פּרוטאָס ווי אַ צעקלאַפּטער זאַק מיט ביינער, אַ קופּע צע־ווייטיקט לייַב, מיט אַ מויל, וואָס קרעכצט קוים.

— אַ אַ אַ ה ! — הערט זיך אַ ווייַט און שוואַך קאָל. דאָס קאָל וואָס ערשט איז עס געווען דאָס קאָל פֿון סעלעדאָניאָ פּרוטאָס.

דער קאַפּאַטאַס דרייט זיך אום און ערשט דעמאָלט דערזעט ער אַרום זיך די אויפגעשווידערטע מענטשן. אַליין נאָך אַ דערשיטערטער, וויל ער באַהערשן די לאַגע :

— און איר . . . וואָס טוט איר דאָ, האַ ? אַ נו ! . . .

ער וויל מאַכן אַ שפּאַן פֿאָרויס. נאָר אויך ראַמאָן טוט אַ שפּאַן צו אים. די אַנדערע מענטשן שפּאַנען אים נאָך. זיי האָבן נאָך קיין איין וואָרט ניט אַרויסגערעדט, נאָר פֿעליסיאָ האָט אין זייערע אויגן דערזען אַזוינס, וואָס צווינגט אים בלויז צוריקטרעטן און זיך שיצן מיט זייַן רעוואָלווער. די באַטראַקעס שפּאַנען ווייַטער אַף אים.

— אַ אַ אַ אַ ה . . . — קרעכצט אַלץ שטילער דער גויסעס.

און זיי זייַנען איצט מיסטאָמע דאָרטן, מיט זייערע דערשראָקענע אויגן און אויערן, און דער געדאַנק זייערער טריפֿט שרעק פֿון דער פֿריש צוגעזוענער סצענע. אומדערטרעגלעך. ראַמאָנען דוכט זיך ער אַליין איז טויט און איז ניט באַלעבאָס איבער זייַן גוף, וואָס שפּאַנט אומגעבויגן פֿאָרויס צום קאַפּאַטאַס, ניט געקוקט אַף זייַן רעוואָלווער, וואָס צילט צו אים און דראָט אים.

פֿעליסיאָ זעט שוין, אַז ער קען דעם רעוואָלווער זייַן לעבן ניט אָנ־טרויען. וועלן זיי צוקומען צו נאָענט, קען ער איינעם פֿון זיי אָדער נאָך איינעם אַוועקהאַרגענען, נאָר די געבליבענע וועלן אים אַף שטיקער צע־רייַסן. ער דרייט זיך אויס צו זיי מיטן רוקן און נעמט שנעל לויפֿן. פֿון אָנהייב טרעפֿט ער קיין שטערונגען ניט אָן און לויפֿט איבער דעם האַלב־אייַנגעטראָטענעם וועג, דערנאָך לויפֿט ער אַריבער אַף אַ שטעגל אין דער אַנדער זייַט וואַלד. ער פֿילט די פֿענעמער פֿון די מענטשן אַף זייַן פּאָנעם, זייער וואַרעמען גיריקן אָטעם אַף זייַן נאַקן. פֿאַרלוירן האָט ער דעם קאָנ־טראָל איבער זיך און שנייַדט זיך אַרייַן אין אַ געדיכטעניש פֿון שטעכיקע

קלעטער־גראָזן, וואָס צערײַסן אים דאָס אַנטאָן און צעקראַצן אים דאָס פּאָנעם. שטראָמעלעך בלוט רינען אים פֿון די באַקן אין זײַן שוואַרצער באָרד אַרײַן. די אויגן זײַנען אים אַרויסגעשפּאַרט, דער האַלדז פֿאַרקלעמט און ער מאַכט זיך אַקשאָנעסדיק אַ וועג מיט די הענט, מיט דעם גאַנצן גוף, און וואַרט ניט, אַז זײַן רעכטע האַנט, וואָס האַלט אַ וואַלד־מעסער, זאָל איבערהאַקן די צווײַגן, די טשערעטן און די בלעטער פֿונעם גרינעם געפּענקעניש. אַ רעגע בלײַבט ער שטיין און אים דוכט זיך ווי ער הערט, דין און דײַטלעך, פּרוטאָסעס כאָרכלען:

— אַ אַ אַ אַ ה!...

ער איז שוין קימאַט פֿונעם זינען אַראָפּ און גייט אַזוי ווײַטער ביז אַ שטיין טרעפֿט אים און ער פֿאַלט מיט דעם פּאָנעם אַראָפּ. ער טרעפֿט אָן אַ ריטשקע וואַסער און טונקט אײַן דעם קאָפּ קעדיי ניט צו הערן דאָס בויערנדיקע קאָל. אָבער אויך דאָרט הערט ער דאָס קרעכצן פֿונעם צוגעדריקטן מענטשן. עס הייבט זיך אָן שטיל און גייט ביסלעכווײַז איבער אין אַ שטראָמיקן אומאויפֿהערלעכן דונער:

— אַ אַ אַ אַ ה!...

אַ טויט־שרעק באַפֿאַלט אים, ער פֿאַרשטעקט מיט די פֿויסטן די אויערן און קײַקלט זיך אַראָפּ איבערן רויטן ברעג, אַ נאַסער, אַ קויטיקער און אין הוילער ציטערניש, ביז די נאַכט טרעפֿט אים אַ באַרויִקטן, אַ דערשעפּטן, אַ פֿולשטענדיק אײַנגעשלאָפֿענעם.

# LIV

די מענטשן פֿרוּוון אַפֿילו ניט נאָכיאָגן דעם קאַפּאַטאַס. געבליבן זײַנען זיי שטיין אַרומגעשטעלט אַרום דער טראַגיש צוזאַמענגעמישטער מאַסע פֿון מענטש און געוויקס. דער וואַלדהעקער קרעכצט ניט מער.

— אָרעמער ברודער... — האָט ראַמאָן אַרויסגערעדט. נאָר די צונג איז אים צום גומען געקלעפּט און לאָזט אים ניט ריידן און ער שטייט און שווײַגט. שווער איז אים צו גלייבן, אַז אָט דער צעקוועטשטער מענטשנרעשט איז עס זײַן גוטער ברודער פּרוטאָס. בעיסן פֿאַלן איז אים פֿון אַ פּוס אַראָפּגעפֿאַלן אַן אַלפּאַרגאַט און איצט ווײַזט ער אַלעמען אַן אויסגעריבענעם לאָך אינעם לײַוונט. מאָדנע, דער אַלטער שוד דערמאָנט אים אָן זײַן פֿרײַנט מער איידער דער צעריבענער גוף, וואָס ער באַקוקט אים איין מאָל און אַ צווייטן מאָל און געפֿינט ניט אין אים קיין איין שטריך אַ היימישן. ערשט מיט אַ פּאָר מינוט פֿריִער האָט ער געהערט זײַן טריומף־

געשריי, דער ניצאכן־געשריי פונעם וואלדהעקער איבער דעם אײַנגעוואלגערטן בוים. איצט ליגט דער זיגער דא אליין א באזיגטער, אן אפגעבראכענער און אן ווארצלען. צווישן דעם ניצאכן און דעם אומקום שטייען די שמיץ, פעליסיאס קאלט אויסגערעכנטע שמיץ. ער טראגט צו די הענט צום פאנעם ווי ער אליין וואלט די שמיץ באקומען. און דאס פאנעם ברענט אים מיט אן עמעסן. און אויך דער רוקן און די ברוסט ברענען אים, גלײַך מען וואלט זײַן אייגן לײַב געשמיסן. פארשטאנען האט ער, אז קאלזמאן ער וועט זיך ניט האבן אפגערעכנט פאר פרוטאסן, וועט ער פילן אט די טיפע ברענעניש פון דעם אויפזועערס שמיץ.

דער ביינהאשמאשעם נידערט שנעל אראפ אף דעם רעדל מענטשן. זיי האבן זיך אוועקגעזעצט אונטער א בוים לעבן דעם טויטן. עמעצער האט צעלייגט א פײַער און א צווייטער איז אוועק נעמען א בלעד אף אנצוואַרעמען וואסער. די מאטע גייט אום פון האנט צו האנט. ניט צונויפגערעדטערהייט ווערט באשטימט וועגן דער טראגישער געשעעניש ניט צו ריידן. צוערשט דערציילט מען מײַסעס וועגן מענטשן פארוואנדלטע אין הינט און א מײַסע וועגן איינעם א זשערבא־רײַסער, וואס איז געשטארבן פון א מאדנער קרענק דערפאר וואס ער האט ניט געהאלטן דעם ניידער וואס ער האט געגעבן דער זשערבא־געטן. נאר ראמאן הערט זיך ניט צו. זײַנע געדאנקען דרייען זיך ארום דער געוועזענער געשטאלט פון דעם דערהארגעטן וואלדהעקער. ער קוקט אף די פונקען פונעם ברענענדיקן האלץ און פון די פונקען קומט פאר אים ארויס דאס קײַלעכדיקע, שטענדיק צעשמייכלטע פאנעם פון דעם בראזיליענער פרוטאס. ער זיצט באם פײַער, גלײַך מיט אלעמען, טרינקט די זעלביקע מאטע און זעט אויס ווי נאך איין צוהערער צו די מײַסעס פון דעם „גרינגא". נאר אין דער עמעסן גאלאפירט זײַן געדאנק אף צוריק, צוריק צו זײַן באגעגעניש מיט פרוטאסן. ער פילט ווי יענמעס גוט־ברודערשע האנט ציט אים אוועק און ער קען מער ניט הערן וואס מען דערציילט.

— דאס וועש פון די פעדערירטע
וואשט מען ניט מיט זייף,
מען וואשט עס מיט טוי פון ווײַסע רויזן
און מיט בלוט פון הארצן...

א פריילעכער בארײדעוודיקער בראזיליענער איז ער געווען. אין איינעם א טאג, נאך קיין פולע אנדערהאלבן כאדאשים ניט געווען ווי ראמאן האט געארבעט אינעם האפן אגירע, איז פרוטאס אנגעקומען מיט זײַן קלומעקל וועש אין דער האנט, אפן רוקן זײַן גיטארע און אינעם גורט

א גרױסער רעװאָלװער. געבראַכט האָט ער מיט זיך פאַנטאַסטישע גע־שיכטעס. אין בראַזיל איז רעװאָלוציע. ער האָט דאָרט ביטער געקעמפט, מאַזלדיק אָדער אַן מאַזל, ביז ער האָט זיך צוגעװױנט.

— דעם ערשטן מאָל װען איך האָב מיך דערזען אין דער שלאַכט, האָב איך כּיישעק געהאַט צו אַנטלױפן. נאָר כ׳האָב ניט געקענט, געװען בין איך אינמיטן די קױלן, װאָס האָבן געפּיפּט פון אַלע זײַטן... און אַז איך בין אַרױס מיטן לעבן, בין איך געװאָרן געװאַגט און איצט האָב איך שױן פאַר קײן זאַך קײן מורע ניט...

צו דעם האָט ער נאָך געבראַכט מיט זיך אַן איבעראַשנדיקע נײַס: װעגן דער סרײפּע אינעם האַפן אַזשיקאַ. די ידיעה האָט זיך שנעל פאַר־שפּרײט און האָט אױפגעהײַטערט די מענטשן, אַזױ אַז די קאַפּאַטאַסן האָבן זיך דערשראָקן און געגומען זוכן דעם „אַגיטאַטאָר״. נאָר אַזױ װי קײנער האָט פּרוטאָסן ניט אױסגעגעבן, האָט מען זיך ניט דערװוּסט. דאָך, קענ־טיק, האָט מען פאַרדעכטיקט דעם בראַזיליענער, װאָס זינגט אַ בראַזיליע־נישן קופּלעט מיט אַן אַנצוהערעניש, װאָס איז װי אַנגעמאָסטן פאַר די קאַפּאָס און מאַזשאָרדאָמען:

— דאָס װעש פון די רױב־פײגל
װאַשט מען ניט מיט זײף,
מען װאַשט עס מיט דער שאַרף פון שװערד
און מיט דעם פּולװער פון אַ ביקס...

דערצײלן פלעגט ער װעגן דער אַװאַנטורע זײער אָפט באַנאַכט װען די לעצטע פײַערן אינעם לאַגער האָבן זיך אױסגעלאָשן אָדער בעיִים אַ זעל־טענעם אָפּרו אינמיטן װאַלד. אָדער אױף דער שאַרף פון די לידלעך, װאָס ער פלעגט זינגען בײַ יעדער געלעגנהײט, װי ער װאָלט זײ פון די געדערים בײַ זײַן גיטאַרע אַרױסגעריסן. ראַמאָן פלעגט ניט מיד װערן אים הערן דערצײלן. און אױסהערן פלעגט ער זײ אַזױ, אַז געקענט װאָלט ער נאָכ־דעם שװערן, אַז ער אַלײן איז געװען צװישן די װאָס האָבן זיך גװיקעם געװען.

די רעװאָלוציע האָט אױסגעבראָכן אין סאַן פּאַולאָ און, װי אַ פײַער אין טרוקענעם װאַלד, האָט זי אַרומגעכאַפּט דאָס קאַװע־לאַנד. פּרוטאָס האָט דעמאָלט געאַרבעט אינעם זשערבאַ־זאַװאָד פון דער „מאַטע לאַראַנ־זשעיראַ געזעלשאַפט״ אין מאַטאָ גראָסאָ. אַנטלאָפן איז ער פון דאָרט מיט נאָך דרײַ כאַװײרים אַנצושליסן זיך פאַר װאָלונטירן. ער איז ניט גאָר באַקאַנט געװען מיט די צילן פון דער רעװאָלוציע, דערפאַר אָבער האָט ער גוט געװוּסט װאָס ער אַלײן װיל: זיך שלאָגן מיט די אונטער־

נעמער, מיט די „מינעיראָס" און „פּאַזענדעיראָס" און מיט דער מאַכט
וואָס שיצט זייער ווילקיר. אַזוי אַרום האָט ער זיך געשלאָגן אינאיינעם
מיט פּרעסטעסעס מיליטער אין מאַריאַ פּרעטאַ און אין קאָנטאַדוואַס.
נאָר געווען זײַנען זיי ווייניק און ניט גענוג גענערט. ווען זיי האָבן זיך
צוזאַמענגענומען בײַ די לעפּצונגען פֿונעם איגואַסו, זײַנען זיי געווען קוים
צוויי טויזנט מאַן אויסגעהונגערטע און אַרומגערינגלטע מיט צען טויזנט
רעגירונגס־זעלנער, זאַטע און גוט־באַוואָפֿנטע.

— מיר פֿלעגן גיין טעג גאַנצע, ניט אויסגעשלאָפֿענע, קעסיידער מיט
אונדזערע מעטראַליעס, גרינגע אַזעלכע, וואָס פֿלעגן צעשיסן די רעגירונגס־
זעלנער ווי די פּאָפּוגײַען... דורכגענעצטע פֿון רעגן, פֿאַרוואַקסענע און
מיט צעפּרעסענע פּענעמער...

געווען זײַנען זיי קימאַט אַרומגערינגלט, אין אַ פֿאַרצווייפֿלטער לאַגע.
די רעגירונגס־זעלנער, די פּאַרטיידיקער פֿון די „פּאַזענדעיראָס", האָבן זיי
שוין שיר ניט געהאַט אַרײַנגעפּאַקט. נאָר דער קאָמאַנדיר פּרעסטעס האָט
אַ שאַרפֿן קאָפּ און די זעלנער זײַנען אין אים אַזוי פֿאַרגליבט, אַז אונטער
זײַן קאָמאַנדע וואָלטן זיי זיך געשלאָגן אַקעגן הונדערט טויזנט און וואָלטן
זיך דערום צוריקגעצויגן ביזן האַפֿן מענדעז און ניט אויפֿגעגעבן די שלאַכט.
דאָס זײַן פּלאַן און איז ניט גרייט געווען זיך אונטערצוגעבן. מען האָט
אַפֿילע קעגן דעם געבייזער פֿון די גואַיִראַ־פֿאַלן געגאַנגען. ער האָט גע־
אין דער שלאַכט פֿאַר דער בריק איבערן טײַך סאַן פֿראַנסיסקאָ, לעבן
גואַיִראַ, האָט פּרוטאַסן געטראָפֿן אַ קויל. נאָר אין פּרעסטעסעס רייען
האָט אַ וווּנד קיינעם ניט באַפֿרײַט פֿון קאַמף. אַלע זײַנען נייטיק. ער איז
ניט מיד געוואָרן און איז ווײַטער געגאַנגען, האָט זיך באַטייליקט אין דער
שלאַכט פֿאַרן שאָסיי פֿון סאַן פֿראַנסיסקאָ קיין קאַסקאַוועל און אַרום דעם
האַפֿן אַרטאַסאַ. אַזוי אַרום זײַנען זיי צוגעקומען ביז אַזשיקאַ. דער באַלע־
באָס איז אַנטלאָפֿן ווי נאָר די רעוואָלוציאָנערן זײַנען צוגעקומען נאָענט
פֿון דאָרט. סאַנטאַ קרוס האָט אויך געוואָלט אַנטלויפֿן, נאָר אין וועג איז
ער געפֿאַלן מיט אַ מיִעסן טויט. אָפֿן וועג צום האַפֿן האָט אים אָנגעיאָגט
דער אַנטרײַבער פּיריס, וואָס זײַנס אַ מיידעלע פֿון נײַן יאָר האָט סאַנטאַ
קרוס פֿאַרגוואַלדיקט. ער האָט אים דערשטיקט און אַף אים אַרויפֿגעוואָרפֿן
זעק מיט זשערבאַ און דערנאָד אַריבער איבער אים מיט די וועגענער פֿול
באַזעצטע פֿון באַפֿרײַטע באַטראַקעס, און מיט די מויל־אייזלען. פֿאַר פּרעס־
טעסן אין די אויגן האָט מען צעריסן די שווינדלערישע ביכלעך, די בי־
כער, ווו דער „האַביט" מיט דעם „דעביט" פֿון די מענטשן האָט קיינמאָל
ניט דערלעבט זיך אויסצוגלײַכן, און די געניוווישע וואָג. דעם פֿאָלקס צאָרן
האָט צעבלאָזן די פֿונדאַמענטן פֿון די אונטערנעמונגען, האָט איבערגע־

קערט די פּאַרוואַלטונגען, האָט צעבראָכן די קייט מיט די קלעצער, מיט די אַנדערע פּייניקונגס־אינסטרומענטן. דערנאָך האָט מען אונטערגעצונדן די גרויסע גריבער מיט זשערבאַ. מעכטיקע און בייזע, האָבן די פלאַמען זיך געהייבן מיט אַ קנאַק, ווי אָפּצוּוואַשן די אַנגעזאַמלטע מוטוויליקייט. די צעבונטעוועטע מענטשן האָבן זיך גאָרניט געקענט גלייבן, אַז געקומען איז דאָך די שאָ פון גערעכטיקייט. „טאַקע נאָר ווי אַ מייסע".

דערנאָך איז פּרעסטעסעס קאַלאַנע צוגעקומען צום האַפן מענדעס. נאָר פּונקט דעמאָלט ווען די רעגירונגס־זעלנער האָבן געמיינט, אַז זיי האָבן זי שוין אַרומגערינגלט, האָט זי זיך דורכן שאַרף פון אַ נאָגל דורכ־געריסן קיין פּאַראַגוויי. נאָר פּרוטאַס האָט ווידער באַקומען אַ ווונד, דאָס מאָל אין דער פּולקע, און האָט זיי ניט געקענט נאָכהאַלטן. הינטערשטעליק און אין דער געפאַר אַריינצופאַלן צום סוינע, האָט ער זיך ערגעץ פאַר־שטעקט. ווי נאָר ער איז אַביסל צו זיך געקומען, איז ער אין אַ באַנאַכט אַריבער אַפן אַרגענטינישן ברעג, מיט זיין גיטאַרע און מיט זיין הומאָר אומבאַשעדיקטע. און נאָך מער בונטאַר:

—. . . דאָס וועש פון די פּעדערירטע<br>וואַשט מען ניט מיט זייף . . .

נאָר אומקערן וועט ער זיך. ער איז אַ מענטש פון דער קאַלאַנע. און פּרעסטעס האָט זיך געגרייט ווידער קיין בראַזיל; אַזוי האָט ער צוגעזאָגט און אַזוי וועט ער זיכער טאָן. פּרוטאַס האָט געוואַרט אַף דער גינסטיקער געלעגנהייט אַהיימצוקומען ווי אַ זעלנער אין קאַמף מיט די „מינעיראַס". צווישן אים און ראַמאָנען האָט זיך באַלד פאַרבונדן אַ טיפע פריינטשאַפט, אַן אויסגעקנאַטענע אין דער סרייפע פונעם האַפן אַזשיקאַ. און דער רע־וואָלוציאָנער האָט פאַרגעשלאָגן:

— קום מיט אונדז. וואָס מיר האָבן געטאָן אין אַרטאַסאַ, וועלן מיר טאָן אין גאַנץ בראַזיל . . .

דער פּלאַן פונעם קאָריענטעסער איז געווען אַן אַנדערער. געוואָלט האָט ער זיך אַראָפּלאָזן מיטן וואַסער צו דער געגנט פון די זשערבאַ־פּלאַנ־טאַציעס, זיך באַקענען מיט דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין און מיט דעם אָרגאַניזירטן קאַמף פון די מענסוס. נאָר צום סאָף האָט ער צוגעזאָגט זיין כּאַוועך אים צו באַגלייטן. איצט ליגט פּרוטאַס אַ צעקוועטשטער אַף דער ערד, אויסגעמישט מיט די רויטע גרודעס ליים, מיט די מערעשקעס און מיט די זעלטענע בלומען, וואָס האָבן אַזאַ שאַרפן רייעד, און וועט זיך שוין ניט אויפהייבן און וועט מער ניט גיין מיט די זייניקע אין פּרעס־טעסעס קאַלאַנע.

— און ראָורא? — רופט זיך אָן בערנאַבע. — ער דינגט איצט מענטשן קיין מאַטטע... ער זאָלצט דיר אָן דעם כעשבן אַז אַ שרעק. מעגסט זײַן פרוי טאַפּן דעם הינטן, אַרט אים ניט, נאָר באַלד שרײַבט ער דיר אַרײַן אינעם ביכל נאָך פינף פּעזעס...

מען רעדט פון קאָנטראַקטיסטן; פון פּאַריניאַ און פון כואַן טשעמעס, פון מיגעל אָראַ — וואָס אַף זײַן שיף, „לאַ עספּעראַנסאַ", האָט מען זיי אַזוי פיל מאָל געפירט ווי די בעהיימעס; פון ראַמאָן האַדאַד און פון ראָוראַ; פון אָמאַר, וואָס האָט אין דינסט בײַ באַרטהען אַ פאַרמעגן געמאַכט און איז געוואָרן באַלעבאָס פון די זשערבאַ־פּלאַנטאַציעס, וואָס ער האָלט אַפּן נאָמען פון זײַן קעפּטווײַב; און פון נאָך אַזעלכע, וואָס באַכאַדאַ וויעכאַ איז פול מיט זיי. די באַטראַקעס קענען זיי גאַנץ גוט, זייערע נעמען שטייען ווי די ווערסטן אַפּן וועג פון זייער אומגליק.

מאָריראַס אויגן פאַרלירן זיך אינעם פונקען־שפּריץ פונעם טרוקענעם האָלץ און ער לאָזט זיך פירן פון זײַנע מאַכשאָוועס. די פלאַמען ציִען זיך קאַפּריזנע אַרויף, טאַטויִרן אויס דאָס פאַרשפּיצטע פּאָנעם מיט די אַרויסגעשטאַרצטע ליפּן בײַ דאָ רעגאָ, פאַרשאָטענען דאָס פּאָנעם פון בערנאַבע און שטאַרבן אָפּ אַף די פאַרשוויצטע הענט פון דעם „גרינגאָ". דערנאָך שפּרינגען זיי אַפּן פּאָנעם צו ראַמאָנען און מאַכן דערויף אַ בלוי־ברוינעם פלעק. ער דערשפּירט אים. ס'איז דער שפּור פון פּעליסיאָס שמיץ אַף פּרוטאָסעס לײַב. ער כאַפּט זיך ווישן בײַז דאָס פּאָנעם. עס העלפּט ניט. ער שפּירט נאָך אַלץ דעם ברי...

דער באַגינען טרעפט זיי וואַכע און דערשעפּטע. די גאַנצע נאַכט האָבן זיי, וואַכנדיק איבער זייער כאַוועך, אויפגעדריבלט אומגליקלעכע געשיכטעס פון מענטשן. דער „גרינגאָ" האָט זיך צעוואַרעמט מיט דער געשיכטע וועגן זײַן גוטן ברודער לאָורעאַנאָ קאָראַלעס, וואָס איז שיר ניט געהאַט אַנטלאָפן פון דעם האַפן בריטאַניאַ. ער פילט נאָך טיף אין זיקאָרן אײַנגעשטאָכן דעם באַפעלנדיקן געשריי, וואָס דער פירער פון די כאַפּער פלעגט קעסיידער איבערכאַזערן אַף צו צעטומלען און אַנטמוטיקן די פּלייטים.

— עזשערעקאָ'־קע!...

און דאָך וואָלט קאָראַלעס זיך געוועזן געראַטעוועט ווען ער ווערט ניט צעטומלט. דערזען האָט ער אַ שאָטן אַף אים לויפן און האָט אים דעם קאָפּ געשפּאָלטן מיט זײַן וואַלד־מעסער, ווײַל ער האָט געמיינט ס'איז אַ כאַפּער. און געווען איז עס גאָר איינער פון די וואָס זײַנען אינאיינעם מיט אים געלאָפן. דער פאַרשאָלטענער געשריי האָט אים פונעם זינען אַראָפּגעפירט. דער פירער האָט גוט געקענט זײַן פּאַך. קאָראַלעס איז אַזוי

פֿאַרצװייפֿלט געװאָרן, אַז אים איז שוין ניט שװער געװען צו כאַפּן. קויל נאָך קויל האָבן ענגער געמאַכט דעם קרײַז, ביז זיי האָבן אים דערענדיקט. געבליבן איז ער ליגן אַן אויסגעצװיגענער מיטן פּנים אַרויף און מיט ברייט־צעעפֿנטע אויגן.

— אַ בראַװער יונג געװען! לעבעדיקערהייט װאָלט זיך קיינער אַקעגן אים ניט אַטװאַזשעט...

נאָר אַזוי װי געלעגן איז ער אַ טויטער, זײַנען זיי באַרימעריש צו אים צוגעקומען. באַגראָבן האָט מען אים טאַקע דאָרט אינעם װאַלד, קוים אַ פֿערטל אין דער ערד. נאָר דער פֿאַרװאַלטער האָט געװאָלט זען דעם מעס, „זיך אָנטאָן דאָס פֿאַרגעניגן", װי ער פֿלעגט זאָגן. מען האָט געמוזט מאַכן אַ נײַע רײַזע און ברענגען דעם האָרעג. געהאַלטן האָט מען אים דרײַ טעג אָפֿ אַן אויסשטעלונג, װי אַ בײַשפּיל און אַ שטראָף פֿאַר די מענסוס. דערנאָך האָט מען אים באַגראָבן אין אַ גרוב, װאָס דער פֿאַר־װאַלטער האָט געהאַט גרייט פֿאַר אים איידער מען איז אַװעק אים כאַפּן...

די פּרימאָרגן־קילקייט פּרישט אָפּ די הייסע שלייפֿן און הייבט אַרויף די אויסדעמפּונג פֿון די פּלאַנצן און גראָזן. פֿון דער טיפֿעניש פֿון ראָ־מאַנס זיקאָרן זינגט נאָך אַלץ פּראָטעסטעס קאָל דעם רעפֿריין פֿון מערידע אין זײַן זומזעדיקן קופּלעט:

— דאָס װעש פֿון די רויב־פֿייגל
װאַשט מען ניט מיט זייף...

ער װייס דאָס זייער גוט. נאָר בלוט קען אָפּװאַשן געװיסע פֿלעקן. בלוט און װײַטער גאָרניט.

# LV

„...און דעמאָלט האָב איך צונויפגענומען די כאַווײרים און אַלע אינאײנעם זײַנען מיר אַוועק צום באַלעבאָס פראָטעסטירן און אַרויסגעקומען איז אַ מאַמזער מיט גלאַנציקע שטיוול, וואָס האָט געדינט פאַר אַ מאַזשאָרדאָם און געווען איז ער באַוואָפנט און האָט אונדז אָפגעוואַרט ווי אַ קאַרפ אינעם קאַנאַל און איך האָב פראָטעסטירט פאַר די אַרבעטס־שאָען און האָב אים געזאָגט, אַז דאָס געזעץ איז אַנדערש, ווי עס זאָגט זיך אינעם ביכל פונעם אַרבעטס־דעפאַרטאַמענט, און אַפן שטעל איז ער אַרויס פון די קיילים און האָט אַ געשריי געטאָן אַף מיר: „דאָ רעגירט ניט דאָס ביכל נאָר מיר". און דעמאָלט האָב איך אים געזאָגט: איך אַרבעט ניט מער און איך גיי אַוועק פון דאַנען מיט די וואָס ווילן גיין מיט מיר; און איר זאָלט דאָס וויסן, און איצט יאָגט מיר נאָך, ווײַל איר זײַנט געוווינט צו האַרגענען; און איך האָב מיך פאַרנומען אַף אַ וועג צווישן די בערג וואָס..."

(פון די אַוואַנטורעס פון מײַן פרײַנט סעראַפיאָ באַריירא).

שוין שפעט אין פרימאָרגן, ווען די זון האָט שוין שטאַרק געוואַרעמט, קומט אַ צווייטער קאַפאָ מיט עטלעכע באַוואָפנטע מענטשן, פעליסיאָ האָט קענטיק באַוויזן צו וויסן צו געבן וואָס עס איז געשען. זיי האָבן זיך עפשער געריכט אָנצוטרעפן אַן אויפשטאַנד פון די וואַלד־העקער. עפשער האָבן זיי דאָס געווונטשן, קעדיי צו קענען אים בלוטיק אונטערדריקן. נאָר די מענסום האָבן צײַט געהאַט זיך צו באַרויִקן און האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי זײַנען דאָרט אײַנגעשלאָסן און אַז אומזיסט איז דאָרט יעדער ווידערשטאַנד. זיי באַקומען אַ באַפעל צוריקצוגיין צו דער אַרבעט און אָט אַזוי, אומגעשלאָפן און אומגענומען אַפילע אַ גאַליעט צום מויל, נעמען זיי די העק אין די הענט און גייען מילכאָמע האַלטן מיט די לאַפאַטשאָ־ביימער און גואַביראָבאָ־ביימער. לעבן יעדן איינעם פון זיי שטעלט מען אַוועק אַ קאַפאָ מיט אַ ווינטשעסטער. ערשט צו נאַכט צו באַווײַזן זיי צוריקצוגיין צו זייער קליינעם ראַנטשאָ — אַ געצעלט, מיט פאַלמען־בלעטער צוגעדעקט — וואָס זיי האָבן געהאַט אַוועקגעשטעלט אָנדערהאַלבן

קילאָמעטער ווײַטער און פֿלעגן דאָרט שלאָפֿן אויף געלעגערס פֿון טרוקענע צווײַגן. אין צוויי וואָכן אַרום וועלן זיי דעם ראַנטשאָ מוזן פֿאַרלאָזן און אַוועקשטעלן אַ צווייטן טיפֿער אינעם וואַלד. נײַע נאָמאַדן זײַנען זיי, פֿאָר־נערן קעגן זייער ווילן, וואָס פֿאַרניכטן די אומענדלעכע רײַכקייט פֿון די וועלדער און לאָזן דאָרט גאָרניט איבער. דאָס אָרעמע בײַדל איז זייער מעזשע, דער צייכן פֿון זייער פֿאַרניכטונגס־מאַרש איבער דער ווילדער ערד. אין אַ שיינעם טאָג וועלן זיי צוריקקומען, נאָר דעמאָלט וועלן די רעגנס און דער ווינט שוין האָבן צעפֿוילט די שטרוי און אײַנגעוואַלגערט די ניט טיף פֿאַרגראָבענע קלעצער און קיינער וועט זיי ניט געדענקען. ס'איז די ווילדעניש, וואָס קיין שום זאַך פֿאַרגעסט זי ניט. זי וועט לאַנג געדענקען די שרעקלעכע שראַמען, וואָס דער מענטש האָט איר פֿאַרשאַפֿט, די אָפּגעהאַקטע ביימער־אָרעמס, וואָס קיינער קען זיי שוין מיט קיין נײַע ניט פֿאַרבײַטן. אַזוי ביז דעם טאָג פֿון נעקאָמע.

ראַמאָן קען אויך די נאַכט ניט אײַנשלאָפֿן. עס לאָזט אים ניט רוען דאָס אָרט, ווו פּרוטאַס ליגט, די רעשטן, וואָס זײַנען פֿאַרבליבן פֿון פּרוד־טאָסן. אינדערפֿרי איז אים געלונגען פֿאַרבײַגיין פֿאַרבײַ יענעם פּעטעריבי. געזען האָט מען נאָך דאָרט דעם טונקעלן פֿלעק. אַ פֿאַרטרויענס־מענטש פֿון דער אונטערנעמונג האָט דאָרט געהאַלטן וואַך. ערשט אויפֿן צווייטן טאָג האָט מען באַפֿוילן אונטערהייבן דעם שטאַם. עפּעס אַ כאַיע האָט זיך געמוזט האָבן געאײַיסעקט מיט דעם האַרעג, וואָרעם געבליבן זײַנען קוים די ביינער און ווו ניט ווו אַ שטיק הויט מיט מוסקולן דאָ און דאָרט באַהעפֿטע. געמאַכט האָט מען אַ ברייטן גרוב און אין שום צערעמאָניעס מיט אַ לאָפּעטע אַרײַנגעשאַרט דעם וואַלד־העקערס רעשטן. ניט ראַמאָן און ניט די אַנדערע דערוועגן זיך, זיכערע באַשטראָפֿט צו ווערן, פֿאָדערן אַ קאַסטן פֿאַר דעם טויטן; עס פֿעלן ניט אינעם געוועלב קיין אָנגעשני־טענע ברעטער. גאַנצע סטויסן שטייען אויך באַם ברעג. איבערן פּאַראַנאַ און איגואַסו לאָזן זיך יעדע צוויי וואָכן אַרונטער מיטן וואַסער אַראָפּ מאַיעסטעטישע פֿליטן מיט טויזנט ביז דרײַ טויזנט שטיק בעליקעס און קלעצער פֿון עטלעכע טאָנען יעדערער. נאָר פֿאַר דעם קאָרבן, דעם מענסו, זײַנען קיין פֿיר פֿאַשעטע ברעטלעך ניטאָ פֿון צוויי מעטער די לענג און עטלעכע צענטימעטער די ברייט, פֿאַר אַ פּראָסטן קאַסטן, וואָס זאָל ניט דערלאָזן די פֿרעסערישע מערעשקעס זײַנע ביינער אָפּשיילן. פּרוטאַס האָט זײַן לעבן אָפּגעלעבט מיט ביימער אויסהאַקן. נאָר איצט וועלן בלויז די וואָרצלען פֿון די שוויַגנדיקע ריזן זײַן קיוווער היטן.

באַנאַכט קומט ראַמאָן ווידער צו צו דעם אָרט, ווו מען האָט פּרוד־טאָסן מעקאַבער געווען. ער שטעכט אַרײַן צוויי שטעקנס איבערגעקרייצטע

און אַנשטאָט דעם טראַדיציאָנעלן ציילעם־טוך, בינדט ער אויבן צו זײַן רויטן טיכל. דערנאָך שפּאַנט ער אַוועק צו זיך אינעם בײַדל און לייגט זיך אַוועק אַף זײַן געלעגער פֿון טרוקענע בלעטער און ערשט דעמאָלט שלאָפֿט ער אײַן.

# LVI

אָן אַ דערלויבעניש קומט ער צו דער פֿאַרוואַלטונג. ניטאָ מער פּרוטאָס, איז ניטאָ מער אַזוינס וואָס זאָל אים האַלטן אַפּן אייבערשטן פֿאַראַנאַ. ער וויל זיך צערעכענען און אָפּפֿאָרן מיט דער ערשטער שיף, וואָס גייט אַראָפּ וואַסער, צו די זשערבאַ־פּלאַנטאַציעס. וועט מען אים ניט געבן די דערלויבעניש, וועט ער אַלצאיינס אַוועקגיין. דאָס זײַנען עטלעכע קילאָמעטער שווערער וועג, נאָר אָט זעט ער שוין דעם דאַך פֿונעם פֿאַרוואַלטונגס־לאָקאַל. קעדיי צוצוקומען מוז ער גיין אַרום און אַרום דעם בערגל און פֿאַרבײַגיין דעם שאַלעט, וואָס האָט זיך אַרײַנגעשניטן מיט דער קינסטלעכער פֿריילעכקייט פֿון זײַן דאַך אין דעם ניט גלײַכן גרינס פֿון די פּלאַנצן. ער איז שוין נאָכן שאַלעט, ווען ער דערהערט מען סיסקעט צו אים באַפֿעלעריש ער זאָל זיך אָפּשטעלן. ער דרייט זיך אום און שפּאַנט צו צום געלענדער פֿונעם שאַלעט. דער בלאָנדער מענטש מיט זײַנע טראַגיש־גרויסע אויערן רופֿט אים אַליין מיט זײַן קלאָציקן אויסלענדישן אַקצענט. זײַן שווערער גוף האַלט זיך קוים אַף די פֿיס און ער מוז זיך אָנשפּאַרן אָן דעם טשערעטענעם שטול. אין דער רעכטער האַנט האַלט ער אַ רעוואָלווער, וואָס שטעקט בײַ אים אָפּט מיטן רער צום הימל, נאָר איצט צילט ער גלײַך אַף אַ דערשראָקענער גרופּע מענטשן צו דער וואַנט צוגעשטעלטע. דרײַ אָדער פֿיר מענער זײַנען עס און צוויי ווײַבער. נאָך איינער ליגט אַף דער ערד, שיקער אָדער פֿאַרוווּנדעט.

— אַרויפֿגיי דר...שער באַטראַק... ווילדער כאַיע...

אונטערן צודרינגלעכן באַפֿעל פֿון דעם אָנגעשטעלטן רער, טוט ראַמאָן וואָס מען הייסט אים. עס פֿאַלט אים אײַן, אַז דאָס מוז זײַן דער הער האַאַג, וואָס מען דערציילט זיך פֿון אים אַן אַלערליי מײַסעס אינעם זאַוואָד. אין דעם אויגנבליק דרייט זיך אויס דער אויסלענדער מיטן פּאָנעם צום ערשטן וואָס איז צו דער וואַנט צוגעשטעלט:

— נו, טרינק, גיכער...

— אָבער... סעניאָר האַאַג...

— וואָס מיר סעניאָר! דו טרינק אָדער...

דער רער זוכט כּוצפּעדיק דעם מענטשנס ברוסט, וואָס טראָגט צו די פּלאַש וויסקי צום מויל מיטן פּיסקל אַראָפּ. ער וויל זי אָוועקנעמען פֿונעם מויל, נאָר יענער האַלט דעם רער אָנגעשטעלט, און דער מענטש מוז ווײַטער טרינקען.

(דאָרט אינעם ווײַטן דײַטשלאַנד, איז יעדע זאַך פּינקטלעך, ריין און פּערפֿעקט. דאָ, ווידער, אין אַמעריקע, איז אַלצדינג גרויס, גראָב און שמוציק. די מענטשן, די נאַטור און אַלץ מיט אַן אַנדער. דער הער האַאַג זיפֿצט נאָר און טוט וואָס נאָר מעגלעך צו דערטרינקען זײַנע לײַדן אין וויסקי פֿון בעסטן סאָרט. דאָרט, אינעם בלאָנדן און פּינקטלעכן לאַנד ציִען זיך די נאַכלעס שיין און אָפּגעהיט ווי אַף אַן עקזאַקט צעווירעטן שאַך־ברעטל. נאָר דאָ איז באַלעבאָס די ווײַטע שטרעקע, דאָס רויע, דאָס ווילדע. ער האָט, פֿאַרשטייט זיך, אַ ברייִרע: נעמען און אַוועקגיין. נאָר די פֿירמע צאָלט דעם הער האַאַג צען טויזנט פּעזעס יערלעך, אַכוץ די רעוואָכים וואָס ער האָט אַלס שוטעף, קעדיי ער זאָל ברענגען דעם קאָרבן און פֿאַרבלײַבן דאָ אַף דעם אייבערשטן פּאַראַנאַ, דעם נאַרישן און פֿאַרוואָרפֿענעם עק, ווי דער גענעם. זיצט ער דאָ, דער הער האַאַג, און נעמט דערפֿאַר פֿינצטערע נעקאָמע פֿאַר זײַן גורל. עס האָט זיך אַזוי אַרום געשאַפֿן אַרום אים אַ לעגענדע, וואָס שווידערט אויף די פֿאַרהאַרטעוועטע „פּיאָנערן" פֿונעם אייבערשטן פּאַראַנאַ).

— טרינק!

— באַלעבאָס!

— טרינק, קאַראַכאָ!...

(דעם הער האַאַג גייט ניט אָן דער זאַוואָד. פֿאַראַן איז דאָרט אַ געניטער פֿאַרשויין, איזמאַעל לאָבאַטאָ. די אַרבעטער קומען צו גיין, אַרבעטן אָפּ און גייען אַהיים. טרעפֿט איינער ווערט אַף אַ געהיימען אויפֿן פֿאַרשווּנדן, געפֿינט מען זײַנע ביינער ערגעץ פֿאַרוואָרפֿן אינעם וואַלד. נאָר דאָס זײַנען לאָבאַטאָס אַסאָקים. דער הער האַאַג ווייס נאָר איין זאַך, שיקערן און בענקען נאָך זײַן געליבטן דײַטשלאַנד, אינעם שאַלעט מיט דעם רויטן דאַך און מיט די צוויי ווײַס־קאַכלנע באָד־צימערן. פֿון זײַנע שפּיציקע פֿענצטער קען מען זען דאָס גרין־לויכטנדיקע וואַסער פֿונעם טײַך איגואַסו. נאָר וואָכן גייען אַוועק און ער גיט אַפֿילע ניט אַ קוק דערויף. ער מוז פֿאַרגעסן אַלץ וואָס רינגלט אים דאָ אַרום, אַנטלויפֿן פֿון דער שטיקנדיקער ווילדעניש, וואָס הייבט זיך מיט איר טראָפּישן אַראָמאַט, מיט אירע כאַאָטישע געוויקסן ביז דעם רויטן דאַך און רײַסט זיך אַרײַן אין די באָד־צימערן מיט די ווײַסע דאַכלקעס).

די פּלאַש איז שוין קימאַט ליידיק. און מיטאַמאָל גיבן זיך באַ דעם

מענטשן אַ דריי איבער די שוואַרצאַפּלען אין די אויגנלעכער און ער פּאַלט אום ווי פון אַ בליץ געטראָפן. דער הער האַאַג צעלאַכט זיך מיט ביטל:

— עט! שלאַבעריקע קרעאַלן, אַט דאָס זײַנען זיי...

אָנגעשטעלט האָט דער הער האַאַג זײַן בליק אױף ראַמאַנען און לאַכט באַצײַטנס פון זײַן נײַעם פאַרגעניגן.

— אַ נו, איצטער דו... באַוויַז!

דער מענטשן רירט זיך ניט. פון אונטער די האַלב־פאַרצויגענע ווִיעס קוקט ער שטײַף אַפּן באַלעבאָס.

(אינעם „בונגאַלאָו" זײַנען אָנגעזאַמלט אַן אַ שיר רעזערוון פון דעם בעסטן שאַמפּאַניער און פון אַלערליי אויסלענדישע דעליקאַטעסן. דערצו דעם הער האַאַגס „ספּלין" און זײַן בענקשאַפט. קעדיי דאָס אַלץ אויסצו־ברענגען, פאַררופט ער געוויינלעך די אונטערנעמער און די פאַרוואַלטער פון די שכיינעסדיקע געהילץ־זאַוואָדן און זשערבאַ־וועלדער. די ווענט פון זייערע אינגאַנצן נאַקעטע מיט אַ בײַטש אַרײַנגעטריבן אין וואַלד און זיי דעם שאַלעט זײַנען דעמאָלט אײדעס פון אומענדלעכע אָרגיעס מיט בלאָנ־דע פראַנצויזקעס און הויפּטשטאָטישע באַטאַקלאַן־מיידלעך, וואָס מיהאַנאַ־וויטשעס אַ ספּעציעל־געדונגענע שיף ברענגט זיי פאַר דעם הער האַאַג און זײַנע גוטע ברידער. נאָר דער הער האַאַג קען ניט געניסן דאָס בלאָנדע אָדער ברונעטע טײַער־קאָסטנדיקע לײַב, וואָס קומט פון די ווײַטע שטעט. ער צערודערט דערום זײַן דערשעפּטע סענסיביליטעט מיט מעשונעדיקע אײַנפאַלן. איינמאָל האָט ער געצוווּנגען זײַנעם אַ דינערל פון אַ יאָר צוועלף ער זאָל פאַר זײַנע אויגן באַמאַנען איינע פון די געלערנטסטע און טײַערסטע נעקייוועס, וואָס זײַנען צו אים אָנגעקומען פון בוענאָס־אײַרעס. נאָר דער גליקלעכסטער אויפטו זײַנער איז געווען דעמאָלט ווען ער האָט עטלעכע געצוווּנגען לויפן און ער האָט האַנאַע געהאַט דערפון וואָס די אַלערליי פליגעלעך און שטעכלקעס האָבן געביסן און געריסן דאָס פּערפומירטע לײַב פון די פרויען אױף אויסהאַלט).

— האָסט געהערט, בעהיימע? נעם אָט די צווייטע פלאַש, שנעל!

ראַמאַן בלײַבט שטיין אַ רויִקער, רויִק, כאָטש דאָס בלוט אין אים שטראָמט אַזוי שנעל, אַז אים דוכט זיך אָט שפּאַרט עס אַרויס און צע־גיסט זיך און פאַרפלייצט דעם שאַלעט, די מענטשן, שטראָמט אַראָפּ אי־בערן בערגל און גיסט זיך אַרײַן אינעם איגואַסו, וואָס זעט זיך דאָרטן, הינטער די פיס פון דעם הער האַאַג, מיט זײַן וווּנדערלעך רויִקן גרינעם שפּיגל.

(און דאָך ציִען זיך די טעג אַזוי לאַנג אין דעם פאַרוואָרפענעם שטיק וועלט פון דעם זאַוואָד. אין דרויסן, אין וואַלד פאַלן צעדערן און מענטשן

פאַלן אונטער דער בײַטש פונעם קאַפּאַ און פון זײַנער אַן אומגעריכטער קויל. עס פאַלט נאָר ניט דער „ספּלין" פון דעם הער האַאַג און זײַן בענק־שאַפט נאָך דעם אומבאַפלעקטן ווײַטן פאַטערלאַנד).

— אַך? פּראַוועסט העלדישקייט, ווי? וועסט באַלד זען!

דעם דײַטשס שמייכל איז אַ געפּערלעכער. גרויל־שטרעמעלעד פאַר־שאַטענען זײַן בליק און ער הייבט אויף דאָס געווער געצילט צו ראַמאָנען. דער פינגער ציט זיך אומגעשיקט צום צינגל. נאָר מיטאַמאָל גיט דער הער האַאַג אַ האַסטיקן טראַט אַף צוריק און לאָזט אַרויס פון דער האַנט דעם רעוואָלווער, וואָס האָט, שוין אַף דער ערד ליגנדיק, אויסגעשאָסן מיט אַ ווײַסלעכן רויכל. דער הער האַאַג נעמט עפּעס שרײַען אין אַן אומפאַרשטענדלעכן לאָשן און עס רינט אים פון דער נאָז און פון די אויגן. נאָכן פאַטש וואָס ראַמאָן האָט אים דערלאַנגט, בלײַבט ראַמאָן ווי־דער שטיין אַ רויקער. דערזען האָט ער איזמאַעל לאָבאַטאָ קוקן אַף אים מיט זײַן קאַלטן און זיך פאַרגלייבטן בליק. דער פאַרוואַלטער גיט אַ באַ־פעל:

— הונדערט שמיץ און צוריק אַוועקפירן אין לאַגער...

מער ווי אַלץ טוט ווײי ראַמאָנען דאָס וואָס געהאַלפן האָבן אים בינדן די זעלביקע וואָס ערשט האָבן זיי זיך געהאַט געטראָנקען אינעם וויסקי אונטער דער דראָונג פון דעם הער האַאַגס רעוואָלווער.

# LVII

געוועזן איז ער אַ גראַדער מענטש. ער האָט פּעליסיאַן געוואָרנט: „זע, שלאָג מיך ניט, וואָרעם, טאָמער שלאָגסטו מיך..." יענער האָט זיך פון אים אויסגעלאַכט. דערנאָך האָט ער אים ווידער געגומען וואָרענען: „הער אויס, איך בין ניט דער וואָס מיך זאָל מען שלאָגן, לאָז מיך אָפּ". דער קאַפּאַטאַס איז אַרײַן אין קאַס און האָט אים גלײַך די ערשטע פופציק שמיץ געגעבן. אַכט שאָ נאָכאַנאַנד איז ער געשטאַנען צוגעבונדן צו אַ בוים, דער רוקן צעבלוטיקט און דאָס מויל טרוקן. און דערצו, געוואַרט די קאַפּאַס זאָלן אים ווידער נעמען שמײַסן. באַקוועמער האָט ער זיך דער־פילט ערשט ווען עס איז נאָכט געוואָרן. פּאַמעלעך, מיט אַלע זײַנע קוי־כעס, מיט דער הילף פון זײַנע מעכטיקע מוסקלען, האָט ער די שטריק צעגומען, טיילמאָל מיט די ציין איבערגעביסן, ביז ער האָט זיך פרײַ־געמאַכט. נאָר געמוזט האָט ער לאַנג ליגן בלײַבן אַף דער ערד, וואָרעם פונעם לאַנגן שטיין, האָבן אים די פיס ניט געדינט, און די הענט און

דער רוקן זײַנען געווען אַ שטיק צעהאַקטע, צעשפּאַלטענע מאַסע. פּופּציק מעטער ווײַטער איז געשטאַנען אַ וועכטער, נאָר געווען איז ער אײַנגעשלאָפֿן. דאָס איבעריקע איז שוין געווען ניט אַזוי שווער. צוקריכן צו פֿעליסיאָס ראַנטשאָ און אים דערשטעכן מיט זײַן אייגענעם מעסער האָט קיין סאַך צײַט ניט געדויערט. באַדאַרפֿט האָט ער זיך בלויז דערמאָנען אָן פּרוטאָסן, אַז די האַנט זאָל אים ניט אַ ציטער טאָן. דערנאָך, דאָס לויפֿן. די אויסגעבענקטע דראַמע פֿון לויפֿן, וואָס ער איז שוין געווינט געווען צו קוקן אויף איר ווי אויף אַן אומפֿאַרמײַדלעך הײמיש געוואָרענער זאַך. אויסגעמיטן האָט ער די שאַרפֿע וואַך פֿון די הינט און דער וועג צו דער רעטונג איבערן וואַסער איז פֿאַר אים פֿרײַ געווען. געווען איז נאָך נאַכט ווען ער האָט דורך די וואַלד־שפּאַלטן דערבליקט דעם האַרטן גלאַנץ פֿונעם וואַסער. און דערזען האָט ער זיך אויסער געפֿאַר. וואָרעם ניט געוווּסט האָט ער, אַז ערשט איצט הייבט זיך אָן די דראַמע.

# אין גאַלאָפּ אַפּן טײַך

# 1

באַם אַרויסקומען פונעם װאַלד, לעבן טײַך, האָט ער אָנגעטראָפן אַ געדיכטן טשערעט. די הויכע טשערעט־רערן זײַנען געשטאַנען שטילע און אײַנגעבויגענע ווי אַף באַנאַכט אײַנגעשלאָפענע כאַיעס, ווי אויערן צו דער ערד צוגעבויגענע אײַנצוהערן זיך צום שאָרכען פון ראַמאָנס טריט. די טונקעלע פאַטלע פון די טשערעטן, צום הימל צו אַ צוגעשוירענע, האָט זיך אים אויסגעוויזן נאָך טונקעלער. זײַן האַנט, אַזאַ שוואַרצע אַז ער האָט זי ניט דערקענט, האָט גענומען שנעל פאָכען מיט דעם מאַטשעט און באַ יעדן קלאַפּ האָט זיך אַ שטערן צעפינקלט און ווען דער שטערן איז פאַרשוווּנדן איז עס מאַכמעס אַ טשערעט־רער איז געפאַלן אַן אונטערגעהאַקטער און געהערט האָט מען דערבײַ זײַן קרעכץ, זײַן אויסגעהוילטן געיאָמער.

ער האָט שוין אַזעלכע דרײַסיק טשערעטן. ער נעמט זיי אַף די הענט און טראָגט זיי צו צום ברעג. ער קערט זיך אום צו די קוסטעס ווילדגראָז אויפזוכן דיקע און שטאַרקע גראָז־שטריק און ווען ער איז ווידער באַם ברעג, בינדט ער אויס די טשערעטן צו דרײַ אין אַ גאַרב און דערנאָך בינדט ער זיי צונויף איין גאַרב מיט דעם צווייטן. ער קערט זיך אום אַ דריטן מאָל צום ווילדגראָז און שנײַדט אָפּ אַ לאַנגן טשערעט־רער, עטלעכע מאָל העכער פון זיך. אונטן, באַ זײַנע פיס, ציטערט דער פאַרנעפּלטער טײַך־שפּיגל. ער אַרבעט ניט געאײַלט און אָן אָפּשטעל. ער האָט באַ זיך אָפּגעמאַכט צו פאַרגעסן וואָס ער האָט איבערגעלאָזט הינטער זיך און וואָס עס דאַרף אים באַלד אָקעגנקומען. גענוג איז אים דער איצט, דער באַנגלעכער, מוטנער און צערודערטער איצט.

ער טוט זיך אויס דאָס העמדל און די הויזן און בלײַבט אין די גאַטקעס. פונעם אָנטאָן מאַכט ער אַ קלומעקל און בינדט עס צו צום טשערעטענעם פליט. דערנאָך שלעפּט ער צו דעם פליט צום וואַסער, גיט

אים אַ שטויס אָפּ און כאַפּט זיך אָן אים באַצײַטנס אָרויף. ער בלײַבט אַ ווײַל שטיין מיט די פיס אָן די טשערעטן, ווי אַ דיל אויסגעלייגטע אָפּן רויִקן טײַך, און אַ געשפּאַנטער, הערט ער זיך אײַן צו די קליינע געררדערס פונעם טײַך און פון דער ווילדעניש. אַלץ איז אַזוי רויִק, אַז קיין פויגל גיט זיך ניט קיין ריר. אין דער זײַט פון דער לעפּצונג מערקט ער אַ זייער שוואַכע שײַן אויפקומען און טראַכט זיך, אַז ער טאָר קיין אײַן שפּיץ פונעם טשערעט ניט פאַרלירן. מיט אַ פאַמעלעכדיקן ראַזמאַך שטעכט ער אײַן דעם שפּיץ פונעם לאַנגן רער אינעם זאַמד. דער פּליט דערפילט דעם שטויס און רוקט זיך אָפּ שנעל און גרינג פונעם ברעג. ער הייבט ווידער אויף דעם רער, שטעכט אים אײַן אַביסל ווײַטער און אַזוי אַ דריטן מאָל. אַן אויסגעלײדיקטער פון יעדן געדאַנק, אַן אָפּגעפרישטער מיט דער באַנאַכטיקער קילקייט, וואָס באַוועגט קוים דעם לײַוונט פון זײַנע גאַטקעס, גיט ער זיך איבער דער גרענעצלאָזער רו פון נאַכט און פון וואַסער, אַ גליקזעליקער און אַ גרינגער, גרינג ווי די טשערעטן, וואָס גליטשן זיך איבער דעם גלאַטן בויך פונעם טײַך, בעת פון ביידע זײַטן ליגט די ווילדעניש אויסגעצויגן, ווי אַ ריזיקער פּומאַ, אַ כמורנע און אַ פינצטערע, אַן אומבאַוועגטע, גלײַך ווי זי וואָלט אַזוי געלעגן יאָרהונדערטער לאַנג, און ער, אינמיטן דעם וואַסער, אַן אָפּשוױמענדיקער, מיט זײַן שוואַרצער געשטאַלט וואָס טיילט זיך אויס אָן דער שוין גרוי־געוואָרענער הימלבלייכקייט — אַ פאַרעוודערלעכע בלייכקייט, וואָס זאָגט אָן אָן באַגינען — און אָן דעם שטײַפן געוועקסטן וואַסער־איבערפלאַך. ער פילט זיך גליקלעך און גרינג, דער מענטש, אין זײַן סטיכיִע, ווי אַ פאַרלאָזן קינד, וואָס פּאָליושקעט זיך אינעם ליבן וואַסער.

געשען איז עס פּלוצים. ווי אַ ריז וואָס איז אויסבאַהאַלטן אָפּן דעק פונעם טײַך וואָלט אין זײַנע הענט גענומען דעם שוואַכן פּליט און אים מיט זיך אַוועקגעשלעפּט אין די אומבאַקאַנטע טיפענישן. צוערשט האָט דער מענטש דערהערט אַ הילכיקן פּאַטש און באַלד דערויף, נאָך אָן די פיס שטייענדיק, האָט ער דערזען אַ קראַכיקן לאָך זיך צעעפענען סאַמע לעבן די טשערעטן, וואָס האָבן אַזאַ סקרוכע געטאָן ווי הונדערט מאַטשעטן מיטאַמאָל וואָלטן זיי אָן צווייען איבערגעהאַקט און זיי זינקען אין וואַסער אינאיינעם מיט אים, מיט ראַמאָנען. דעמאָלט איז ער אומגעפאַלן אַן אַוועקגעשלײַדערטער פונעם פּליט און אינעם זעלבן אויגנבליק האָט ער באַקומען אַ שווערן זעץ, ווי אַ האַמער וואָלט אים געטראָפן פונקט אינמיטן דעם נאַקן און באַלד דערויף האָבן פונקט אַזאַ זעץ דערפילט זײַנע היפּטן און אַ מעכטיקער נוסקנאַקער האָט אים די ריפּן אַרומגעכאַפּט און ער האָט מיט אַנגסט דאָס מויל צעעפנט. נאָר דאָס האָט אים גאָרניט

גזעהאָלפן, וואָרעם קיין לופט איז אים אינעם מויל ניט אַרײַן אָדער די לונגען זײַנען שוין באַ אים געווען אָף פיצלעך צעריבן. מאַכמעס דאָס אָרט איז אים אומבאַקאַנט געווען, האָט ער פונקט אָנגעטראָפן אָפן וואַסער־דורכגאַנג סאַן־אַנטאָניאָ, דער שרעק פון די גאַניטע וועגווײַזער און די פאַסטקע פאַר יעדן שווימער. איידער דער פליט איז צוגעקומען צום קאַנאַל צווישן די שטיינערדיקע פלאַכקייטן, איז ער אַרײַן אינעם טראַגיש־באַרימטן קעסל־גרוב, ווו דאָס וואַסער זידט און דרייט זיך אין אַ גע־ווירבל.

נאָך איצט באַנעמט ער ניט וואָס מיט אים איז געשען, וואָרעם פון די קלעפ שווינדלט אים אין קאָפּ און נאָר אין אַ רעגע ווען ער איז באַם קלאָרן געדאַנק, באַוויַיזט ער ווידער זיך אָנצוכאַפּן באַם פליט. איצט דרייען זיי זיך ביידע, מענטש און פליט אַרומגענומען, ווי אַ צעיאָגטער דריידל אינעם צעזאָטענעם וואַסער, וואָס וויל דוכט זיך נעקאָמע נעמען פון זיי פאַר אַלע ביז איצט אָנגעקליבענע ביזיונעס. און נאָך איז דער מענטש ניט אַרויס פון זײַן ערשטער צעטומלטקייט, ווי אַ נײַער שטויס וואַרפט אים אַרײַן אין ווײַטע ניט געשטויגענע וועלטן. ביז גאָר דינע שאָטנס הייבן זיך אין די טעמפּע ווינקעלעך פון זײַן זיקאָרן און ברענגען אים צו טראָגן פאַרבלייכטע בילדער פון די קינדער־יאָרן און שוואַך־דורכ־געלעבטע פּאַסירונגען, און ער לאָזט זיך טראָגן פונעם וואַסער ביז ער איז שוין נאָר מיט זײַן גוף דאָ, נאָר מיט זײַן ברוין־הויטיקן און געשמי־סענעם לײַב, וואָס זעט אויס ווי אַ לונג־און־לעבער אַ צוגעפּלעטשטער צו די אײַנגעבראָכענע טשערעטן, ווי אַ ליאַלקע וואָס דאָס בייזע וואַסער שפּילט זיך מיט איר און אָט הייבט עס זי אַרויף העט הויך אָפן סאַמע שפּיץ און אָט פּאַטשט עס זי אַראָפּ מיט אַ ריזן־האַנט; פון דעם וואַסער וואָס ברויזט מיט אַזאַ געפילדער גלײַך אַלע כאַיעס פונעם וואַלד וואָלטן אַלע מיטאַמאָל גענומען וואָיען און שרײַען און יאָמערן און שווערע דיקע ביימער וואָלטן זיך צונויפגערעדטערהייט־אײַנגעבראָכן מיט דעם פאַרצײַ־טיקן געקראַך פון צעשפּאָלטענע בערג; פון דעם וואַסער וואָס פאַרווײַלט זיך, דוכט זיך, ווילדערהייט מיט זײַן געזאָט און געליאַרעם און מיט זײַן אומאויפהערלעכן געדריי, וואָס נעמט אָן די געשטאַלט פון אַ ליקע און סטראַשעט מיט צאָרן אין איר קלעם אַרײַנצוציִען די ערד און די וועלדער און די מענטשלעכע יִישוּוים און זיי מאַכן צו אַש, נאָך דעם גאַנצן צאָרן לאָזט עס אויס צו דער עלנטער ליאַלקע, צו דעם אָרעמען בינטל ביינער מיט הויט און בלוט, וואָס האָט באַוויזן מיט די הענט זיך אָנצוקלאַמערן אָנעם עק פליט, וואָס דרייט זיך אָן אויפהער אַ געיאָגטער אין דעם גע־ווירבל.

## די צווייטע דעראָבערונג

די ווילדעניש פּראָטעסטירט און צערנט, נאָר קיינער וויל זי ניט הערן. זי לייגט זיך דערום מיד אַוועק אָן אַ זײַט, ווי צום שטאַרבן. די אַמאָליקע געדיכטע אור-וועלדער זשערבאַ ווערן אַלץ זעלטענער, זיי פֿאַרשווינדן. דאָס ניט ראַציאָנעלע שנײַדן, די סרייפֿעס, די זשעדנעקייט פֿון אומוויסנדיקע לאַפֿעס, ליקווידירן זיי זייער שנעל. גרויסע געדיכטע וועלדער פֿאַלן ווי פֿון אַ בליץ געטראָפֿן פֿאַרן טראָט פֿון די גרויסע זשערבאַ-אונטערנעמער, אין קאַמפּאָגראַנדע, אין סאַן-פּעדראָ און אין דער אַלטער סאַנטאַ-אַנאַ, אין פּאַלמאַס-נאָוואַס און קאַמפּיניאַס דע אַמעריקאַ, אין פּיראַי און אין סאַן-כאַוויער. איינער נאָכן צווייטן, ברוטאַל באַפֿאַלענע, לייגן זיך די נאַטירלעכע זשערבאַ-וועלדער אַוועק שטאַרבן. אַף זייער אָרט קומען ספּאָנטאַן אויף מאָגערע סקעלעטן-וועלדלעך, אַ קאַריקאַטור פֿון דער ווילדעניש. די רעגירונגען כאַפּן זיך שוין אָפּטרייסלען פֿון זיך דעם שלאָף. עס באַווײַזן זיך אַ פּאָר פּוילע רעזאָלוציעס: די געגנטן מיט זשערבאַ-וועלדער ווערן דערקלערט פֿאַר „רעזערווירטע". נאָר די פּרעכטיקע „מינעס" זײַנען אַף אייביק פֿאַרשווּנדן אין קימאַט גאַנץ מיסיאָנעס. פֿון זייער טראָט זײַנען ווי אַן אָנדענק פֿאַרבליבן עטלעכע ביימער אָפּגעזונדערטע, ביז גאָר הויכע און שלאַנקע, ווי זייערע ברידער, וואָס די טוריסטן קוקן אַף זיי אין באַראַקאָן און אין קאַמפּאָ ערע' מיט אַן אָפֿן מויל. בלויז אין צאָפֿן פֿון דער טעריטאָריע, אין די ווײַטע פֿאַראַגווײַער געגנטן און אין טייל נאָך האַלבווילדע געגנטן פֿון בראַזיל, האַלט זיך נאָך דער גרינער ווונדער. און אין זייער שאָטן פֿאַרגיסן נאָך אַלץ זייער שוויים און צעשיטן זייערע דרײַ-שפּראַכיקע קלאָלעס די טונקל-הויטיקע מענטשן, נאָכאַנאַנד אײַנגעשפּאַנטע אין דער ריזיקער זשאָרנע.

און אין דער זעלביקער צײַט, קומט אויף גאַנץ פּאַמעלעך, אַזוי אומדרײַסט ווי עס צעעפֿנט זיך די פֿאַרזייטע ערד פֿאַר דעם ערשטן

פֿרילינג-שפּראָץ, דעם בלייך-גרינעם און געלן טאַפּט, צוערשט פֿאַ-
מעלעך און גרייט, דערנאָך אַלץ פֿעסטער און פֿעסטער איר כוצפּע-
דיקע העגעמאָניע, אַף נייַע באַזעס, די אינדוסטריע פֿון די זשערבאַ-
פּלאַנטאַציעס. סאַן-איגנאַסיאָ און קאָרפּוס, קאָנסעפּסיאָן, באָמפּלאַנד,
דער פֿריש-אויפֿגעקומענער אָבעראַ', ווערן באַדעקט מיט שורעס און
וויַיטער שורעס אָפּגעהיטע קוסטן. מאָדערנע אונטערנעמונגען, הינ-
טער וועלכע עס שטייען שטאַרקע אַקציען-האַלטער, באַהערשן גרוי-
סע שטרעקעס לאַנד מיט דער הילף פֿון באַאַמטע, וואָס לאָזן זיך
קויפֿן, זיי צו באַפּלאַנצן מיט דער באַגערטער „אילעקס פּאַראַגוויַיענ-
סיס". צוואַנציק מעכטיקע לאַטיפֿונדיסטן ווערן די באַלעבאַטים פֿו-
נעם מיסיאָנערישן אייבערשטן פּאַראַנאַ: מאַרטין, ראָקאַ, בעמבערג,
נוניעס, „לאַ פּלאַנטאַדאָראַ", העררעראַ וועגאַס... די ערשטע אַנט-
דעקער, די „פּיאָנערן", ווערן גענומען אַף געהאַלט, ווי פֿאַרוואַלטער
און טעכניקער, פֿון די נייַע אַנאָנימע געזעלשאַפֿטן. די פֿאָרמען און
מעטאָדן פֿון דער עקספּלואַטאַציע בייַטן זיך. אַ טיפֿע ענדערונג
קומט פֿאָר אינעם פּאַטערלאַנד פֿון דער „קאַאַ". דער אייבערשטער
פּאַראַנאַ, וואָס קוקט זיך צו מיט זאָרג צו די אַלע געשעענישן, וואָס
גייען אים פֿאַרבייַ, קוקט זיך איצט צו צום טריומפֿאַלן אַרייַנמאַרש
פֿון דער קולטיווירטער זשערבאַ-מאַטע. בלויז די לאַגע פֿונעם מענסו
ענדערט זיך ניט. עמעס, די זאַוואָדן זייַנען איצט פֿעסטע, מען דאַרף
שוין איצט ניט אומגיין שנייַדן, „טאַרעפֿירן", פֿון איין אָרט צום
צווייטן. דאָס ברוטאַלע שמייַסן, דאָס גוואַלדזאַמע אָפּזאָגן פֿון דער
אַרבעט, איז שוין ניט אַזוי גרינג ווי אין דער ווילדעניש, די אויס-
באַהאַלטערן פֿון די סוידעס. נאָר די אונטערנעמונגען צאָלן נאָך אַלץ
ביז גאָר מאָגערע לוינען, נוצן נאָך דעם „וואַלע" (געצאָלט מיט קוויט-
לעך) און דאָס געצוווּנגענע קויפֿן אין זייער קראָם אַף ווילקיר-פּרייַזן:
זיי זייַנען די הערשער איבער די לעבנס און איבער די מאָגנס. יע-
דער טראָט פֿונעם מענסו איז צו זיי אונטערגעוואָרפֿן. אַפֿילע געלט
אייגנס לאָזן זיי אַרויס... דאָס לייַב-אייגנטום, הייסט עס, פֿאַר-
שווינדט ניט, עס מאָדערניזירט זיך בלויז. איבער דעם גלאָר פֿון
דער גרענעצלאָזער רייַכקייט אַפֿן אייבערשטן פּאַראַנאַ, פֿויזעט נאָך
אַלץ אום דער מענטשן-מאַטעריאַל אַן אָרעמער, אַ קראַנקער און אַן
אונטערדריקטער. נאָר דערמיט וואָס די נייַע באַדינגונגען דערנענ-
טערן צווישן זיך פֿיזיש די מאַסן באַטראַקעס און וואַרפֿן זיי אונ-
טער דער איין און דער זעלביקער עקספּלואַטאַציע, אַרבעטן זיי לע-
טויוועס זייער פֿאַראייניקונג און אָרגאַניזירונג. און שוין בעיים די

גרויסע שטרײַקן פון 18טן, 19טן און 28טן יאָר און ווײַטער, האָט דער אויסגעבראָכענער צאָרן פון די אַרבעטער דערשיטערט די נײַע שקלאַפן-האַלטער און האָט זיי צו וויסן געגעבן, אַז אויך פאַר דער הערשאַפט פון די באַלעבאַטים הייבט זיך אָן אַ נײַע צײַט. אַף דעם אַש פונעם אַמאָליקן מענטש, פון דעם טרײַבער, הייבט אָן אויפקו־מען דער אָרגאַניזירטער באַטראַק, וואָס איז באַוווּסטזיניק אַף זײַן צוקונפט. זײַן דערנער־וועג מוז אַף ווײַטער האָבן פאַר זיך אַ שײַן: די שײַן פון אָט דעם באַשיידענעם ראַנטשאָ, דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין...

און דער פינצטערער זשערבאַ־שטראָם, וואָס שנײַדט זיך דורך יאָרן און יאָרן און דורך דער אויפגעטרייסלטער צײַט, וואָס מיר לעבן איצט איבער, ציט זיך דערווײַל ווײַטער איבער דער דאָרעם־אַמעריקאַנישער לאַנדשאַפט, פאַרפלייצט די שטעט און די דערפער, מונטערט און גיסט אַרײַן נײַעם, ווען אַפילו פאַרגעגנגלעכן קוויעך אין מיליאָנען דערשעפטע מענטשן. נאָר גאָר ווייניק זייערע זעען, אַז אָט די גרינע פליסיקייט, וואָס אירע בלעזלעך שוימען אַריבער די מאַטע, טראָגט אין זיך די שרעקלעכע טראַגעדיע פון די אַרבע־טער, פאַרמישפּעטע און אײַנגעשמידטע, דאָרט אינעם ווונדערלעכן פאָטערלאַנד פון דער זשערבאַ, צווישן דעם היציקן געפלוידער פון דער רויטער ערד און לענגאויס יענעם אַנדערן שטראָם, דעם קריש־טאָלענעם ריינעם טײַך, דעם אייבערשטן פאַראַנאַ, וואָס וויים אַלץ, פונקט ווי די ווילדעניש, וויים און שווײַגט און וואַרט.

# אין גאַלאָפּ אַפֿן טײַך

## 3

„עמעצער שיט מיט טויבן
איבער דער שרעק פֿון דער רויטער ערד".
כואַן ע. אַקוניאַ.

...די שטראַלן פֿון אָט דער נאָך צו יונגער זון, וואָס לעקט פֿויל די לאַנדשאַפֿט און באַלײַכט דעם וואַסער־דיסק מיט איר נאַסן קוש. דער פּליט דרייט זיך נאָך, נאָר זייער פּאַמעלעך, מיט געמאָסטענער פּאַמעלעכדיקייט, מיט גוירלדיקן דויער. ער האַלט זיך צו מיזרעך מיט זײַן ברייטער זײַט, דערנאָך מיט דער זײַט וואָס האָט באַקומען די שטאַרקסטע שמיץ און עס הענגען נאָך דאָרט די עקן גראָזן־שטריק; דער אײַנגעבראָכענער טשערעט, באַלד מיט דער זײַט ווו עס זעען זיך דעם אײַנגעשלאָפֿענעם מענטשנס באָרוועסע פֿיס. צום סאָף מיט דער פֿערטער זײַט און ווידער מיט דער ברייטער זײַט צו דער זון, וואָס האָט שוין איצט אַ ברייטן קײַלעכדיקן פּאָנעם פֿון אַן אויסגעשפּילטן שיקער. דער פּליט, דוכט זיך, טאַפּט די טירן, זוכט אַן אַרויסגאַנג פֿון דעם שטיי־וואַסער און זוכנדיק מאַכט ער דורך דעם גאַנצן קרײַז ביז ער קומט צום פֿריִערדיקן אָרט, קעדיי אָפּסנײַ אָנצוהייבן, און עס באַגלייטן אים דערבײַ עטלעכע פֿוילע מאַראַנצן און אַ שיר בלעטלעך פֿון פֿאַרשיידענער גרויס און פֿאָרעם, ברייטע, שמאָלע, קײַלעכדיקע, שפּיציקע, גערונצלטע און מיט געציינדלטע ראַנדן, נאָר אַלע אינאיינעם, אין ענגער כאַוורוסע מיט אָפּפאַל, מיט מיסט און קויטיקן וואַסער, ווי זיי וואָלטן פֿון אָנהייב אָן זײַן איינס און ווי זיי וואָלטן אַלע זײַן פֿון דער זעלביקער פֿלאַנץ, און די אַלע זאַכן, וואָס דער טײַך

האָט אַרײַנגעוואָרפֿן אינעם שטײַ־וואַסער קעדיי אַליין צו פֿאַרבלײַבן באַ זײַן קרישטאָלענער ריינקייט, און דאָס האַלב־שוואַרצע און האַלב־אָפּגעברענטע שטיק האָלץ, די מאַראַנצן און די בלעטער, דרייען זיך ווי זיי זאָלן אויספֿאָלגן איין אײנציקן שטענגל, אינאיינעם מיט דעם פֿליט, וואָס שטעלט אַף אַ רעגע ניט אָפּ זײַן שפּאַציר איבער דעם פֿאַרשטיינערטן שפּיגל. און די שאָטן גייען זיך און דער לאַנגווײַליקער טאַנץ הערט ניט אויף און גייט זיך זײַן וועג ניט געאײַלט איבערן אַלץ ברייטערן און ליכטיקערן הימל, וואָס גיסט זײַן שײַן עמערווײַז איבער דעם שלאָפֿנדיקן און דערשעפּטן מענטשן, וואָס גיט זיך איבער מיט זײַן שלאָף און מיט זײַן אינסטינקט וואָס ווײַטער אַלץ זיכערער דעם פֿולשטענדיקן אומקום, דעם טויט.

צו מיטאָג ווערט אָט די מוסטערהאַפֿטע רו געבראָכן. דער מענטש עפֿנט פּלוצים די אויגן און באַגרײַפֿט וואָס אַרום אים טוט זיך. דעם גוף פֿילט ער נאָך אַ צעמאָלענעם, נאָר ער קען שוין פּראַווען מיט אים, ווי אין מעשעך פֿון די אַכט אָדער צען שאָ פֿעסטן שלאָף, וואָלט ער יעדן אייווער, יעדן נערוו, יעדן ביין און יעדן מוסקול אײַנגעפּראַוועט אַף זײַן ריכטיקן אָרט. און אַלץ איז ווונדערלעך וואָר און אַנשטאָט צו זײַן דערטרונקען און אַף צווייען צעבראָכן, זעט ער זײַנע שענקלען און זײַן הינטן פֿעסט זיצן אַף די טשערעטן, און דער פֿליט איז דער זעלביקער, וואָס ער אַליין האָט אים ערשט יענע נאַכט געמאַכט, און די דורכגענעצטע טשערעטן, וואָס די זון טריקנט זיי איצט מיט אַ מאָדנעם שטילינקן קנאַקן, זײַנען די זעלביקע וואָס ער האָט מיט די אייגענע הענט אָנגעשניטן, מיט זײַנע גראָבע ברוינע סענקעוואַטע און קלעצלדיקע פֿינגער, גראָבע און צעקאַרבטע און פֿול מיט ווונדן, מיט פֿאַרטריקנט בלוט. און מיטאַמאָל ווערט ער פֿאַרפֿלייצט מיט אַ שטורמישער פֿרייד וואָס ער לעבט נאָך און איז קענטיק אַ געראַטעוועטער, און אַלץ, דוכט זיך אים, איז איבעראַשנדיק היימיש און פֿרײַנטלעך ווי זײַנע האָרעפּאַשנע הענט מיט די פּלאַטשיקע ערד־שוואַרצע נעגל, ווי דער וואַלד האָר אַף זײַן נאַקעטער ברוסט און ווי די גרויסע פֿעסטע פֿיס ווי די שיפֿלעך, וואָס שטעקן אים דאָרט אַרויס איבערן פֿליט, מיט די צעשלאָגענע פֿינגער, פֿון די פֿיש צעביסענע; אַלץ איז אים היימיש באַקאַנט ווי אָט די פֿאַרווײַלנדיקע און עטוואָס קאָפּשווינדלדיקע שפּיל פֿון דעם טײַך־ברעג, וואָס ענדערט זיך מיט דעם אומאויפֿהערלעכן געדריי פֿונעם פֿליט אינעם שטילן וואַסער־קרײַז און... נאָר ניין, עפּעס איז דאָ אַנדערש: דער טײַך. אָט דער פֿלאַכער און אײַנגעשלאָפֿענער טײַך, אָט דער שטילער וואַסער־אָקס, וואָס וויל זיך דורכרײַסן אַן אומבאַמערקטער מיט זײַן ניט דרײַסטן געוויג צווישן די ברעגעס, איז ניט דער וואָס ער האָט אים געזען אַ שווינדלדיק־שנעלן און ברוטאַלן ערשט

מיט עטלעכע שאָ פֿריִער, דאָס איז ניט די בייזע צויג, וואָס האָט אים געגריזשעט מיט אירע געלע ציין אין מעשעך פֿון מינוטן, וואָס האָבן די ווערט געהאַט יאָרן, און ניט דאָס ווילדע דריידל, וואָס האָט אים אַרײַנגעצויגן ווי אַן אָפּגעריסענעם עלנטן בלאַט אין דעם געשלאָסענעם וואַסער־וועג. ניין, ער גלייבט אים שוין ניט, אָט דעם וואָס איצט זעט ער אים ווי אַ גלאַנציקן בוימלדיקן גלעט אַף דער באַק, און קען אים שוין אויך ניט גלייבן. מעג ער איצט ווי שטיל און גוטמוטיק זײַן מיט זײַן פֿרידלעכן גאַנג איבער די ראַכוועסדיקע פּלאַכטעס, מיט זײַן פֿריידיקן געאײַל איבער די שנעל־שטראָמען אָדער מיט זײַן שלײַמיקער זאַנפֿטיקייט בעיס ער לעקט די נאָענטע ברעגעס, וועט ער שוין קיינמאָל קיין צוטרוי ניט האָבן צו זײַנע שטענדיק אָפֿענע אָרעמס. געזען האָט ער זײַן שטורמישן פּאָנעם און זײַן בלענדיקן מויל אינעם ווילדן געווירבל. ער געדענקט ווי ער האָט פּלוצים זײַן שטיינערנעם טהאָם צעעפֿנט אים אַרײַנצונעמען אין זײַנע פֿינצטערע אָרעמס. ערשט איצט באַנעמט ער וואָס אַזוינס עס שטעלט מיט זיך פֿאָר דער טײַך. ער וועט אים שוין מער ניט גענאַרן.

און דעמאָלט גיט ער אַ טראַכט וועגן אַרויסקומען פֿון דעם וואַסער־קרײַז און איבעראַשט איז ער ווען ער זעט אַז דאָס קומט אים אָן זייער גרינג און ער לאָזט זיך שווימען צום קאַנאַל, ביז אַ העפּטיקער שטראָם וואַסער נעמט אים אויף און גיט אַ שנעלן צי די טשערעטן אַראָפּ מיטן שטראָם. פֿון אָנהייב איז אים שווער אָנצוהאַלטן די גלײַכגעוויכט, נאָר באַלד שטייט ער שוין אַפֿן פּליט, וואָס טראָגט זיך שנעל צווישן די גרינע ברעגעס, און ערשט דעמאָלט קוקט ער זיך אַרום אַז ער איז אינגאַנצן אַ נאַקעטער, מאַכמעס זײַן אָנטאָן האָט דאָס וואַסער פֿאַרשלעפּט אינעם בייזן געווירבל און די גאַטקעס זײַנען זיך ווי שטיקלעך פּאַפּיר צעפֿאַלן און זײַנען פֿון אים אַראָפּגעפֿאַלן בעיס ער האָט זיך געראַנגלט מיט דעם סוינע־וואַסער. טומלדיקער שוים באַשפּריצט זײַן אָפֿענעם פּאָנעם, זײַנע דיקע קני ווי די וואָרצלען, זײַנע בראָנדזענע טעסטיקלען, געוואַשענע מיט דעם שוואַרצן צערטל, וואָס איז ווי אַ וואַלד אַרויסגעוואַקסן פֿון זײַנע דיכן, די שעפּע האָר פֿון זײַן באָרד, וואָס איז אים דוכט זיך שנעלער ווי ווען עס איז געוואַקסן אין די לעצטע שאָען, די האַרט־געוואָרענע ליפּן, וואָס צעעפֿענען זיך איצט מיט אַ ברייטן שמייכל, ווי דעם גאַנצן צעהעלטן האָריזאָנט אַרומצונעמען. ער האָט ניט געמערקט ווי דאָס איז פֿאָרגעקומען, נאָר מיט־אַמאָל האָט פֿון ערגעץ אַ הייל באַ אים אינעווייניק זיך אַ ריס געטאָן, זײַן הילכיקן ברוסט־זאַל פֿאַרכאַפּט, פֿלינק צום האַלדז זיך אַ הייב געטאָן און אויסגעפּלאַצט האָט ברייט אַ פֿריידיקער געשריי, וואָס מאַכט אַן אומגעהײַערן אָנשטרענג אַ וועג זיך צו עפֿענען דורך דעם מויל מיט

די ברייטע ליפּן אַף דרויסן זיך אַרויסצוריַיסן, צו דער גרענעצלאָזער טאָג־שיַין. אַ רויכערדיקער געשריי איז דאָס געווען, מיט פליגל, ווי צען מענטשן מיטאַמאָל וואָלטן אים פון זיך אַרויסגעפּראַלט, ווי ער וואָלט אים נאָך פון יינגלוויַיז געכאָוועט געדיכטע כאַדאָשים און יאָרן לאַנג אין זיַין האַרטנעקיקער געשטאַלט פון אַ שוויַיגער; ווי ער וואָלט אים גענערט מיט זיַין שוויַיגן קעדיי אים אַרויסצוברענגען ווען די ציַיט וועט קומען:

— פּי... פּי... פּיו... כו־כו־ו־ו!!!

ער לאָזט איבער הינטער זיך סאַנטאַ קרוסעס גרימאַסע און פּראָטאָסעס רעשטן און די געפּיַיניקטע ווילדע זשערבאַ־וועלדער; הינטער זיך לאָזט ער איבער די שרעק פון דעם וואַסער־געווירבל און דאָס קנאַלן פון דער ביַיטש אַף די נאַסע רוקנס און דאָס אַנאָנימע פּעקל מיט דעם קינד, וואָס האָט ניט דערלעבט צו ווערן זיַינס; און דעם ווילדן גיעג אַף מענטשן און אַמעליעס טרוקענעם הוסט. הינטער אים בליַיבט ניט וויניקער ווי אַן עפּאָכע און ער לאָזט זיך׳שנעל גיין צו אַ צווייטער, אַ געפּירטער פון די שוואַכע טשערעטן. ער לאָזט זיך אַוועק צו די קולטיווירטע זשערבאַ־פעלדער און צום פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, אַהין ווו מענטשן ווערן אויך עקס־פּלואַטירט, נאָר זיי קעמפן פאַראייניקטע צו שיצן זייער ווערדע, און דאָרט איז זיכער פאַר אים אַן אָרט פאַרגרייט, וואָרעם ער איז גרייט דאָרט אַ ברייטן פוס אַוועקשטעלן, ווי אומעטום. ווי אַ פינצטערער זעץ מיט דעם שטריק, ווי אַ שלאָג פון דעם ווינט, שווימט ער איצט איבער די פריַינט־לעכע שנעל־שטראָמען פונעם פאַראַנאַ, אַף די פיס שטעיינדיק און אַ נאַ־קעטער, אינגאַנצן אַ באַלויכטענער מיט דער העפטיקער מיטנטאָגיקער זון.

— פּי... פּי... פּיו... כו־ו־ו־ו!!!

זיַין ווילדער אויסגעשריי צעטרייסלט ביז די וואָרצלען די ביימער באַם ברעג, שלאָגט זיך אָן אָן די פעלדזן און וואַנדערט אום איבערן אָפּע־נעם הימל, וואָס גיסט שטראָמען שיַין אַף דעם איבערגעפולטן מענטש. מיט צעשטעלטע פיס אַף די דינע טשערעטן מאַכט ראַמאָן זיַין נעסיִע וויַיטער אַראָפּ דעם וואַסער, מיט אַן עפּאָכע הינטער זיך, דער צווייטער אַנטקעגן. נאָר ער וייס דאָס ניט. אומקלאָר איז נאָך זיַין געפיל פון ניצאָכן איבער די פאַסטקעס פון דעם מענטשן און פון דער נאַטור, און ער שפּירט בלויז אַ גוואַלדיקע פרייד, וואָס קען זיך נאָר אויסדריקן מיט דעם ניצאָכן־געשריי פון אַ וואַלד־העקער אין אָנבליק פון דעם איַינגעוואַלגערטן בוים:

— פּי... פּי... פּיו... כו־ו־ו־ו!!!

דער קאַנאַל איז אַ געשלענגלטער און אָפּט קומט ער צו נאָענט צום ברעג. דרײַ װײַבער װעשנס הייבן אויף די קעפּ און צעלאַכן זיך פֿון דעם אומגעװײנלעכן ספּעקטאַקל. זיי זעען בלויז אַ נאַקעטן און קאָמישן מענטש, װאָס שרײַט װי אַ װילדער אין דער שטילער מיטנטאָגיקער רו. נאָר ער הערט זיי ניט און װען זיי װילן נאָכאַמאָל אַ קוק טאָן אַף אים, איז ער שוין פֿאַרשװוּנדן פֿון זייערע אויגן אַהין װוּ דער טײַך פֿאַרקי־רעװעט זיך, אַראָפּ דעם װאַסער, און װי אַ שפּור בלויז איבערגעלאָזט נאָך זיך זײַן ניצאָכן־געשריי.

## דערשינענע ביכער אין




### מיגעל דע סערוואנטעס סאאוועדרא

# דאָן קיכאָט

### איבערזעצט פון פיניע קאַץ

מיטן דערשײַנען פון „דאָן קיכאָט" אין פאַרלאַג „איקוף". באַקומט דער ייִדיש־לייענער צום ערשטן מאָל א פולע און פולשטענדיקע איבערזעצונג פון סערוואַנטעסעס מײַסטער־ווערק, וועלכעס האָט אים פאַראייביקט אין דער אוניווערסאַלער ליטעראַטור. פיניע קאַץ, דער איבערזעצער פון דעם בוך, איז אַרײַנגעדרונגען אין די קאַסטילישע טיפענישן פון אָריגינאַל א באַוואָפנטער מיט לינגוויסטישן קליי־זאַין פון דער בעסטער ייִדישער מאַרקע און א געלאַסענער און געדולדיקער איז ער געגאַנגען פון איין אַלט־שפּאַנישן וואָרט צום צווייטן ביז ער האָט זיי מענאַצייעד געווען אַזוי, אַז ניט פאַרלירנדיק קיין איינעם פון זײַנע קוואַליטעטן, לייענט זיך דאָס בוך אין ייִדיש אַזוי פרײַ ווי אין שפּאַניש.

---

## מ. אילין

# בערג און מענטשן

### איבערזעצט פון מ. וואָלאַנסקי

אין „בערג און מענטשן" באַהאַנדלט מ. אילין א ריי וויסנשאַפטלעכע פּראָבלעמען, וואָס פאַר דעם דורכשניטלעכן מענטשן זײַנען זיי פרעמד און אומפאַרשטענדלעך, און מיט זײַן פּאָפּולערן קינסטלערישן סטיל און פּאַשעטער שפּראַך מאַכט אילין די דאָזיקע פּראָבלעמען צוגענגלעך און פאַרשטענדלעך. מ. וואָלאַנסקי, דער איבערזעצער, איז א סטיל־מײַסטער און דערפאַר האָט דער לייענער דעם אײַנדרוק, אַז ער לייענט ניט קיין איבערזעצונג, נאָר אַן אָריגינעל גוט אויפגעבויט ווערק.

## צאלעל בליך

# טרוימען אנגעטאן אין שטאל

### קווערשניטן

„טרוימען אנגעטאן אין שטאל" איז א סעריע ליטעראַרישע און געזעלשאפטלעכע געשטאלטן געזען מיט די אויגן פון א דיכטער, וואס באנעמט אונדזער וועלט אין דער פריזמע פון דעם קאמף, וואס האמערט אויס א נײַ ייִדיש לעבן אין גוואל פון א נײַ מענטשלעך לעבן. דאס איז דער עקספּרעסיאניסטישער אימאזש, וואס שטייט אין דינסט פון דער געזעלשאפטלעכער און ליטעראטור־קריטיק און פארוואנדלט זי אין דיכטונג; א דיכטונג אין וועלכער עס הערט זיך דער שטאל־געקלאנג פון קאמף.

## י. ל. פּערעץ

# געקליבענע ווערק

פײַערנדיק דעם הונדערטסטן געבוירנטאג פון דעם גרויסן ייִצכאק־לייבוש פּערעץ, האט דער ספּעציעלער יוביל־קאמיטעט באם איקוף צונויפגעזאמלט אין איין 500זײַטנדיקן באנד די שענסטע פּערל פון פּערעצעס פּילז־טיקער ליטעראַרישער שאפונג, אין וועלכער עס קומען צום אויסדרוק זײַן געשליפן און הארמאניש ווארט און זײַנע ליכטיקע טרוימען וועגן א גערעכטער וועלט פון שאלעם, פון א געזונט הארעפּאשנע לעבן אין שיינקייט און דערהויבנקייט. דאס ארויסגעגעבענע בוך, מיט א פארווארט פון פּ. קאץ, איז נאך א בײַטראג פון פארלאג „איקוף" צו דער פּאפּולאריזירונג פון די ייִדישע קלאסיקער.

## אווראם ביק

# ווארט און צײַט

צווישן דעם נײַעם דאר שרײַבער און ליטעראטור־קענער טיילט זיך אויס דער יונגער אווראם ביק מיט זײַן אויסערגעוויינלעכער באגאבטקייט און פּילזײַטיקן וויסן. ער איז איינער פון די, וואס האבן אויפגענומען און דערשאצט דאס נײַע, וואס אונדזער צײַט האט צוגעטראגן צום אומענדלעכן קוואל פון מענטשלעכער שטרעבונג צו אלץ העכערער דערהויבונג. זײַנע פּרעכטיקע קריטישע אפּהאנדלונגען וועגן ליטעראטור־פּראבלעמען, שרײַבער און ווערק זײַנען אי באלערנדיק אי זיי פארשאפן א גײַסטיקן גענוס.

### י. פּאַליקמאַן

## די שײַן קומט פֿון מיזרעד

צווישן דער נאָכמילכאָמעדיקער ייִדישער ליטעראַטור איז ניטאָ נאָך אַזאַ ראָמאַן וועלכער זאָל אַזוי ערלעך און אַלזײַטיק שילדערן און אָפּשפּיגלען דעם טראַגיש־העראָישן פּעריאָד פֿון דער נאַצישער אָקופּאַציע אין פּוילן, פֿון ייִדישער מאַסן־פֿאַרניכטונג און העלדישן ווידערשטאַנד־קאַמף, ווי דאָס האָט געטאָן י. פּאַליקמאַן אין „די שײַן קומט פֿון מיזרעד", אַ בוך וואָס איז ווערט פֿאַררעכנט צו ווערן אַלס איינס פֿון די בעסטע ווערק פֿון דער אוניווערסאַלער נאָכמילכאָמע־ליטעראַטור.

### באָריס פּאָלעוואָי

## די געשיכטע פֿון אַן עכטן מענטשן

### ייִדיש: צאַלעל בליך

מיטן צוטראָגן דעם לייענער באָריס פּאָלעוואָיס געשיכטע פֿון דעם באַרימטן סאָוועטישן אַוויאַטאָר אַלעקסיי מערעסיעוו, רומפֿולער העלד פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד, האָט דער „איקוף"־פֿאַרלאַג אײַנגעגלידערט אין דער ייִדישער שײנער ליטעראַטור איינס פֿון די פּרעכטיקסטע שאַפֿונגען פֿון דעם גרויסן סאָוועטישן שרײַבער, אין וועלכער עס ווערן מיט אַזויפֿיל קראַפֿט און מײַסטערשאַפֿט אַרויסגעבראַכט די העלדן, וואָס האָבן מיט זייער בײַשפּיל געמוטיקט דעם באַפֿרײַונגס־קאַמף פֿון די פֿעלקער קעגן דער נאַציפֿאַשיסטישער בעסטיע.

### אַרן מאַרגאָלין

## פֿון מײַן צווייטן היימלאַנד

אַרן מאַרגאָלין האָט זיך באַקאַנט געמאַכט אין דער ייִדיש־אַרגענטינער ליטעראַטור פֿון די 20ער—30ער יאָרן מיט זײַנע פּילצאָליקע דערציילונגען פֿונעם אַרגענטינער לעבן און קאַמף. טייל פֿון די דערציילונגען האָט ער פֿאַרעפֿנטלעכט אין יאָר 1929 אונטערן נאָמען „צווישן רעדער". „פֿון מײַן צווייטן היימלאַנד" איז נאָך אַן אויסדרוק פֿון אָט דער ליטעראַרישער שעפֿערישקייט פֿון כאַווער מאַרגאָלין.

## שנייער וואַסערמאַן

# ליד און לעבן

ריַיד און פילפאַרביק איז שנייער וואַסערמאַן, דער פּאָפּולערער קינדער־דיכטער, אין זײַנע לידער פאַר דערוואַקסענע, וואָס עס אַנטהאַלט זײַן לעצט בוך „ליד און לעבן", אין וועלכן ער זינגט אויס זײַן געמיט פון אַ מענטשן, וואָס פאַרבינדט אָרגאַניש די פּאָעזיע מיטן טאָג־טעגלעכן לעבן. ש. וואַסערמאַן האָט זיך ניט אָפּגעריסן פון זײַנע „וואָרצלען" און, צוזאַמען מיט „בענקשאַפט", פילט ער אויך דאָס וואָס איז „אונדזער דאָר באַשערט".

## אַלבערטאָ גערשונאָוו

# ייִדן גאַוטשן

### ייִדיש : פּיניע קאַץ

מיט „ייִדן גאַוטשן" אין דער איבערזעצונג פון פּ. קאַץ, האָט די ייִדי־שע ליטעראַטור צוריקדערוואָרבן פאַר זיך איינע פון די גרעסטע מײַסטער־ווערק פונעם ייִדישן לעבן וואָס זײַנען געשריבן געוואָרן אין אַ צווייטער שפּראַך. און ניט נאָר ווערט זי באַרײַכערט מיט אַ נײַעם טיפּ ייִד־גאַוטש, וואָס איז אויס־געוואַקסן אַף אַרגענטינער באָדן, נאָר צוזאַמען מיט אים זאַפּט זי אײַן די זאַפּ־טיקייט פון דער ערד מיט וועלכער ער האָט זיך באַהאָפטן, וואָס עס גיט צו דעם בוך אַ באַזונדערן ווערט.

## יאַנוש קאָרטשאַק

# ווען איך וועל ווידער זײַן קליין

### איבערזעצט כ. בראַקאַרזש

דער באַרימטער לערער און פּעדאַגאָג יאַנוש קאָרטשאַק, וואָס איז אומ־געקומען ווי אַ מאַרטירער אין וואַרשעווער געטאָ, האָט אונדז צוויישן זײַן גרוי־סער ליטעראַרישער ירושה איבערגעלאָזט אָט דאָס מערקווירדיק טיף־פּסיכאָלאָ־גיש און דערציִעריש בוך, וואָס דערשײַנט צום ערשטן מאָל אין אַ ייִדישער אי־בערזעצונג אין פאַרלאַג „איקוף". דאָס איז אַ וויכטיק בוך, וואָס אינטערעסירט אין דער זעלבער מאָס לערער, שול־טוער און עלטערן, וועמען עס רעגט אָן זיך צו פאַרטראַכטן אַרום די פּילפאַכע פּראָבלעמען פון וועלטלעכער און פּראָגרעסי־ווער דערציִונג.

